עפטאן סינקלער

# דאס בוך פון לעבן

יידיש: י. ראפאפארט

## פֿאַרוואָס האָב איך אָנגעשריבן דאָסדאָזיקע בוך

כ׳בין אַלט 42 יאָר. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז נאָך גאָר קיין סך נישט, אָבער פֿונדעסטוועגן איז דאָס שוין גענוג געווען, איך זאָל מאַכן אין מיין לעבן אַ סך פֿעלערן און אַרויספֿירן פֿון זיי די נויטיקע מוסר-השכּלס. כ׳זע, אַז אַ סך מאַכן דיזעלבע פֿעלערן, וועלכע אויך איך האָב אַמאָל געמאַכט, זיי טוען דאָס דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן נישט די נויטיקע דערפֿאַרונג און זיי ליידן פֿון זייער אוממעגלעכקייט זיי אויסצומיידן. איז אָט, גיב איך זיי אין מיין ביכל מיין גאַנצע לעבנס-דערפֿאַרונג.

יאָר-יערלעך באַקום איך טויזנטער בריוו, אָפּטמאָל פֿון אויסטערלישסטן אינהאַלט. אַ מענטש איז קראַנק אויף קרעבס און פֿרעגט אָן, צי מ׳קען אים אויסהיילן מיט הונגער. אַ צווייטן דאַרף איך אָן עצה געבן, צי לוינט צו האַלטן די אָפּגעשפּאָרטע געלט אין אַקציעס פֿון דער בערגווערק-אינדוסטרי. אַ דריטער אַרבעטער — ער האָט זייער ווינציק פֿרייע צייט — פֿרעגט אָן, וואָס זאָל ער לייענען? אַ פֿערטער שרייבט, אַז זיין ווייב איז אומגליקלעך, ווי אַזוי דאַרף מען זיך באַגיין מיט פֿרויען? און דידאָזיקע אומצייליקע פֿראַגעס זאָגן עדות אויף דעם, אַז אַ גרויסע מאַסע ערנסטע, נאָך גליק הונגעריקע מענטשן בלאָנדזשעט אַרום אין לעבן, ווי אין אַ נעפּל. נישט די שולע, נישט די צייטונגען, נישט די רעליגיע לערנען אונז נישט קיין אמת-נויטווענדיקע זאַכן. פֿון דידאָזיקע דריי אינסטיטוטן איז דער ערשטער נישט קאָמפּעטענט, דער צווייטער — נישט ערלעך, און דער דריטער איז נישט צוגעפּאַסט צום גייסט פֿון דער צייט. ס׳איז אויך נישטאָ אַזאַ בוך, וואָס זאָל זיך באַמיען געבן אַ מיטל-אַנטוויקלטן מענטשן די נויטיקע עצות, וועלכע זענען אים נויטיק פֿאַר אַ גליקלעך לעבן...

ניין יאָר פֿון מיין לעבן האָב איך פֿאַרבראַכט אין פֿאַר-

שיידענע שולעס, כ׳בין דערצויגן געוואָרן אין רעליגיעזן גייסט. דעריבער בין איך באַקאַנט מיט די רעליגיעזע לערעס און כ׳האָב געגעבן אַ געלעגנהייט די קליגסטע מענטשן פון דער וועלט מיר איבערצוגעבן דאָס, וואָס זיי וויסן אַליין. ווען זייער חכמה האָט מיך אַנטוישט, בין איך אַוועק צו די נישט אָנערקענטע לערערס, ענטוזיאַסטן, „נאַראָנים״ פון אַ סך הונדערטער שולעס. ענדלעך האָב איך אָנגעהויבן זעלבשטענדיק צו דענקען און אַפילו געפרווט מאַכן פאַרשיידענע עקספּערימענטן אויף זיך אַליין. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך האָב געפונען עפּעס אַזוינס, וואָס איך קען, אמת, נישט אָנרופן קיין „אַבסאָלוטער אמת״, אָבער עס שטעלט פאָר מיט זיך איר עסקיז אָדער קאָנטור, וואָס האָט אַ פּראַקטישן ווערט אין טאָג-טעגלעכן לעבן. כ׳האָב צו אייך, לייענער, אַזויפיל צוטרוי, אַז כ׳הויב אָן פון דער שווערסטער טייל — פון די גרויסע עיקרדיקע פּראַגעס. וואָס איז אַזוינס דאָס לעבן? ווי אַזוי אַנטשטייט עס? וואָס באַטייט עס און וואָס דאַרפן מיר טאָן מיט אים? זענען מיר זיינע האַרן אָדער קנעכט? וואָס איז עס אונז שולדיק און וואָס זענען מיר אים שולדיק? פאַרוואָס איז עס אַזוי שטרענג און פאַרוואָס מוזן מיר פאַרטראָגן זיין שטרענגקייט? צי קענען מיר עפּעס וויסן וועגן אים אָדער מיר מוזן זיך בלויז אָנשטויסן? צי קענען מיר פּרווון טראַכטן וועגן אים, אָדער ס׳איז אפשר בעסער דאָס נישט צו טאָן? צי וועלן מיר באַשטראָפט ווערן, אויב מיר טראַכטן וועגן אים פאַלש, און וועלכע שטראָף דראָט אונז? צי וועלן מיר באַלוינט ווערן, אויב מיר טראַכטן ריכטיק וועגן אים, און צי איז דער לוין ווערט די מי?

אויף דידאָזיקע און אויך אַנדערע פּראַגעס וויל איך וואָס פּשוטער ענטפערן. כ׳וואָלט זייער גערן אויסגעמיטן אַלע לאַנגע, לאַנגזילביקע ווערטער, ס׳זענען אָבער דאָ זאַכן, וועגן וועלכע מ׳קען רעדן בלויז מיט אַזעלכע ווערטער. איר דאַרפט זיך אָבער נישט איבערשרעקן פאַר דער מי, וועלכע עס פאָדערט די דורכשטודירונג פון די וועלט-פּראַגעס, ווייל דאָס לעבן איז דאָך עפּעס אַנדערש, ווי אַן אַריטמעטישע אויפגאַבע, וועלכע אַ שילער לייזט אין גערדאַנק.

די איינהייט פון אָרגאַניזם. — די פעלערן פון דערנערונג. — די געזעצן פון דערנערונג. — די דערנערונגס־פּראָדוקטן און די גיפטן. — נאָך עטלעכע געדאַנקען וועגן געזונט. — אַרבעט און אָפּרו. — היילונג דורך הונגער. — די פאַרענדיקונג פון הונגער. — אויספיר.

I

## די איינהייט פון אָרגאַניזם

מ׳קען נישט באַטראַכטן דעם קערפּער אַלס עפּעס אָפּגעזונדערטס פון גייסט; אמת, ער איז נישט מער ווי אַ מעכאַניזם, אָבער אַ מעכאַניזם, וואָס האָט זיין אייגענעם מעכאַניקער. דער אויסגעצייכנטסטער מעכאַניזם קען האָבן אַ שכורן און אומפאַראַנטוואָרטלעכן מעכאַניקער — אין דאָזיקן פאַל דראָט דעם מעכאַניזם די סכנה קאַליע צו ווערן. אויב דער מעכאַניזם ווערט קאַליע, איז אָפּט שולדיק אין דעם דער מעכאַניקער; מיט אַנדערע ווערטער — מ׳דאַרף פאַרריכטן דעם גייסט, וואָס פירט אָן מיטן קערפּער.

אויב איר ווילט, אַז אייער קערפּער זאָל זיין געזונט און אויב איר ווילט וואָס לענגער אויפהאַלטן זיין געזונט, מוזט איר קודם כל לייזן די פאָלגנדיקע פּראָבלעם: וואָס ווילט איר מאַכן פון אייער לעבן? איר מוזט זיך שטעלן אַ ציל און זיך באַציען צו די לעבנס־אויפגאַבעס מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט

און ענערגיע. וואָס האָט עס פּאַר אַ זין צו רעדן וועגן געזונט אַ מענטשן, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שום עטישן לעבנס-ציל! ער וועט אָפּענטפערן — און, באמת, כ׳האָב דאָס געהערט פון איינעם אַ אַלקאָהאָליקער: „לאָזט מיך געמאַך. כ׳האָב דאָס רעכט גיין צום טייוול מיט מיין אייגענעם וועג״.

ריכטיק, ס׳איז דאָ אַ ברעקל אמת אויך אין פאַרקערטן: אַ קראַנקער מענטש וועט קיינמאָל נישט פאַרמאָגן קיין געזונטן גייסט. דאָס אַלץ דערמאָנט דעם אַלטן שפּאַס: וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פריער, די ערשטע הון אָדער דאָס ערשטע איי? דער גייסט און דער קערפּער זענען ענג פאַרבונדן צווישן זיך און אויב עס קומט אויס צו זאָרגן פאַר איינעם פון זיי, באַמערקט מען זייער גיך, אַז אויך דער צווייטער נויטיקט זיך אין נישט ווייניקער זאָרג. די מערהייט דאָקטוירים לייגט קיין אַכט נישט אויפן גייסט; פאַרקערט ווידער, די קריסטלעכע געלערנטע לאָזן אין אַ זייט דעם קערפּער צוליב רעליגיעזע מאָטיוון; זיי אַלע ווערן שטרענג באַשטראָפט דערפאַר.

כ׳קריטיקיר די הייננטצייטיקע מעדיצין אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל זי באַשרענקט זיך אויסשליסלעך מיטן קערפּער און ויינע פונקציעס און פאַרגעסט וועגן דער איינהייט פון גאַנצן אָרגאַניזם. פאַראַן ספּעציאַליסטן אויף מאָגנקראַנקהייטן, וועלכע רעדן וועגן מאָגן אַזוי, פּונקט ווי ער וואָלט פאָרגעשטעלט מיט זיך עפּעס לגמרי זעלבשטענדיקס. דערדאָזיקער ספּעציאַליסט וועט דערציילן, וואָס עס קומט פאָר אין מאָגן, פאַרגעסנדיק לגמרי וועגן דעם, אַז דער מאָגן איז פאַרבונדן מיט דער בלוט-צירקולאַציע, וואָס ווערט ווידער, פון איר זייט, קאָנטראָלירט דורך דער נערוון-סיסטעם, אין די נערוון-סיסטעם איז אונטערגעוואָרפן דער ווירקונג פון האָפנונג, גיריקייט, ליבע און די איבעריקע עלעמענטן פון גייסט. אַ טראָפּן צאָרן אָדער שרעק קען שאָדן ברענגען אייער מאָגן אויף אַזויפיל, אַז נישט פעפּסין, נישט די איבעריקע מיטלען פון אַ דאָקטאָר וועלן אים נישט קענען אויסהיילן אין משך פון אַ גאַנצער וואָך.

באַטירלעך, עס זענען מעגלעך ריין-אויסערלעכע באַשעדיקונגען. איר שניידט זיך איין אַ פינגער, — דאָס איז אַ לאָקאַלע באַשעדיקונג פון פינגער; אויב איר וועט נישט לייגן קיין אַכט

אויף אים, קענט איר באַקומען אַ בלוט-פאַרגיפטונג, און דאַן פילט איר, אַז דער גאַנצער מענטשלעכער קערפּער איז אַן אייני־הייטלעכער אָרגאַניזם און אַז אומאָפּהענגיק פון אייערע מעטאַ־פיזישע איבערצייגונגען — ווי אַזוי זיי זאָלן נישט אויסזען — קאָנטראָלירט אַמאָל דער קערפּער דעם גייסט און פירט אָן מיט אים.

עס ווערט געזאָגט: „דאָס בלוט איז דאָס לעבן"; ריכטיק, עס איז אי דער סימבאָל, אי דאָס געצייג פון איינהייטלעכן קערפּער.

ביי אַ נאָרמאַלן געזונט-צושטאַנד ווערן אַלע אומצייליקע קאָמפּליצירטע פונקציעס פון קערפּער איינגאַנצן אָנגעפירט דורך דער נערוון-סיסטעם. איר לייגט זיך שלאָפן און אייערע מוסקולן ווערן אָפּגעשוואַכט, די לעבנס-טעטיקייט ווערט איינגעשטילט, דאָס האַרץ קלאַפּט שוואַכער. ווען איר זיך אָבער איבערשרעקן און אויפשפּרינגען, וועט אייער לעבנס-טעטיקייט זיך פאַרשטאַרקן, דאָס האַרץ וועט אָנהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן, די בלוט-צירקולאַציע ווערט פאַרשנעלערט. איר לויפט און אייערע אַלע אברים אַרבעטן מיט דער גרעסטער אָנגעשפּאַנטקייט; ווען דאָס זאָל נישט זיין אַזוי, וואָלטן אייערע מוסקולן נישט באַקומען די נויטיקע ענערגיע, זיי וואָלטן אָפּגעסמט געוואָרן דורכן גיפט פון מידקייט און — שוואַך געוואָרן.

אַ קראַנקהייט קומט אויף ערשט דאַן, ווען דער בלוט-צירקולאַציע גיט זיך נישט איין אָדער באַקומען פאַר זיך די נויטיקע דער־נערונגס-עלעמענטן אָדער פאַרטיידיקן זיך און אירע הילפס-אָר־גאַנען פון אַ זייטיקער ווירקונג. ווען מיר ווערן קראַנק, רופן מיר אַ דאָקטאָר, און אויב ער געהער נישט צו די מאָדערנע פאָרגעשריטענע דאָקטוירים, שטעלט ער געוויינלעך דעם פאַלשן דיאַגנאָז, אַז די קראַנקהייט וואָרצלט טאַקע אין דעם אבר, וועלכער ליידט פון איר.

דידאָזיקע פּראָצעסן פון דער קראַנקהייט זענען שוין פון לאַנג באַקאַנט דער נאַטור און זי קען זיך אויסגעצייכנט פאַר־טיידיקן קעגן זיי. דעריבער דאַרפן מיר אויסגעפינען די סיבות פון דער קראַנקהייט און נישט בלויז באַקעמפן אירע סימפּטאָמען און היילן אַ קרעבס מיט אַ גאָרטשיצע.

עס עקזיסטירט אַן אַלטער לאַטײנישער שפּריכוואָרט: vis medicartis naturae, וואָס באַטײַט „די הײלקראַפט פון דער נאַטור”. שוין דאַן האָבן מענטשן געוווּסט, אַז וווּנדן הײלט נישט דער דאָקטאָר, נאָר די נאַטור. פון דאָזיקן װיסן איז אויפ־געקומען אַ סיסטעם פון הײלן מיט נאַטירלעכע מיטלען, וואָס אירע אָנהענגער דערגײען נישט צו קלענערע עקסטרעמען, ווי די „פילן־דאָקטוירים”, מיט וועלכע זײ פירן אַ קאַמף. כ'דערמאָן זיך וועגן אײנעם אַ מענטשן, וועלכער האָט מיר געגעבן מער וויסן וועגן געזונט, ווי כ'האָב אַרויסגעטראָגן פון אַלע היגיענע־ביכער, וואָס כ'האָב דורכגעלײענט. אײנמאָל האָבן מיר גע־שמועסט וועגן טיף, אויף וועלכן עס ווערן קראַנק געזונטע, קרעפטיקע מענטשן. ס'איז קלאָר, אַז דערדאָזיקער פאַקט איז געשטאַנען אין סתירה צו די טעאָריעס פון דער נאַטור־הײלונג, אָבער מײן פרײַנט האָט אויף דעם געענטפערט גאַנץ פּשוט: ער האָט פאַרזיכערט, אַז דער טיף, ווי אַלע אָנשטעקנדיקע קראַנק־הײטן, הענגט אָפּ פון צושטאַנד פון קערפּער; אויב דער מענטש־לעכער קערפּער איז נישט אָפּגעשוואַכט, וועלן זיך אין אים נישט אײַנלעבן קײן שום באַצילן.

„פונוואַנעט קענט איר זײַן אַזוי זיכער אין דעם”? — האָב איך אָפּגעפרעגט, „איר ווײסט דאָך, אַז ווען איר גײט אין אַ דזשונגל, זענט איר נישט פאַרזיכערט פון די ביסן פון עקדישן און שלאַנגען אָדער פון אַן איבערפאַל פון אַ טיגער. קײן זאַך אין דער נאַטור איז נישט באַשיצט פאַרן אָנפאַל פון אַ שונא. ווי אַזוי־זשע קענט איר פאַרזיכערן, אַז אונזער בלוט איז באַשיצט פון באַקטעריעס”?

און אויך דאָ, ווי כמעט אומעטום, איבערצײַגן מיר זיך, אַז דער אמת געפינט זיך אינדערמיט — צווישן די לערעס פון דער און יענער שולע. די מענטשהײט לעבט שוין אַ לאַנגע צײַט אין אַ באַשטימטער סביבה, און איר עקזיסטענץ באַווײַזט איר איבערהאַנט איבער דאָס אַרומיקע. די שוואַכע האָבן איר נישט געקענט שטעלן קײן ווידערשטאַנד, די פײַנטלעכע באַקטעריעס זע־נען אַרײַנגעדרונגען אין זײער בלוט און זײ אומגעבראַכט. די לעבנגעבליבענע האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצואַרבעטן אין זײער בלוט כּעסטע פערמענטן, וועלכע האָבן געהאָלפן די ווײַסע בלוט־

קייקעלעך אין זייער קאַמף קעגן די באַקטעריעס. אין רעזולטאַט
פון אונזער נצחון זענען אין אונזער בלוט פאַרבליבן דידאָזיקע
פערמענטן, וועלכע, אויב זיי פאַרזיכערן אונז נישט פון דער
קראַנקהייט, טאָ העלפן זיי אונז, לכל הפחות, זי אַריבערצוטראָגן.
יעדער קורס מיטן טראַמוויי באַזאָרגט אונז מיט אַלץ נייע טו־
בערקולאָז-באַצילן. ס'איז דערוויזן געוואָרן, אַז אין מויל-חלל
געפינען זיך באַקטעריעס פון די געוויינלעכע האַלז- און נאָז-
קראַנקהייטן — קאַטער און בראנכיט. וועלכע מיטלען מיר זאָלן
נישט אָננעמען — מיר זאָלן אפילו שווענקען יעדע מינוט די
האַלז — וועט זיך אונז נישט איינגעבן צו פאַרניכטן דידאָזיקע
באַקטעריעס. זיי פירן אַ כסדרדיקע מלחמה מיט אונזער אָרגאַניזם.

ווען מיר זאָלן אַריינפאַלן אין אַ סביבה, וואָס איז ביי
פאַר אונז, למשל, אין פאַנאַמע אין דער צייט פון געלן פיבער,
וואָס האָט דאָרט געבושעוועט, אָדער אין אַפריקע אונטער די ביסן
פון די פליגן צע-צע, וואָלטן מיר אָנגעטראָפן אויף אַזעלכע
קראַנקהייט-אויפרייצער, קעגן וועלכע אונזער אָרגאַניזם איז אומ-
באַהאָלפן, ווי אַ ריטער, אַ געשמידטער אין פאַנצער, קעגן מענטשן,
וואָס האָט דערפונדן פּולווער.

אויף די מאַרקיזן-אינזלען, אין דרום-ים, האָבן געלעבט
שיינע, גליקלעכע ווילדע. ס'איז געווען אַ סברה, אַז זיי שטאַמען
אָפּ פון די אריער. פון שטאַנדפונקט פון פולקאָמענקייט פון דער
מענטשלעכער נאַטור — איז דאָס געווען אַן אידעאַל פאָלק, וואָס
האָט גליקלעך געלעבט אונטערן פרייען הימל. דידאָזיקע מענטשן
האָבן זיך אין אַלץ געפירט לויט די געבאָטן פון דער נאַטירלע-
כער היילונג; זיי זענען געגאַנגען נאַקעט, געלעבט אויף פרייער
לופט, זיך דערנערט מיט פרוכט פון דער ערד. אמת, זיי זענען
געווען מענטשנפרעסער. אָבער זייער מענטשנפרעסעריי איז געווען
אַ רעליגיעזער מנהג. זיי פלעגן אויפעסן זייערע קריגס-געפאַנ-
גענע, וואָס דאָס פלעגט טרעפן צו זעלטן, עס זאָל קענען האָבן אַ
ווירקונג אויף זייער געזונט. יאָרהונדערטער לאַנג האָבן דידאָ-
זיקע מענטשן געלעבט אין פולער האַרמאָניע מיט דער סביבה,
וואָס אַרום זיי, געווען גליקלעך און פריי, זיי האָבן געדאַרפט
זיין — אויב דאָס איז בכלל מעגלעך פאַר מענטשן — לגמרי
אומעמפינדלעך צו וועלכע נישט איז באַקטעריעס. אָבער איינמאָל

איז צום אינזל צוגעשווומען אַ שיף, אויף דער יבשה איז אַראָפּגעטראָגן געוואָרן אַ מאַטראַס, וואָס האָט געהאַלטן אין זיך שטאַרבן פון שווינדזוכט, און אין עטלעכע יאָר אַרום זענען אויסגעשטאָרבן פון שווינדזוכט 4/5 פון דער גאַנצער אינזל-באַפעלקערונג. די איבעריקע זענען קראַנק געוואָרן אויף סיפיליס און פּאָקן, אַזוי אַז היינט-צו-טאָג עקזיסטירט שוין כמעט נישט קיין איין מארקיזאַנין.

אָבער דערדאָזיקער אַרגומענט האָט אויך אַ פּאַרקערטע זייט, וואָס איז מער גינסטיק פאַר די אָנהענגער פון דער נאַטיר-לעכער היילונג. מיר, קולטור-מענטשן, שוואַכן אָפּ מיט אונזער פאַרצערטלט לעבן, מיט אונזער אוממעסיקייט און מאַנגל אין באַוועגונגען די ווידערשטאַנד־קראַפט פון אונזער אָרגאַניזם, און דעריבער ווערן מיר אַזוי לייכט קראַנק אויף אַלערליי פּשוטע קראַנקהייטן: קאַטער, האַלז-קראַנקהייטן, טובערקולאָז.

די אָנהענגער פון נאַטירלעכער היילונג זענען איינגאַנצן גערעכט, ווען זיי דערקלערן, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום זין צו היילן דידאָזיקע קראַנקהייטן, מ'דאַרף בלויז צוריבערטראָגן דעם קערפּער אין נאַטירלעכע באַדינגונגען.

## II

## די פּ״לער פון דערנערונג

קודם כל האָב איך בדעה אין דעמדאָזיקן קאַפּיטל אויפצו-שטעלן אייניקע אַלגעמיינע פּרינציפּן, כדי צו פאַרלייכטערן די לייזונג פון דער דערנערונגס-פראַגע. כ'וואָלט אָבער, אַז דאָ קען נישט זיין קיין רייד וועגן וועלכע נישט איז פעסטע געזעצן. אמת, אַלע מענטשלעכע אָרגאַניזמען זענען ענלעך איינער צום צווייטן, אָבער גלייכצייטיק דערמיט האָבן זיי אויך זייערע אייגנאַרטיקייטן. די היינטצייטיקע קולטור גיט בלויז אַ קליינע צאָל אָרגאַניזמען די מעגלעכקייט צו זיין פולקאָמען, כמעט אַלע האָבן חסרונות, אומנאָרמאַלקייטן, דעריבער נויטיקט זיך יעדער

באַזונדערער קערפּער אין אַ ספּעציעלע דערנערונג. דער אידעאַל וואָלט געווען גרינטלעך אויסצופאָרשן דעם באַזונדערן אָרגאַניזם. ס׳איז קיין ספק נישטאָ, אַז די מעדיצינישע וויסנשאַפט וועט מיט דער צייט אויסשטודירן די מאָגן-זאַפטן, די דריזן און דאָס בלוט פון יעדן יחיד און וועט פעסטשטעלן, אַז ער נויטיקט זיך אין אַזויפיל און אַזויפיל פּראָצענט קראָכמאַל, אייוויס, פאַסמאָר און אייזן, אַז ער דאַרף אויסמיידן געוויסע זויערשטאָפן און אַז.וו. דערווייל אָבער באַנוצן מיר די הילף פון דער וויסנשאַפט כדי צו מאָרדן און פאַרקריפּלען מענטשן, אָנשטאָט צו פאַרלענגערן מיט אירע מיטלען דאָס מענטשלעכע לעבן און עס מאַכן גליקלעך. חוצדעם איז די מערהייט לייענער פון דאָזיקן בוך צו אָרים, כדי זיך צו ווענדן צו אַ ספּעציאַליסט. טאָ זאָלן זיי אַליין אַכטונג געבן אויף זייער קערפּער, זאָלן זיי אויסשטודירן זייערע אייגנטימלעכקייטן און זיך באַקענען מיט יענע אַלגעמיינע געדאַנקען וועגן דערנערונג, וועלכע כ׳וועל דאָ אָנוואַרפן.

די מענטשלעכע דערנערונג באַשטייט פון דריי הויפּט-עלעמענטן: אייוויס, פעטס און קוילנשטאָף. אייוויס איז דער עיקרדיקער בוי-מאַטעריאַל פאַרן קערפּער; רייך מיט אייוויס זענען: מאָגערע פלייש, אייווייסל, מילך, קעז, אַרבעס און באָבעס. אין אַזאַ דערנערונג נויטיקט זיך יעדער קערפּער, אויב ער באַקומט זי נישט, הויבט ער אָן איינדאַרן און קרענקען. אויב ער באַקומט זי אין אַ צו גרויסער מאָס, קען ער זי, אמת, פאַרווענדן אויף אויסאַרבעטן ענערגיע, דאָס באַטייט אָבער אַן איבעריקע פאַרשווענדערישקייט און מאַטערט אויס דעם קערפּער.

פעטס אנטהאַלטן: פעט פלייש און מילך-פּראָדוקטן, ניס, איילבירטן און צמחים-פוטער. דער קערפּער איז ביכלת איינצושלינגען אַ געוויסן סכום פעטס. ס׳איז נאָך אָבער ביז היינט נישט פעסטגעשטעלט, ווי גרויס עס איז דער דאָזיקער סכום: צו פעטע שפּייזן רופן אַרויס באַלייבטקייט, אַ ספּעציפישע באַפאַרבונג פון דער הויט ווי אויך אַנדערע סימנים פון געשטערטער בלוט-צירקולאַציע.

עס עקזיסטירן צוויי אַרטן קוילנשטאָף: קראָכמאַל און צוקער. קראָכמאַל געפינט זיך אין תבואה-קערנער און וואָרצל-פרוכטן; ער איז דער הויפּט-עלעמענט פון ברויט, טאַפּיאָקע, לאָקשן. פון

קראָכמאַל, אַלס דערנערונגס-שטאָף, קען מען זיך גאַנץ רויִק אָפּזאָגן. באַנוצט אין אַ גרויסער מאָס, רופט דער קראָכמאַל אַרויס אָנגעלאָפנקייט, אויב ער ווערט אָבער גוט צעקייט און אַסימילירט, קען דאָס נאָך ווערן אַ סך שעדלעכער, ווייל דורכדעם זאַמלט זיך אויף אַ גרויסע מאַסע ענערגיע-שאַפנדיקן שטאָף, וואָס איז פּראָפּאָרציאָנעל צופיל לגבי דער מאָס מינעראַל-עלעמענטן, וועלכע געפינען זיך אין אָרגאַניזם, כדי צו קענען אויפהאַלטן אַ געוויסן גלייכגעוויכט.

ווען דער מענטשלעכער קערפּער ווערט פאַרברענט און מ'פאָרשט אויס דעם איבערגעבליבענעם אַש, געפינט מען דאָרט העכער צוואַנציק פאַרשיידענע זאַלצן. דידאָזיקע זאַלצן געפינען זיך אין בלוט; דאָס בלוט און דער קערפּער, וואָס אַנטהאַלטן נישט דידאָזיקע זאַלצן אין אַ געהעריקער פּראָפּאָרץ, קענען נישט זיין נאָרמאַל און געזונט.

ביי יעדער באַוועגונג פילן זיך די מוסקולן-קעמערלעך אָן מיט אַ פליסיקן שטאָף; אויף וויפל ער איז שעדלעך קענט איר זען דערפון, וואָס איר פילט, ווען איר ציט איבער די האַנט מיט אַ שטריק און איר פּרובירט רירן מיט דער האַנט. מיר הויבן נאָך ערשט אָן צו באַגרייפן די קאָמפּליצירטע כעמיע פון קערפּער, אָבער מיר ווייסן שוין, אַז די קעמערלעך אַרבעטן איבער דעמדאָזיקן שטאָף און דערווייטערן אים פון אָרגאַניזם אין דער פאָרם פון אַמאָניאַק, אורין-זויער און אַנד. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט פון דעם בלוט איז נויטיק אַ כסדרדיקער צופלוס פון פאַרשיידענע מינעראַלע זאַלצן. דידאָזיקע לעצטע זענען אויף אַזוי ווייט נויטיק, און זייער פעלן איז אויף אַזוי ווייט שעדלעך פאַרן געזונט, אַז ס'איז אַ כך בעסער גאָרנישט צו עסן, איידער איינעמען שפּייז, וואָס אַנטהאַלטן נישט קיין אָרגאַנישע זאַלצן. דערווייזן קען מען דאָס דורך זייער אַ פּשוטן עקספּערימענט: נעמט צוויי הינער, פאַרשפּאַרט זיי אין באַזונדערע קעמערלעך און דערנערט איינע פון זיי מיט וואַסער, ווייסן ברויט, קראָכ-מאַל, צוקער און מיט איבעריקע שטאָפן, וועלכע אַנטהאַלטן ווינציק אָרגאַנישע זאַלצן; דער צווייטער הון גיט בלויז וואַסער. די ערשטע הון וועט אָנהויבן קרענקען שוין אין עטלעכע טעג אַרום, די פעדערן וועלן נעמען אויספאַלן און אין צוויי וואָכן

אַרום וועט זי צוועקפגרן. די צווייטע אָבער וועט, אמת, אויסגעדאַרט ווערן, זי וועט אָבער נישט קראַנק ווערן און נישט פגרן.

אין דאָזיקן בוך וויל איך נישט פּרעדיקן און רעדן וועגן דעם, וואָס איך ווייס נישט. מײַנע ידיעות אין די דערנערונגספּראָגעס זענען גאַנץ באַגרענעצט, איינס אָבער ווייס איך אויף געוויס: מיר מוזן זיך אומבאַדינגט אָפּזאָגן פון יענע געקינסטלטע פּראָדוקטן, וועלכע קוקן אויס אַזוי אַפּעטיטלעך און זענען גוט רעקלאַמירט, אָבער פון וועלכע עס זענען אויסגעקוועטשט אַלע מינעראַלע זאַלצן. צו דידאָזיקע פּראָדוקטן געהערן: שפּעק און זיינע סוראָגאַטן, ווייסע מעל, קראָכמאַל, געריייניקטער רייז, טאַפּיאָקע און צוקער. דידאָזיקע פּראָדוקטן טויטן אַ הון אין צוויי וואָכן; דעם מענטשן טויטן זיי נישט דערפאַר, ווייל ער מישט זיי מיט אַנדערע פּראָדוקטן. אָבער כּל זמן איר באַנוצט זיי, איז אייער דערנערונג נישט נאָרמאַל און איר טאָרט זיך נישט באַרויקן מיט דער האָפנונג, אַז מיט די אַנדערע פּראָדוקטן פירט איר אַריין אין אייער קערפּער די נויטיקע מינעראַלע עלעמענטן. ווייל קיינער ווייס נישט, צי ס'איז טאַקע אַזוי אין דער ווירקלעכקייט.

עס עקזיסטירן אייניקע סאָרטן צוקער: ראָרצוקער, בוראַקעס-צוקער און פרוכט-צוקער. צוקער באַקומט זיך אויך פון קראָכמאַל. דער געוויינלעכער צוקער אַנטהאַלט נישט קיין שום מינעראַלע עלעמענטן, און כ'דערוועג זיך צו באַהויפּטן, אַז דער ראָר- און דער בוראַקעס-צוקער, וועלכן מיר ברענגען אַרויף אויף אונזער טיש — איז נישט קיין דערנערונגס-פּראָדוקט, נאָר אַ פּאַמעלעך-ווירקנדיקער סם. מיר, אַמעריקאַנער, האָבן צו פאַרדאַנקען די אַנטוויקלונג פון דער דענטיסטיק דעם ראָר-צוקער און ווייסן מעל! אונזער לאַנד איז די רייכסטע אויף דער וועלט. מיר עסן אויף אויף 50 פּראָצ. און פאַרשווענדן אויף 50 פּראָצ. מער, ווי וואָסער נישט איז אַנדער פאָלק. און אין די דערפער פוילן שוין ביי די קינדער די מילך-ציין, איידער עס באַווייזן זיך נאָך די צווייטע און דידאָזיקע לעצטע ווערן אָפט קאַליע שוין ביי צוואַנציקיאָריקע.

אויף די באַלקאָנען, ווו די פויערים דערנערן זיך מיט

וזיערן מילך, אין זרום-איטאַליע און סיציליע, ווו מ׳דערנערט זיך מיט איילבירטן, קעז און שוואַרצן ברויט, און ביי די ווילדע פעלקער, וועלכע שפּייזן זיך מיט פיש, געווילד און פרוכט, טרעפט מען אָפט אַלטע לייט אָן איין צעפוילטן צאָן. דאָס מוז האָבן אַ סיבה און דידאָזיקע סיבה באַשטייט אין די קינסטלעכע דערנער-פּראָדוקטן, וועלכע מיר געברויכן. דעם פּער-מערס פרוי פאַרקויפט אירע אייער, פוטער און קעז און קויפט פאַרן אָפּגעלייזטן געלט פעטס און צוקער, דער פערמער פאַר-קויפט דעם ווייץ- און קאָרנמעל און קויפט „ראַפינירטע" דער-נער-פּראָדוקטן, צאָלנדיק פאַר זיי צען מאָל טייערער, ווי פאַר זיינע סחורות. די ציין-דאָקטוירים דערקלערן, אַז די צוקערלעך מאַכן קאַליע די ציין דורכדעם, וואָס זיי קלעפּן זיך צו צו זיי, מאַכן דורך דעם יוירונגס-צושטאַנד, טיילן אויס זויער-שטאָפן, וועלכע צעשטערן די ציין. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז אמת, אָבער די עיקר סיבה פאַרוואָס עס פוילן די ציין ליגט אין דעם אומ-נאָרמאַלן צושטאַנד פון בלוט, וועלכעס קען זיי נישט צושטעלן די עלעמענטן, אין וועלכע זיי נויטיקן זיך. די ציין לעבן, זיי וואָלטן זיך געקענט אַנטקעגנשטעלן דעם פויל-פּראָצעס, ווען מ׳זאָל זיי באַזאָרגן מיט דער נויטיקער דערנערונג.

טאָג-טעגלעך נויטיקן מיר זיך אין אַ גאַנץ נישקשהדיקן סכום צוקער. די נאַטור גיט צוקער אין פאַרבינדונג מיט אָרגאַ-נישע זאַלצן. אַלע יענע מינעראַלע שטאָפן, וועלכע גיבן צו פאַרב און געשמאַק די אפּעלסינען, עפּל, מאָרעלן, טרויבן, פלוימען פאַרשווינדן ביי זייער צוגרייטונג מיט צוקער. די ציין-דאָקטוירים וואָלטן אינגיכן געהאַט ווינציק אַרבעט, ווען מיר וואָלטן אונ-זערע קינדער געגעבן אָנשטאָט טשאַסטעס און צוקערלעך — פרוכט.

דאָסזעלבע איז אויך מיט ברויט. ווען איך בין געווען אַ קליינינקער, פלעג איך מיינען, אַז לכל הפּחות צוויי מאָל אַ טאָג דאַרף מען עסן פרישן ברויט; ווען מ׳פלעגט מיר געבן נעכטיקן ברויט, פלעג איך זיך פילן באַליידיקט. כ׳האָב געלייענט מעשהלעך, אין וועלכע ס׳פלעגט זיך מיט גרויס ביטול רעדן וועגן „שוואַרצן ברויט". דער סימבאָל פון מענטשלעכן אומגליק איז געווען שלומפערל, וועלכע איז געזעסן אין אַש און געגעסן די „האַרטע"

פון „שוואַרצן ברויט". זיגט כ'האָב שטודירט די דערנער-פּראָגעס, ווי איך גרייט זיך דערנערן אַזוי ווי ס'האָט זיך דערנערט שלומפּערל און כ'עס דריי מאָל אַ טאָג טרוקענעם „שוואַרצן ברויט". אין דאָזיקן שוואַרצן ברויט געפינען זיך גאַנצע קערנער; דער פּויער באַנוצט אים, ווייל ער האָט נישט אין זיין רשות קיין פאַרפּולקאָמטע מיל, וועלכע פאַרניכטעט ביים מאָלן אַלע אַממייסטן נאַרהאַפטע עלעמענטן. כמעט אַלע מינעראַלע עלעמענטן פון די תבואה-קערנער געפינען זיך אין דער אויסערלעכער, טונקעלער הייטל. דער ווייסער טייל פון די קערנער איז כמעט ריינער קראָכמאַל, און ווען איר באַנוצט ווייסע מעל, איז נישט נאָר איר צערט אויס אייער בלוט, אייערע ביינער און אייערע ציין, נאָר איר נעמט אויך צו ביי אייערע פאַרדייאונגס-אָרגאַנען יענע פּשוטע שטאָפן, וועלכע זיי האָבן נויטיק אַלס אויפרייצמיטלען. אמת, כ'ווייס, אַז שוואַרצן ברויט איז שווער צו פאַרדייען, מיר דאַרפן אָבער נישט פאַרצערטלען אונזערע פאַרדייאונגס-אָרגאַנען, פּונקט אַזוי, ווי מיר טאָרן נישט אָפּשוואַכן אונזערע מוסקולן. מיר מוזן פאָדערן פון אונזערע פאַרדייאונגס-אָרגאַנען, זיי זאָלן זיך אַן עצה געבן מיט די פּשוטע, אומגעקינסטלטע דערנער-פּראָדוקטן, פּונקט אַזוי, ווי מיר דאַרפן צוגעוויינען אונזער קערפּער איבערצוטראָגן קאַלט וואַסער און שוואַרצע אַרבעט.

יאָרהונדערטער לאַנג האָבן זיך די יאַפּאָנישע פּויערים דערנערט מיט רייז און געטריקנטע פיש. נישט לאַנג צוריק האָט זיך אין יאַפּאַניע פאַרשפּרייט אַ געהיימנישפולע קראַנקהייט, וועלכע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „בערי-בערי". די דאָזיקע קראַנקהייט האָט דער עיקר געבושעוועט אין דער אַרמיי און די יאַפּאָנישע געלערנטע האָבן זיך גענומען אויספאָרשן אירע סיבות. און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די דאָזיקע לעצטע ליגט אין דעם פאַרפּולקאָמטן אופן אָפּצורייניקן דעם רייז, ביי וועלכן עס ווערט אַראָפּגעריסן זיין אויבערשטע שיכט. אין זיין נאַטירלעכן צושטאַנד געהער דער רייז צו די נוציקסטע דערנער-פּראָדוקטן, אָבער דער אָפּגערייניקטער — צו די שעדלעכסטע.

איר האָט אַלע, מסתמא, געלייענט אין רייזע-באַשרייבונגען וועגן די גרוילן פון צינגא. צינגא און בערי-בערי טראָגן כמעט איין-און-דעמזעלבן כאַראַקטער און קומען אויף צוליב דיזעלבע

סיבות. אויף די זעגל-שיפן פון די אַמאָליקע צייטן האָט זיך די קאָמאַנדע דערנערט אויסשליסלעך מיט סוכאַרעס און געזאַלצענעם פלייש, און אַלע האָבן געוווּסט, אַז בלויז דאַן קענען זיי זיך אָפּרוען פון דער צינגאַ, ווען זיי גייען אַריין אין פּאָרט און דערנערן זיך מיט גרינסן, פּרוכט און, דער עיקר, מיט ציבעלע און ציטרינען, וועלכע אַנטהאַלטן וויטאַמינען און מינעראַלע זאַלצן. פונדעסטוועגן קענט איר יעדן טאָג זען, ווי אונזערע באַלעבאָסטעס, נישט האָבנדיק דעם מינדסטן חשד וועגן דער סכנה פון צינגאַ, קויפן קאָנסערוון און צאָלן אָפט פאַרן דאָזיקן שעדלעכן פּראָדוקט טייערער, ווי פאַר אַן אַנדער געזונטן.

אָט האָט זי איינגעקויפט ווייסע מעל, ראָר-צוקער און פעטס און וועט אינדערהיים פּרעגלען און דערלאַנגען אויפן טיש. אָבער די נאַטור האָט די פאַמיליען-מיטגלידער אַזוי באַשאַפן, אַז צוערשט קאָכן זיי איבער דעם קראָכמאַל, און דערנאָך די פעטס; מיט אַנדערע ווערטער: דער קראָכמאַל קאָכט זיך איבער אין מאָגן, און די פעטס אין די געדערים. בעתן פּרעגלען באַדעקט זיך דער קראָכמאַל מיט אַ דינעם שיכט פעטס. די מאָגן-זאַפטן קענען אים נישט צונעמען און דער קראָכמאַל פאַלט אַריין כמעט אַ נישט-פאַרדייטער אין די געדערים.

די היינטצייטיקע קולינאַרע קונסט איז אַן אויסדרוק פון פוילקייט, גיריקייט און פרעסערישקייט. אויף דער וועלט עקזיסטירט אַ געוויסע צאָל ליידיקגייער, וועלכע פאַרנעמען זיך בלויז דערמיט, וואָס זיי עסן. זיי דערווייזן זייער העכער-שטיין דערמיט, וואָס זיי ווייסן די אופנים, ווי אַזוי בעסער צוצוגרייטן פיינע מאכלים. אין זייער רשות געפינען זיך די רייכטימער פון דער גאַנצער וועלט. זיי צווינגען אַנדערע צו אַרבעטן, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט איינצואָרדנען פּרעכטיקע באַנקעטן, פייערלעך זיצן ביים טיש, זיך איבערפרעסן און אויף צומאָרגנס לייענען וועגן דעם אין די צייטונגען. אין אַ גרויסער מאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די אַנטוויקלונג פון דער קולינאַרער קונסט דעם „אַלטן רעזשים", וועלכער האָט געצוווּנגען דעם פראַנצויזישן פוירעטום צו הונגערן, ביז די מענטשן זענען ענלעך געוואָרן אויף שוואַרצע סקעלעטן, וועלכע לעבן אין היילן. ס'איז אפשר איבעריק צו רעדן וועגן דעם, אַז די דאָזיקע פאַרפיינערטע

גאַסטראָנאָמישע קונסט האָט אויף קיין האָר נישט אין זינען דעם געזונט און די אמתע באַדערפעניש פון קערפּער.

שוין פינף-און-צוואַנציק יאָר ווי איך גרייט אַליין צו מיין מיטאָק און כ'האָב דאָס רעכט צו זאָגן, אַז כ'וועל דאָס אויסלערנען יעדן איינציקן אין משך פון אַ האַלבער שעה. און אַז די טעגלעכע צוגרייטונג פון שפּייז פאַר אַ פאַמיליע, פאָדערט די אַרבעט פון איין מענטשן אין משך פון צוואַנציק מינוט.

אַ סך דערנער-פּראָדוקטן, למשל, דאַרף מען לגמרי נישט קאָכן. נאָכמער, דאָס קאָכן מאַכט זיי קאַליע. יעדער פון די דערנער-פּראָדוקטן האָט זיך זיין אייגענעם געשמאַק, וועלכער ווערט פאַרלאָרן, ווען מען מישט אים צונויף מיט אַ צווייטן. אויב עמיצן וועט נישט שמעקן די פשוט-צוגעגרייטע שפּייז, טאָ זאָל ער צוּוואַרטן ביז ער וועט זיך אויסהונגערן. זאָל ער אַרבעטן אָדער גיין צען מייל צו פוס און דאַן וועט זי אים שוין געפעלן ווערן. כ'בין נישט קיין פאַנאַטיקער און כ'וויל נישט צעשטערן אַלע לעבנס-פאַרגעניגנס, אָבער כ'עצה זיי צו זוכן אין די תענוגים פון גייסט, און דידאַזיקע לעצטע וועט קיינער נישט געפינען אין שטיין ביי אַ פּליטע, אָדער צווינגען אַנדערע דאָס צו טאָן.

## III

## די דערנער־געזעצן

ביז איצט האָב איך גערעדט וועגן קערפּער אַזוי, פּונקט ווי ס'וואָלט לייכט געווען צו באַקומען די נויטיקע פּראָדוקטן. איינדעראמתן אָבער קאָסטן זיי געלט און ביי אונזער סיסטעם, ווען דער פאַרדינסט האַלט דעם מיטעלן מענטשן אין קנעכטשאַפט, האָבן מיר די מעגלעכקייט אויסצוגעבן אויף דערנערונג בלויז אַ באַגרענעצטע סומע געלט. אין איינעם פון די ווייטערדיקע ביכער וועל איך באַהאַנדלען די פּראָבלעם פון אָרימקייט, אירע סיבות און די מיטלען, מיט וועלכער מ'קען זי אויסוואָרצלען. אין דאָזיקן בוך וועל איך אייך זאָגן, ווי אַזוי איר וואָלט

זיך געדאַרפט דעריערן; אויב די געזעלשאַפט נעמט צו ביי אײך דידאָזיקע מעגלעכקייט, טאָ צווינגט זי אײך דורכדעם צו שטאַרבן פון הונגער און מיט אַלע כחות דאַרפט איר פאָדערן ביי איר די פאַרווירקלעכונג פון אײַערע מענטשלעכע רעכט. דערווייל אָבער דאַרפט איר ראַציאָנעל אויסגעבן די קליינע מיטלען, וועלכע איר באַזיצט, און דער רוב פון אײך טוט דאָס נישט. אַ סך פון די פשוטסטע און געזינטסטע דערנער־פּראָדוקטן זענען ביליק אָפט דערפאַר, ווייל מענטשן קענען זיי נישט אָפּשאַצן. מיר קויפן טײַערע פלייש־טיילן דערפאַר, ווייל זיי זענען פיינער, אין דער צייט וואָס די אַנדערע טיילן זענען נישט ווינציקער נאַרהאַפט. מיר קויפן צום ליבסטן פעט פלייש, כאָטש דאָס פעטס אויפן פלייש באַווייזט דעם אומנאָרמאַלן צושטאַנד פון דער בהמה און צופיל פעטס איז שעדלעך פאַר אונז אויך.

געטריקנטע פלוימען, ווי בכלל אַלע געטריקנטע פרוכטן אָן אַ כעמישן צומיש, זענען זייער נאַרהאַפטיק. אַלס קינד האָט מען מיר געלערנט נישט לייגן ווי געהעריק איז אַכט אויף די פשוטע גרינסן קרויט און ברוקווע. ווען איך האָב אָבער צו פערציק יאָר דאָס ערשטע מאָל געגעסן געקאָכטן קרויט, האָב איך זיך צו מיין פאַרוווּנדערונג איבערצייגט, אַז זי איז זייער געשמאַק. פרישע קרויט איז געשמאַק, ווי סאַלאַט; קאַרטאָפל און רייז זענען ביליק און געזונט, מיר דאַרפן אָבער נישט נוצן קיין אָפּגערייניקטן רייז, און ריינינקן קאַרטאָפל דאַרף מען ערשט נאָכן קאָכן. כמעט אַלע מינעראַלע זאַלצן געפינען זיך אין דער קאַרטאָפל־שאָלאַכטס און גייען לאיבוד, ווען מען שיילט זיי אָפּ פאַרן קאָכן.

די פרייזן אויף דערנער־פּראָדוקטן זענען אַזוי פאַרשיידן אין פאַרשיידענע געגנטן און אין פאַרשיידענע יאָר־תקופות, אַז ס׳איז לחלוטין אוממעגלעך פעסטצושטעלן אַ מינימום, וועלכן אַ מענטש קען אויסגעבן אויף דערנערונג. איך אַליין גיב אויס טעגלעך (ביי דעם אופן דערנערונג, וועגן וועלכן איך רעד דאָ) פון 60 ביז 80 סענט. כ׳קויף נישט קיין נאַשוואַרג, אָבער כ׳קאַרג נישט אויף מיין דערנערונג; כ׳קויף פשוטע פּראָדוקטן אין הסכם מיט די יאָר־תקופות. אַזאַ מין געלט־פאַרצער איז זייער באַקוועם.

רעכנט אויס, וויפל געלט איר גיט אויס אויף דער אַפטייק, אויף דאָקטוירים און דענטיסטן און איר וועט זען, אַז פאַר דידאָזיקע געלט וועט איר זיך קענען קויפן דעם נויטיקן סכום גוטע, געזונטע פּראָדוקטן.

פאַראַן עטלעכע מעגלעכקייטן צו עקאָנאָמירן געלט ביים איינקויפן פּראָדוקטן. אַזוי, למשל, זענען גרויסע געטריקנטע פלוימען אַ סך טייערע, איידער קליינע און אויף קיין האָר נישט בעסער פאַר זיי. דער בעקער פאַרקויפט אַלטן ברויט פאַר האַלבן פרייז און ער ווייס נישט, אַז בלויז אין דאָזיקן צושטאַנד איז דאָס ברויט נוצלעך. און אַזעלכע מעגלעכקייטן זענען דאָ אַ סך. איין כלל פון מיין דערנערונג זאָגט: נישט דערלאָזן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע גזעלשאַפט זאָל מיר אָנוואַרפן דאָס באַנוצן געמישטע און קאָנסערווירטע פּראָדוקטן. זינט כ׳האָב באַטראַכט די וווּרשט-פאַבריקן אין טשיקאַגאָ עס איך מער נישט קיין וווּרשט.

מ׳דאַרף אויך וויסן דעם ריכטיקן אופן צוצוגרייטן שפּייז, ווייל גוטע פּראָדוקטן קענען קאַליע ווערן דורך אַ נישט-ריכטיקן אופן פון צוגרייטן זיי. די נייעסטע אויספאָרשונגען וועגן וויטאַמינען האָבן דערוויזן, אַז ס׳איז נישט גוט צו קאָכן שפּייז צו לאַנג. צוואַנציק מינוט קאָכן איז גענוג פאַר דער מערהייט פּראָדוקטן, מיט דעם אויסנאַם פון באָבעס, וועלכע קאָכן זיך פון 4 ביז 6 שעה. פליייש דאַרף מען עסן אין האַלב-רויען צושטאַנד, אַ חוץ חזיר-פלייש, אין וועלכן עס זענען דאָ געפערלעכע פּאַראַזיטן, און וועלכע דאַרף זיין דורך און דורך אויסגעקאָכט. די ווייסל פון אַ איי איז שווער צו פאַרדייען נאָכן קאָכן אָדער פּרעגלען. סיי רויע, סיי געטריקנטע פרוכט דאַרף מען נישט קאָכן. ווען מ׳קויפט קאָנסערווירטע פרוכט, דאַרף מען אַכטונג געבן אויף דעם, זיי זאָלן נישט זיין איבערגעצוקערט. אויב איר אַליין גרייט צו פרוכט, טאָ לייגט נישט דערביי קיין צוקער, לאָזט די פרוכט דורכזידן עטלעכע מינוט און לייגט זיי אַריין נאָך הייסערהייט אין אַ כלי, וואָס לאָזט נישט דורך קיין לופט.

אויב איר לעבט אין דאָרף, וועט אייך נישט זיין שווער צו דערנערן זיך לויט דעם אופן, וועלכן כ׳האָב אָנגעוויזן:

מאַכט נאָר נישט קיין פעלער און פאַרקויפט נישט אייערע בעסטע פראָדוקטן אין שטאָט, כדי צו קויפן פאַר די אָפּגעלייזטע געלט פאַבריק-פראָדוקטן בלויז דערפאַר, ווייל איר האָט געשענקט גלויבן דעם רעקלאַמע-ליגן. אויב איר גיט אָפּ צו מאָלן אייער תבואה, טאָ גיט זי אָפּ צו מאָלן נישט קיין גערייניקטע און באַקט אַליין אייער ברויט. צעמישט דעם קאָרנמעל מיט וואַסער און זאַלץ און באַקט קליינע ברויטלעך, וואָס קנאַקן אונטער די ציין.

געראָיכערטס און געזאַלצן פלייש עצה איך אייך נישט צו עסן. כ'ווייס נישט, וואָסער ווירקונג עס האָט אויפן מענטשלעכן אָרגאַניזם זאַלץ, סעליטרע און רויך אין אַ גרויסער דאָזע, כ'ווייס אָבער, אַז אייניקע פון דידאָזיקע נישט אָרגאַנישע מינעראַלן זענען שעדלעך פאַרן געזונט, דעריבער עסט בעסער פריש פלייש. איך זאָלץ פלייש און קאַרטאָפל דערפאַר, ·ווייל דאָס איז לויט מיין נאַטירלעכן געשמאַק נאָך; און די אפּאסטאלן פון געזונט, וועלכע וועלן מיר פאַרוואַרפן, אַז אויף אַזאַ אופן ברענג איך שאָדן מיינע נירן, וועל איך אָפּענטפערן מיט אַ פראַגע: טאָ פאַרוואָס-זשע מאַכן דורך אַ סך מיילן אויף דער פריי לעבע-דיקע הירשן, בהמות און פערד, כדי צוצוקומען צו אַ לוזשע געזאַלצן וואַסער? ס'איז לייכט צו באַהויפטן עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צום געזונט, ס'איז אָבער אַ סך שווערער עס צו דערווייזן. אַזוי, למשל, האָט מען מיר איינמאָל געזאָגט, אַז טרינ-קען בעתן מיטאָק איז שעדלעך און לאַנגע יאָרן האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן דערפון; דערנאָך האָט איינער אַן אוניווערזיטעט-פּראָפעסאָר דערוויזן, אַז דער מאָגן אַרבעט בעסער, ווען דאָס, וואָס געפינט זיך אין אים, ווערט צעווייקט. פונדעסטוועגן טאָר מען נישט פאַרגיסן מיט וואַסער נישט קיין צעקייטע שטיקלעך.

עס זענען דאָ נאָך מעגלעכקייטן צו עקאָנאָמירן. עסט נישט קיין סך, אָבער עסט אויף אַלץ. דער סכום פראָדוקטן, וואָס ווערט אין אַמעריקע אַרויסגעוואָרפן, וואָלט גענוג געווען צו דערנערן דערמיט אַ גאַנצע מלוכה אין אייראָפּע. מיט די פראָדוקטן, וועלכע ווערן אַרויסגעוואָרפן אין איינעם פון די האָטעלן, וווּ עס וווינען די לייידיקגייערס, וואָלט מען געקענט דערנערן די קינדער פון אַ אייראָפּעישע שטאָט. אַזאַ באַגיין זיך מיט פראָדוקטן איז אַ פאַרברעכן. אין מיין שטוב פאַלט

קיינעם נישט איין אַרויסצוּוואַרפן פלייש אָדער ברויט; די פּראָדוקטן, וועלכע קענען איבערגעפירט ווערן קאָכן מיר אָדער טריקענען. טוט נאָך אונזער ביישפּיל, און וואָס שייך די האָטעלן פון די ליידיקגייערס און די באַנקעטן פון די רייכע, סאָ וואַרט אויף נאָך עטלעכע יאָר און די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט מיט זיי אַ סוף מאַכן.

IV

## די דערנערונגס־פּראָדוקטן און די סמען

מיט אַ סך יאָרן צוריק איז געשטאָרבן איינער אַן אַלטער, וועלכער האָט צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן אָפּגעגעבן אויף דעם, כדי אויסצולערנען מענטשן קייען. מ׳האָט אים גערופן האראַצי פלעטשער; זיינע נאָכפאָלגער האָבן דערפירט זיין לערע צו די קאָמישסטע עקסטרעמען, אָבער פונדעסטוועגן געהערט אים דער כבוד פון אַנטדעקן דעם „דערנער־פילטר״. דערדאָזיקער לעצטער איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די אַווטאָמאַטישע טעטיקייט פון אונזער שלינג־אַפּאַראַט, מיט דער הילף פון וועלכן די נאַטור קלויבט אָפּ די שפּייז, וועלכע איז שוין גענוג צוגעגרייט פאַר דער פאַרדייאונג. אויב איר האָט אַ פולע מויל מיט שפּייז, וועלכע איר קייט, אָבער איר שלינגט נישט, קענט איר באַמערקן, ווי די צעקייטע שפּייז פאַרשווינדט ביסלעכווייז. די שפּייז, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גענוג פליסיקן צושטאַנד, גליטשט זיך אַליין דורך אין ושט. אויף אַזאַ אופן קענט איר אָננעמען נאָך אַ פולע מויל מיט שפּייז, אַפילו אָפּעסן מיטאָק, נישט מאַכנדיק קיין איין שלונג. פלעטשער האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז דער ריכטיקסטער אופן אויף צו עסן און אַז ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון געוווינהייט — דאָס תמיד דורכצופירן. און איך פיר עס דורך, און ווען איך האָב ווינציק צייט, כדי ריכטיק צו צעקייען מיין שפּייז, מיטאָק איך בעסער אינגאַנצן נישט.

די געוווינהייט צו שלינגען נישט קיין צעקייטע שפּייז איז די סיבה פון אַ סך קראַנקהייטן. אמת, דאָס טוען אויך פלייש־

עסנדיקע חיות, אָבער זיי זענען פעאיקער צו שטעלן אַ ווי־ערשטאַנד די קראַנקהייטן, איידער מיר. און זיי זענען נישט באַלאַסטעט מיט אַ גרויסן מאַרך און אַ קאָמפּליצירטער נערוון־סיסטעם. אויב איר וועט שלינגען די שפּייז בלויז אין האַלב־צעקייטן צושטאַנד, וועט אייער אָרגאַניזם דאָס קענען אויסהאַלטן אַ געוויסע צייט, אָבער מיט דער צייט וועט אייך אויסקומען צו באַצאָלן דערפאַר מיט אַ באַשווערטער פאַרדייאונג און נערוון־קראַנקהייטן. ס'איז אויך שעדלעך די געוווינהייט תיכף נאָכן עסן זיך נעמען פאַר צו אַרבעט, צלך איינס, צי אַ פיזישע אָדער אַ גייסטיקע. אַ נאָרמאַלע פאַרדייאונג פאָדערט צו קאָנצענטרירן אַ באַשטימטן סכום בלוט אַרום די ווענטלעך פון מאָגן און פון די פאַרדייאונגס־אָרגאַנען און צו קאָנצענטרירן אויף דידאָזיקע אָרגאַנען די אויפמערקזאַמקייט פון אונזער אונטערבאַוווסטזיין, און דאָס מיינט צו זאָגן: די אומטעטיקייט פון די מוסקולן און פון די מאַרך־צענטרען. אויב איר האָט נישט קיין מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען נאָכן עסן אין משך פון אַ שעה, טאָ לאָזט בעסער דורך דעם עסן אָדער עסט עפּעס זייער לייכטס, אַ פרוכטן־זאַפט, וועלכער ווערט כמעט תיכף איבערגעקאָכט דורכן מאָגן, אָדער סאַלאַטן, וועלכע רופן נישט אַרויס קיין יוירונג. אין דער צייט פון קוילן־שפרייק אין קאָלאָראַדאָ בין איך אין משך פון עטלעכע וואָכן שרעקלעך פאַרנומען געווען אַ גאַנצן טאָג און דעם גרעסטן טייל נאַכט. כ'האָב כמעט גאָרנישט געגעסן; מיין שפּייז איז באַשטאַנען בלויז פון אַ געבראָטענעם עפּל און אַ איי, און פונדעסטוועגן האָט דאָס מיר גאָרנישט געשאַדט צום געזונט. אמת, כ'האָב פאַרלוירן צען פונט, אָבער ביים צוריקקערן זיך צו די נאָרמאַלע דערנער־באַדינגונגען האָב איך שנעל אָנגעיאָגט דעם פאַרלוסט.

ווינציק גיכטן זענען צווי שעדלעך פאַרן אָרגאַניזם און זיי ווירקן אויף אים אַזוי שנעל, ווי נישט קיין צעקייטע שפּייז. אונזער מאָגן שטעלט פאַר מיט זיך אַן אידעאַלן פאַרשפּרייטער פון באַקטעריעס, ער גיט זיי וואַרעמקייט און פייכטקייט אין דער צייט, וואָס מיר באַזאָרגן אונזער מאָגן, דורך אונזער עסן, מיט באַקטעריעס און שפּייז פאַר זיי. ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען טיילט דער מאָגן אויס זאַפטן, וואָס טויטן די באַקטעריעס; אויב אָבער דער מאָגן איז נישט בכלל אויסצוטיילן דידאָזיקע

זאַפּטן, זאָל זיין דערפאַר, ווייל די נערוון-סיסטעם איז פאַרוועגדט אויף עפּעס אַנדערש, אָדער דערפאַר, וואָס דאָס בלוט, אין וועלכן עס נויטיקט זיך דער מאָגן, איז דורך אַ שווערער אַרבעט אָפּגעצויגן צו די מוסקולן, דאַן פילט זיך דער מאָגן אָן מיט גאַזן און גיפט. אין רעזולטאַט: שטאַרקע ווייטאָקן, קאָנוולסיעס, וואָס ווערן באַ[illegible]לייט דורך פאַלן אין חלשות. עס זענען מעגלעך אויך לייכטערע [illegible]צעס פון אַזאַ פאַרגיפטונג, וואָס שוואַכן אָפּ בהדרגהדיק די לעבנספעאיקייט פון אונזערע אָרגאַנען.

ס'איז גאַנץ גלייכגילטיק אין וועלכער שעה איר עסט מיטאָק, אַ סך ברענגט אַריין אין טעות דער נישט ריכטיקער קוק, אַז שפייז ווירקט תיכף ומיד קרעפטיקנדיק און אַז פאַר אַ שווערער אַרבעט איז נויטיק זיך „אונטערגאַרטלען”. אויב איר האָט נעכטן גוט געמיטאָקט, איז אייער בלוט אין אַ גענוגנדיקער מאָס באַזאָרגט מיט שפייז, און איר קענט היינט אַרבעטן מיט אַ פוסטן מאָגן. אויב איר פילט אַ הונגער, אַ שוואַכקייט, אַ קאָפּשווינדל, טאָ קומט דאָס פאַר צוליב דעם, ווייל אייער אָרגאַניזם איז צוגעוווינט צו אַ רעכטצייטיקער דערנערונג און פאָדערט זי. פאַר אַ פיזישן אַרבעטער איז דאָס בעסטע צו פרישטיקן אינדערפרי אין אינמיטן טאָג, און מיטאָק עסן ערשט נאָכן ענדיקן די אַרבעט, ווען עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען. צוויי לייכטע און איין נאָרמאַלער מאָלצייטן זענען גענוג פאַרן קערפּער; איר קענט עס אויספּרובירן אויף זיך.

עסן אין די צווישנצייטן צווישן די רעגולמעסיקע מאָלצייטן איז אַ שעדלעכע געוווינהייט. ס'איז קלאָר, אַז דער מאָגן מוז אַרבעטן אין באַשטימטע שעהן, איבערקאָכן די שפייז און דערנאָך אָפּרוען און אויסאַרבעטן זאַפטן פאַר דער קומענדיקער אַרבעט. דער מאָגן ווערט צוגעוווינט צו אַ באַשטימטן סדר און אַרבעט אַקוראַט; ווען איר דערלייגט אָבער צו דער האַלב-איבערגעקאָכטער שפייז נייע, ברענגט איר מיט דעם אַריין פונקט אַזאַ אומאָרדנונג, ווי ווען איר זאָלט פאָדערן ביי אייער ווייב זי זאָל צוגרייטן אַ פרישן מיטאָק איידער זי האָט נאָך באַוויזן אויפצוראַמען די קיך נאָכן ערשטן מיטאָק. פאַר דערוואַקסענע איז גענוג צו עסן דריי מאָל אַ טאָג. קינדער דאַרפן עסן עפטער, ווייל זיי

געפינען זיך מער אין באַוועגונג און חוצדעם דאַרפן זיי צונעמען אַ וואָג.

כ'האָב שוין געהערט ווענן צוגרייטן די שפייז. לויט מיין מיינונג איז 99 פּראָצ. פון דער אַזויגערופענער „גאַסטראָנאָמישער" קונסט — אַ נאַרישקייט. אמת, אַפּעטיטלעך צוגעגרייטע, געשמאַקע און גוט-שמעקנדיקע געריכטן רייצן אויף די מאָגן-זאַפטן; דאָס איז דערוויזן געוואָרן דורכן רוסישן געלערנטן פּאַוולאָוו. אָבער איך האָב געוווסט אויך אָן זייגע באַווייזן, אַז אַרבעט און אַ געמעסיקט לעבן רייצן אויף אויסגעצייכנט די מאָגן-זאַפטן. פאַרשטייט זיך, דאָס אַרויפגעגעבענע פלייש דאַרף זיין פריש, און אַלץ, וואָס ווערט דערלאַנגט צום טיש — ריין צוגעגרייט, אָבער סיי איך סיי איר ווייסן מיר אַ בעסערע פאַרווענדונג פאַר אונזער געלט און אונזער צייט, איידער די אויפרייצונג פון אַפּעטיט.

דער דערנער-ווערט פון וואַרעמער און קאַלטער שפייז איז דערזעלבער. אויב איר צעקייט ריכטיק אייער שפייז, וועט זי אַריינפאַלן אין מאָגן ביי אַ געהעריקער טעמפּעראַטור. אמת, ווען איר זענט שטאַרק דורכגעפרוירן, קענט איר זיך דערוואַרמען מיט אַ הייסן געטראַנק אָדער אַפילו מיט אַ אויפרייצנדיק מיטל. דאָסזעלבע איז שעדליך אָפּצוקילן דעם קערפּער אין אַ גרויסער היץ מיט אַ קאַלטן טרונק.

כ'האָב דערמאָנט וועגן אויפרייצנדיקע מיטלען און דורכדעם אָנגערירט אַ ברייטן געביט. זיי זענען פון צוויי אַרטן: איינער פון זיי רייצט אויף די נערוון און צווינגט שטאַרק צו אַרבעטן די האַרץ און די בלוט-צירקולאַציע, דער צווייטער פאַרטעמפּט די נערוון און דעם געפיל פון ווייטאָק און מידקייט. די ערשטע ווערן אָנגערופן „אויפרייצנדיקע" מיטלען, די צווייטע—נאַרקאָטישע. כאָטש טיילווייז זענען די אויפרייצנדיקע מיטלען גלייכצייטיק אויך נאַרקאָטישע, ווייל זיי פאַרטעמפּן יענע נערוון, וועלכע דאַרפן אויפנעמען די אָנזאַמלונג פון דעם מידקייט-גיפט מיט אַנדערע ווערטער: די נערוון און מוסקולן באַמערקן נישט, אַז זיי זענען פאַרמאַטערט און אַרבעטן ווייטער. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען דאָ געוויסע פאַלן, ווען עס איז אומבאַדינגט נויטיק אָנצווענדן אַזעלכע מיטלען, אָבער פונדעסטוועגן דאַרף

מען זיי אָנווענדן וואָס זעלטענער און בלויז ביי דער גרעסטער נויטווענדיקייט, ווייל זייער באַנוצונג גייט לייכט איבער אין אַ געוווינהייט.

דער געפיל פון פאַרמאַטערטקייט קומט דאַן, ווען די מידקייט-גיפטן קלויבן זיך אָן אין אַ גרעסערן סכום, ווי דאָס בלוט איז זיי בכוח איינצושלינגען. זייט אויפמערקזאַם: די מידקייט און דער ווייטאָק — דאָס איז אַ וואָרנונג פאַר אונז מצד דער נאַטור. אויב איר לייגט נישט אויף איר קיין אַכט, האַנדלט איר פּונקט אַזוי אומזיניק, ווי די מזרח-דעספּאָטן, וועלכע פלעגן טויטן די שליחים, וואָס פלעגן ברענגען שלעכטע ידיעות. ווען עס טוט אייך וויי דער קאָפּ און איר קויפט אין אַפּטייק אַ מיטל קעגן קאָפּ-ווייטאָק, דערווייטערט איר נישט דורכדעם דעם סימפּטאָם פון אייער קערפּער, נאָר איר פאַרלאַנגזאַמט די אַרבעט פון האַרצן און איר פאַרשווערט דעם צוטריט פון בלוט צו די קראַנקע געפעסן און נערוון.

אַזעלכע מיטלען זענען גיפטן, זייער ווירקונג באַשטייט אין דעם, וואָס זיי פאַרגיפטן איינצלנע טיילן פון אייער קערפּער. איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז דידאָזיקע מיטלען זענען נישט ווינציקער גיפטיק, ווען זיי זענען אַפילו „נאַטירלעכע" פּראָדוקטן. איר פאַר־גיפטעט זיך מיט אַלקאָהאָל, וועלכן מ'באַקומט פון זאַפט פון פרעכטיקע פרוכטן, וועלכע די דיכטער האָבן באַזונגען, אָדער מיט קאָפעאין, וועלכער ווערט אויסגעאַרבעט פון שיינעם ברוינעם בראַזיליאַנישן באָב. איך בין אויסגעוואַקסן אין די דרום-שטאַטן, ווו די מענטשן רויכערן אָן שיכורן אָן אַ שיעור. כ'האָב זיי באַאָבאַכטעט און מיינע באַאָבאַכטונגען צוזאַמען מיט די עצות פון מיין מוטער האָבן אין מיר געשאַפן אַ עקל צו אויפרייצנדיקע מיטלען. די דיכטער, וועלכע האָבן באַזונגען דעם אַלקאָהאָל, האָבן מיר נישט געקענט אַריינברענגען אין אַ טעות: אין שפּיטאָלן האָב איך געזען אַלקאָהאָליקער, וואָס זענען אַמאָל געווען פיין, גוטמוטיק, קלוג. מיר דאַכט זיך, אַז אַלקאָהאָל איז די שרעקלעכסטע פּאַסטקע, וועלכע די נאַטור האָט געשטעלט פאַר אונז. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ סך מער נויט און דערנידערונג, ווי יעדעס אַנדער שלעכטס. מיינע פריינט די סאָציאַליסטן וועלן מיר פרעגן: „און דער קאַפּיטאַליזם"? אָבער איך

וועל זיי ענטפערן, אַז אָן אַלקאָהאָל וואָלט אמשר אויך נישט געווען קיין קאַפּיטאַליזם. ווען מ׳וואָלט סיסטעמאַטיש נישט פאַרגיפטעט דעם פּראָלעטאַריאַט, ווען די שענקען וואָלטן נישט איינגעשלונגען זיינע אָפּשפּאָרונגען, וואָלט ער אַזוי לאַנג נישט פאַרטראָגן די עקזיסטענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און גלייכצייטיק מיט דער ערשטער פאַבריק וואָלט ער אויך אויסגעבויט די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט. מיינע פריינט די ראַדיקאלן האָבן גערעדט וועגן „פּערזענלעכער פרייהייט״, אָבער איך וועל זיי זאָגן, — אַז ווען אין רוסלאַנד איז דער־גאַנגען דערצו, כּדי אדורכצופירן און איינהאלטן די רעוואָלוציע, האָבן אירע פירער קודם כּל אויסגעליידיקט די קעלערס און פאַרניכטעט די זאַפּאַסן בראָנפן.

טיי און קאַווע ווירקן, פארשטייט זיך, אויפן אָרגאַניזם אַ סך שוואַכער, ווי אַלקאָהאָל; איר קענט מיט זיי מיסברויכן אַ סך לענגער און די רעזולטאַטן וועלן זיין נישט אַזעלכע שרעקלעכע. אויב אָבער דאָס באַנוצן קאַווע און טיי וועט ביי אייך ווערן אַ געוווינהייט, וועט איר מוזן באַמערקן, אַז אייער נערוון-סיסטעם וועט ווערן ווינציקער עמפּינדלעך, ווינציקער אַרבעטספעאיק, זי וועט גענוג שטאַרק רעאַגירן און אַ סך שנעלער מיד ווערן. כ׳האָב באַאָבאַכטעט די קנעכט פון „פּרימאָרגן-קאַווע״ און כ׳ווייס, ווי פּיינלעך עס איז פאַר זיי דאָס פעלן פון זייער נויטיקער פּאָרציע. איך אַליין האָב קיינמאָל נישט געטרונקען קיין קאַווע און כ׳ווייס נישט, ווי אַזוי ער וואָלט געווירקט אויף מיר, אָבער איינמאָל, מיט אַ יאָר פופצן צוריק, האָב איך אויס־געטרונקען אַ גלאָז קאַלטן, שוואַכן טיי און נישט געקענט איינ־שלאָפן יענע נאַכט ביז פינף אַ זייגער פאַרטאָג. דעריבער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין טיי געפינט זיך גיפט. כ׳ווייס, אַז כ׳וואָלט געקענט צוגעוווינען מיין אָרגאַניזם צו טיי, פונקט אַזוי ווי מיינע לונגען צו דער פאַרגיפטונג מיט ניקאָטין, און נישט קראַנק ווערן דערפון, אָבער צו וואָס? דאָס לעבן איז גענוג אינטע־רעסאַנט פאַר מיר, איך זאָל דאַרפן אויפרייצן מיינע מאַרך־צענטרען, כּדי צו קענען געניסן פון אים. אויב איך בין פאַר־מאַטערט, רו איך זיך אָפּ, כ׳הער מוזיק אָדער כ׳לייען אַ גוטן ראָמאַן—דאָס פירט נישט צו אַזעלכע שלעכטע רעזולטאַטן, ווי ניקאָטין.

דאָס אַלץ שרייב איך, אָנגעמענדיק, אַז אייך איז טייער אייער לעבן, און אַז איר האָט אַן אַרבעט, וועלכער איר גיט אָפּ אייערע כּחות. איך זענט אָן שום ספק איבערצייגט, אַז דאָס אַרבעטס-פאָלק ליידט, אַז עס דאַרף אויסקעמפן די פאַר-ווירקלעכונג פון זיינע רעכט, און אַז צוליבן דאָזיקן ציל דאַרף עס האָבן אַ סך פיזישע און גייסטיקע כּחות. ס'קען זיין, אַז איר וועט זאָגן, אַז איך שאַץ איבער די ווירקונג פון טיי, קאַווע, אַלקאָהאָל און טאַבאַק. אויסגעצייכנט, לאָמיר אָננעמען, אַז זייער מעסיקע באַנוצונג ברענגט נישט קיין גרויסן שאָדן, אָבער אויב אַזוי טאָ דערוויזט, אַז זיי זענען נוצלעך, אַנישט איז דאָך פאַרדראָסיק, וואָס די אַרבעטער גיבן אויס אויף זיי אַזוי פיל געלט. גיט נאָר אַ טראַכט, וויפל געלט עס ווערט פאַרשווענדט אויף טאַבאַק אין דער גאַנצער וועלט. צי וואָלט נישט בעסער געווען צו קויפן פאַרן דאָזיקן געלט צוויי, דריי מאָל אין יאָר גוטע ביכער? איר קענט דאָך נישט באַהויפּטן, אַז אייער מאָרך נויטיקט זיך אין טאַבאַק! דער מענטש דאַרף דאָך נישט האָבן קיין פּאַפּיראָס, כּדי צו טראַכטן, און אַ פּיפּקע, כּדי זיך אָפּצורוען! כ'וועל ברענגען אַלס ביישפּיל זיך אַליין: אין די אינטערעסן פון דער באַוועגונג האָב איך אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי ביכער און פון דער צווייטער זייט האָב איך אין משך פון מיין גאַנצן לעבן אויסגערויכערט נישט מער ווי אַ האַלבן פּאַפּיראָס און דאָס אויך דאַן, ווען איך בין אַלט געווען אַכט יאָר. די עקספּערימענטן, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן צווישן די טעלעגראַף-אַרבעטער, האָבן דערוויזן, אַז די רויכערער ווייזן׳ אמת, אַרויס אַ גרעסערע עמפּינדלעכקייט אין אָנהויב פון דער אַרבעט, ווי אַלע איבע-ריקע, אָבער זיי בלייבן גיכער הינטערשטעליק און צום סוף פון אַרבעטס-טאָג ווערט זייער אַרבעטספעיקייט אַ סך קלענער.

אַלע דאָקטוירים גייען זיך צונויף אין דער מיינונג, אַז די ווירקונג פון ניקאָטין איז אין דער העכסטער מדרגה שעד-לעך פאַרן יוגנטלעכן אָרגאַניזם. יוגנטלעכע רויכערער וואַקסן אויס שוואַך, מיט קאַליעדיקע לונגען און אַ איבערגעפּירט האַרץ. דאָס רויכערן איז אויך זייער שעדלעך פאַרן פרויען-אָרגאַניזם. מיר ווילט זיך תּמיד אַ געשריי טאָן צו יענע היינטמאָדישע באַוווסטזיניקע מיידלעך, וועלכע רויכערן און טרינקען אין קאַפע-

מיז, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט קענען ברענגען אויף דער וועלט קיין געזונטע קינדער – אָבער איך ווייס, אַז דאָס איג־טערעסירט זיי אויף קיין האָר נישט, זיי ווילן דאָך גאָרנישט האָבן קיין קינדער. אויב אַזוי וועל איך זיי זאָגן, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט זיין ביכלת שכלדיק צו דענקען און צו דרייסיק יאָר וועלן זיי ווערן נערוועזע, קרענקלעכע זקנות.

מיר האָבן זיך אַריינגעשלעפּט אין דער מלחמה כּדי צו „באַשיצן די דעמאָקראַטיע", און געשיקט עטלעכע מיליאָן יונגע־לייט אין מיליטער אַריין, ווו זיי האָבן זיך, מיט דער הסכּמה פון דער העכערער מאַכט, אויסגעלערנט רויכערן–אויב זיי האָבן שוין נישט גערויכערט פריער. אין איצטיקער צייט ווערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרשווענדט אויף טאַבאַק צוויי מיליאַרד דאָלאַר.

צו די טייערע חברים, וועלכע וועלן דורכלייענען דאָס־דאָזיקע בוך, וועל איך זאָגן: מיר ווילן אויסבויען אַ נייע וועלט, און דעריבער נויטיקן מיר זיך אין נייע מאָראַל־כּללים, אָן וועלכע מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט דערשלאָגן צום נצחון. אויף פאַרזאַמלונגען פלעג איך שעהנווייז נאָכפאָלגן די דעבאַטן, און דער זאַל פלעגט אין דערדאָזיקער צייט אָנגעפילט ווערן מיט רויך און די לופט פלעגט ווערן אַלץ ווינציקער און ווינ־ציקער דערטרעגלעך. נישט אויף שפּאַס, נאָר מיט אַ ווייטאָק אין האַרצן פלעג איך זיך ערנסט פרעגן: וויפל פאַרטייאישע און פּערזענלעכע מיספאַרשטייענישן זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער פאַרגיפטונג מיט ניקאָטין? ס'האָט נישט קיין זין צו ריידן וועגן דעם מיט דערוואַקסענע מענטשן, ביי וועלכע דאָס רויכערן איז שוין געוואָרן אַ געוווינהייט, אָבער עס וואַקסט דאָך אונטער אַ נייער דור, אויף וועלכן עס וואַרט אַ געוואַלטיקע אַרבעט. צי דען פאָדערן מיר פון זיי צו פיל, ווען מיר פאָדערן זיי אויף זיך באַגיין מיטן קערפּער אַזוי, ער זאָל קענען אַריבערטראָגן דעם מאַקסימום אַרבעט? צי דען האָבן מיר נישט קיין רעכט צו טרוימען וועגן אַ דור יונגע קעמפער פאַר אמת און גערעכטי־קייט, וועלכע זענען גרייט צו פירן אַ מעסיק לעבן און זיך אָפּגעבן אינגאַנצן דער אויפגאַבע צו באַפרייען די מענטשהייט אויף שטענדיק פון קנעכטשאַפט און מלחמה?

ז

## נאָך עטלעכע געדאַנקען וועגן געזונט

ביז איצט האָבן מיר גערעדט אויסשליסלעך וועגן דערנערונג, ווייל די דערפאַרונג האָט אונז געלערנט, אַז 2/3 געזונט הענגט אָפּ פון דערנערונג און אַז די עיקרדיקע סיבה פון דער מערהייט קראַנקהייטן ליגט אין דער אומנאָרמאַלער דערנערונג. עס עקזיסטירן אָבער אויך אַנדערע פאַקטאָרן.

אַלץ, אין וואָס דער קערפּער נויטיקט זיך, ווערט אים צוגעשטעלט אין שפּייז און געטראַנק. אַן אויסנאַם איז בלויז דער זויערשטאָף, וועלכן מיר שעפּן פון דער לופט. מיט יעדער אָטעם שעפּן מיר אַריין אַ געוויסן סכום זויערשטאָף און מיר אָטעמען אַרויס קוילנזויער. דער קוילנזויער איז אַ גאַז, וועלכער בילדעט זיך אויס אין קערפּער פון פאַרברענונגס-פּראָצעס. אַ מענטשלעכער אָרגאַניזם קען לעבן עטלעכע טעג אָן וואַסער און נאָך לענגער אָן שפּייז, אָבער אָן זויערשטאָף וועט ער דורכלעבן נישט מער ווי 2—3 מינוט.

דער פאַרהיסטאָרישער מענטש האָט נישט געהאַט וואָס צו טראַכטן וועגן דעם: ער האָט געלעבט אויף דער לופט און דער קוילנזויער, וועלכן ער פלעגט אַרויסאָטעמען, פלעגט תיכף אַוועקגעטראָגן ווערן פון ווינט, פלעגט איינגעשלונגען ווערן דורך די געוויקסן און פלעגט זיך ווידער פאַרוואַנדלען אין זויערשטאָף. און שפּעטער, ווען דער מענטש האָט זיך אויסגעבויט אַ געצעלט צו שיצן זיך קעגן שלעכטן וועטער, האָט ער געלאָזן אין אים אַ גרויסע עפענונג פאַרן רויך און אַ קליינע פאַר דער ליכט. אָבער אונזער פּרעכטיקע קולטור שטעלט אויף לופטאום-דורכדרינגלעכע ווענט און דערפינדט אַ שטאָף, וואָס לאָזט אַדורך דאָס ליכט, אָבער נישט קיין לופט. דידאָזיקע „פאַרפּולקאָמונגען" האָבן געבראַכט מיט זיך טובערקולאָז און אַנדערע, ווייניקער געפערלעכע קראַנקהייטן, ווי קאַטער, הוסט, האַלז-פאַרקילונגען.

נישט קיין סך פון אונז גיט זיך איין צו פאַרברענגען

גענוג לאַנג אויף דער פרייער לופט, מיר וואָלטן אָבער דאָרט געדאַרפט זיין די גאַנצע זיבן-אַכט שעה פון אונזער שלאָף. כ'ווייס, אַז דאָס איז זינלאָז צו עצהגען די אָרימע. איך אַליין בין אַ סך יאָרן געווען זייער אָרים און כ'געדענק, ווי כ'פלעג אַרויפשלעפן אויף זיך ביינאַכט מיינע אַלע בגדים, כדי נישט דערפרוירן צו ווערן; אָבער פון דעמאָלט אָן, זינט כ'האָב זיך איבערצייגט אין דער באַדייטונג פון פרישער לופט, בין איך נאָך קיינמאָל נישט געשלאָפן ביי אַ פאַרמאַכטן פענסטער. שלאָפט וואָס לענגער אויף דער פרייער לופט: אויב אייער קערפער איז אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד, האָט איר נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר קעלט.

די אָנהענגער פון באַטירלעכער היילונג. וועלכע פרעדיקן צו לעבן אויף דער לופט, פאַרזיכערן אויך, אַז טראָגן קליידער איז אַ שלעכטע געוווינהייט. זיי פאָדערן אונז אויף צו נעמען „זון-וואַנעס" און „דורכצולופטערן די הויט". אָבער די הויט אָטעמט דאָך נישט, זי טיילט בלויז אויס שווייס, און דאָס העגנט נישט אָפּ דערפון, צי מיר טראָגן קליידער אָדער נישט, אַבי זי זאָל זיין ריין און טרוקן. אויסטיילנדיק אַ פעטן שווייס, האַלט זיך די הויט אין איין באַנייען, זיך באַפרייענדיק פון די פאַרטריקנטע אויסגעאַרבעטע קעמערלעך. דידאָזיקע קעמערלעך דאַרפן אָפּגעריבן ווערן פון דער הויט מיט אַ שאָרסטקן האַנטוך, כדי זיי זאָלן נישט פאַרמיסטיקן די פאָרעס. יעדן טאָג מוז מען אומבאַדינגט אַרומוואַשן און אַרומרייבן דעם קערפער מיט קאַלטן וואַסער און איין אָדער צוויי מאָל אַ וואָך — מיט וואַרעמע וואַסער און זייף.

דער הויפּט-פעלער פון אונזער קולטורעלער קליידונג באַשטייט אין דעם, וואָס זי נעמט צו ענג אַרום אונזער קערפער און שטערט די פרייע באַוועגונגען פון די מוסקולן און, וואָס ס'איז נאָך וויכטיקער, דער בלוט-צירקולאַציע. אונזערע היט זענען די שטענדיקע סיבה פון אונזערע פליכן; די ענגע שטיוול רופן אַרויס — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט פאָרקומען — קאָפּווייטאָקן און פאַרקילונגען. איך האָב שוין גערעדט וועגן דער איינהייט פון אונזער אָרגאַניזם, וואָס זיין דערנערונג און געזונט העגנען אָפּ פון דער בלוט-צירקולאַציע; אָבער אויך די בלוט-צירקולאַציע איז עפּעס גאַנצעס: אויב זי ווערט פאַרשווערט אין איין אָרט,

ווייזן זיך די רעזולטאַטן אַרויס אומעטום. ביי ענגע שטיוול קלויבט זיך אָן אין די פיס געגנוג בלוט אויף צו פאַרשטאָפּן די נעפעסן און אין רעזולטאַט בלייבן איבער יענע גיפטן, וועלכע וואָלטן געדאַרפט באַזייטיקט ווערן פון אים.

פאַרוואָס טראָגן פרויען צו ענגע שיך? ווייל די מענער, וועלכע געהערן צו דעם קלאַס פון די ליידיקגייער, האַלטן זייערע פרויען, אַזוי צו זאָגן, אין האַרעמס און קוקן אויף זיי, ווי אויף שפּילצייג. די רייכע געפעלט צאַרטקייט און שוואַכקייט, קליינע הענטלעך און פיסלעך באַווייזן די צוגעהעריקייט צום קלאַס פון די פּאַראַזיטן, און דעריבער מוזן די פרויען זיך „מאַכן" קלייניקע פיסלעך און גיין אויף הויכע אָפּצאַסן, אָפטמאָל פאַרן פּרייז פון זייער געזונט.

פאַרוואָס טראָגן די מענער האַרטע היט און הויכע, שטייפע קראַגנס, וועלכע ציען אָפּ דאָס בלוט פון מאַרך און רופן אַרויס קאָפּווייטאָקן? זיי טוען דאָס דערפאַר, וואָס פון די אוראַלטע צייטן האָט דער הערשנדיקער קלאַס געשטרעבט זיך אויסטיילן אויסערלעך פון פשוטן המון... אין ענגלאַנד טראָגן די „הערן" גלייכע, שוואַרץ-זיידענע האַרטע קעסטלעך אויפן קאָפּ. די קאַנטאָר-באַאַמטע טראָגן שטייפע קראַגנס און מאַנזשעטן, כדי צו באַווייזן זייער העכער-שטיין איבערן פּראָלעטאַריער, וועלכער שוויצט ביי זיין אַרבעט. כ'וויל האָפן, אַז מיט דער צייט וועלן מיר אָפּווישן די דאָזיקע קלאַסן-סימבאָלן און זיך אויפנייען קליידער, טראַכטנדיק וועגן וואַרעמקייט און באַקוועמלעכקייט, און נישט וועגן נאַרישער עלעגאַנץ.

## VI

## אַרבעט און אָפּרו

ווען מיר באַהאַנדלען אַזאַ אויף דער העכסטער מדרגה וויכטיקע פראַגע וועגן באַוועגונג אויף פרישער לופט, טאָרן מיר נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז אונזער הייַנטצייטיקע קולטור טיילט די מענטשן אויף צוויי קלאַסן — אויף אַזעלכע, וועלכע עס קומט

אויס צו מאַכן צו־פיל באַוועגונגען און אויף אַזעלכע, וועלכע ס'איז באַשערט זיך באַוועגן זייער ווינציק. כ'וועל אָנהויבן פון די ערשטע. זייער צאָל איז זייער גרויס, זי נעמט אַרום כמעט אַלע פיזישע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. צו דערדאָזיקער צאָל געהערן אויך די קליין־פויערים און בעלי־גופים, וועלכע אַרבעטן פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט און זייערע ווייבער — שקלאַפינס, וואָס זייער אַרבעט האָט גאָר קיין סוף נישט. איך ווייס, אַז דידאָזיקע מענטשן זענען איינגעקאָרטשעט פון רעמאַטעס, פון נירן־קראַנקהייטן און קראַנקהייטן פון די בלוט־געפעסן, ווייל אין זייער אָרגאַניזם קלויבן זיך אָן אין גרויסע סכומים די מידקייט־גיפטן און ער קען זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן.

די פאַרגאַנגענהייט אינטערעסירט מיך נישט און ס'האָט קיין זינען נישט זי צו פאַראורטיילן; אין די אינטערעסן פון דער צוקונפט קריטיקיר איך די קעגנוואַרט און כ'שטרייך אונטער, אַז די מאָדערנע טעכניק און אינדוסטרי שליסט שוין ביי היינטיקן טאָג אויס די נויטווענדיקייט פאַר דער פרוי — צו שטיין אַ גאַנצן טאָג אין קיך און פאַרן מאַנסביל — אין דער פאַבריק. דער צוועלף־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג אין די מעטאַלורגישע אונטער־נעמונגען און אַ צען־ און עלף־שעהדיקע אַרבעט אין די פאַב־ריקן און אין די קוילן־שאַכטעס איז אַן אומגלויבלעכע משוגעת. דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַ לאָזונג: „8 שעה אַרבעט, 8 שעה אָפּרו, 8 שעה שלאָף"; מיין לאָזונג זאָגט: „4 שעה פיזישע אַרבעט, 4 שעה גייסטיקע אַרבעט, 8 שעה אָפּרו, 8 שעה שלאָף".

כ'בין גרייט אייך אויפצוווייזן, אַז ביי אַ פירשעהדיקער אַרבעט פון אַלע געזונטע, שטאַרקע מענער און פרויען איז מעגלעך צו פּראָדוצירן נישט נאָר אַלץ וואָס נויטיק, נאָר אויך דאָס, וואָס שטעלט נישט פאָר מיט זיך קיין אַרטיקלען פון ערש־טער נויטווענדיקייט. איך דערקלער אַלע קנעכט אין די שאַכטעס און פאַבריקן, אויף די פעלדער און אין די שטיבער, אַז זיי אַרבעטן צופיל, אַז זיי נויטיקן זיך אין אַ גוטינקן ערטעלע אין וואַלד, ווו מ'קען זיך אויסציען און דורכלייענען אַ גוט בוך, און נישט נאָר עטלעכע שעה, נאָר עטלעכע חדשים, ביז זיי

וועלן זיך נישט אויסרוען פון די רעזולטאַטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער קולטור.

און איצט לאָמיר צוטרעטן צו די מענטשן, וועלכע ס'איז באַשערט זיך באַוועגן צו ווייניק. דער קעניג פּירוש האָט אַרויסגעלאָזן צו זיינע חיילות אַ באַפעל, אַז יעדער מענטש זאָל איינמאָל אין משך פון 24 שעה אומבאַדינגט זיך גוט דורכשוויצן. דעמדאָזיקן באַפעל וואָלט מען געדאַרפט לאָזן אין קראַפט אויך פאַר אונזערע אַלע הייַנטיקע געשעפטס-מענטשן, אָנגעשטעלטע און ביוראָקראַטן. אַנדערש איז אוממעגלעך צו זיין געזונט. איינער אַ דאָקטאָר האָט געלאָזט פאַלן אַ מימרא: „די הייַנטיקע פרוי שיקט אָפּ פון שטוב איר געזונט צוזאַמען מיט איר וועש". און די פרויען פון לייַדיקגייער-קלאַס ברעכן זיך די קעפּ אין די סאַנאַטאָריעס און קענען נישט פאַרשטיין דידאָזיקע ווערטער.

לויט מיין מיינונג דאַרף יעדער איינציקער זיך גרינטלעך דורכשוויצן, לכל הפחות, דריי, פיר מאָל אין דער וואָך. דעם געשעפטסמאַן עצה איך אַראָפּצונעמען זיין סורדוט און דעם שטייפן קראַגן און גיין העלפן דעם פורמאַן טראָגן משאות. דער גייסטיקער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אַרבעטן אין זיינע קאַנטאָרן בלויז אַ האַלבן טאָג, און דעם צווייטן האַלבן טאָג אַרבעטן מיט אַ לאָפּאַטע אין האַנט. דער גייסטיקער אַרבעטער נויטיקט זיך נישט נאָר אין באַוועגונג, נאָר אויך אין שפּיל, וואָס איז פאַרבונדן מיט באַוועגונג, וואָס זאָל געבן אָפּרו זיין מאַרך.

אונזער קולטור האָט פאַרניכטעט די שפּיל און דעם גייסט פון שפּיל. מיר ווייסן נישט מער, וואָס דאָס הייסט אַזוינס זיך שפּילן און מיר קוקן אויף דער שפּיל, ווי אויף עפּעס נישט פּאַסיקס פאַר אונז. די קינדער דערלויבן מיר צו שפּילן זיך אין דער פרייער צייט און אין יום-טובים, ביים דערוואַקסענעם אָבער איז דער פאַרלאַנג זיך צו שפּילן כמעט נישט ווינציקער נישט שיין, ווי דער פאַרלאַנג זיך אָנצושכורן. צי איז דען דאָ אַ מער קלאָגעדיק בילד, ווי דער גרויסער עולם צוקוקער אויף אַ מאַטש אין בעז-באָל אָדער פוטבאָל? שטעלט זיך נאָר פאָר אַן ענלעכן עולם אין רעסטאָראַן, וועלכער קוקט זיך צו, ווי איר עסט! שטעלט זיך נאָר פאָר די פאַרוווּנדערונג פון עפּעס אַ מאַרס-

באַוווינער, ווען ער זאָל אַראָפּפאַלן אויף דער ערד און דערזען, אַז ס'זענען דאָ מענטשן, וואָס זייער אַרבעט באַשטייט אין טרענירן זיך צו דער שפּיל.

די פּיינט פון סאָציאַליזם פרעגן אונז, וואָס וועט אנשפּאַרנען די מענטשן צו דער אַרבעט נאָכן פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם? ווען מיר ענטפערן, אַז די אַרבעט שטעלט פאָר פאַרן מענטשן אַ נאַטירלעכע פונקציע און ווען זי זאָל נישט עקזיסטירן, וואָלטן זי די מענטשן אויסגעטראַכט, שאָקלען זיי מיט די קעפּ און רעדן וועגן די „רעטעגישן פון דער מענטשלעכער נאַטור". אָבער גיט נאָר אַ טראַכט וועגן ספּאָרט. קיינער צווינגט נישט די מענטשן זיך פאַרנעמען מיט אים און פונדעסטוועגן טוען זיי דאָס. זיי טראַכטן צו די קאָמפּליצירטסטע שפּילן און זענען בלויז דאַן באַפרידיקט, ווען עס געפינען זיך אַנדערע מענטשן, וועלכע באַזיגן זיי אָדער שטעלן זיי אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. ס'קען זיין, אַז כ'קוק אויפן מענטשן צו אָפּטימיסטיש, כ'גלויב אָבער, אַז דער מענטש מוז פילן אַ באַדערפעניש אָנצווענדן זיינע פיזישע און גייסטיקע כוחות. אויב איר גלויבט נישט, טאָ פּרובירט געבן אַ גרופּע יינגלעך אַ פּילקע מיט אַ קלאַפּער און איר וועט זען, אַז זיי וועלן מיט פרייד אַוועקלויפן זיך שפּילן. און אויב איר וועט מיינען, אַז בלויז די פיזישע פאַרמעסטונג פאַרשאַפט זיי פאַרגעניגן, טאָ גיט זיי איבער אויפצופירן עפּעס אַ פּיעסע אָדער אַרויסלאָזן אַ צייטונג, אָדער אויסבויען אַ הויז — בכלל טאָן עפּעס אַזוינס, מיט וואָס עס איז פאַרבונדן אַ שכלדיקע פאַרמעסטונג און וואָס עס זאָל נישט געטאָן ווערן מיטן ציל צו באַקומען אַ נוצן דערפון. דער חלוק צווישן אַן אַרבעט און אַ שפּיל לאָזט זיך לייכט דעפינירן: אַ שפּיל איז דאָס, וואָס יעדער וואָלט געוואָלט טאָן, אַן אַרבעט איז דאָס, צו וואָס עס טרייבט אים דער נוצן.

# היילונג דורך הונגער

איצט וועלן מיר באַטראַכטן פאַרשיידענע מענטשלעכע קראַנקהייטן, זייערע סיבות און זייער היילונג. צופעליק איז מיר באַקאַנט איין מיטל, וועלכער איז בכח צו טאָן כמעט אוממעגלעכעס — אויסהיילן „אַלע" קראַנקהייטן.

ווען איך בין געווען אַ ייִנגל און געלעבט אין ניו־יאָרק, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל דער 41-טאָגיקער הונגער פון דאָקטאָר טאַננער. קיינער האָט אים נישט געוואָלט גלויבן, אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז אין געהיים מוז ער זיך פאַרט דערנערן אָדער, אַז דאָס וואַסער, וועלכעס ער טרינקט, אַנטהאַלט אין זיך געוויסע נאַרהאַפטיקע שטאָפן. מ'האָט גערעדט, אַז נאָך אַ פינף־זעקס טעג מוז אַ מענטש שטאַרבן פון הונגער. אין 1910 יאָר האָב איך געשריבן אין איינעם פון מיינע אַרטיקלען, אַז אין משך פון 12—10 טעג האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן פון עסן, און כ'האָב אויך מיטגעטיילט וועגן די רעזולטאַטן פון הונגער, און איך האָב אין מיין עקספּערימענט אָנגעטראָפן פונקט אויף אַזאַ אויפנאַמע, ווי דער אַלטער דאָקטאָר טאַננער. מ'האָט מיר צוגעשיקט בריוו מיט דערקלערונגען, אַז כ'בין אַ שווינדלער. ביי דערזעלבער מיינונג האָבן זיך געהאַלטן אויך די ציימונגען.

די מענטשן זענען איבערצייגט, אַז נאָך עטלעכע טעג הונגער איז דער טויט אוממפאַרמיידלעך. נישט לאַנג צוריק האָבן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק די אַרעסטירטע אירלענדער, אַלס פּראָטעסט קעגן ענגלאַנדס הערשאַפט אין אירלאַנד. אויפן צוואַנציקסטן טאָג האָבן די ציימונגען געשריבן, אַז די אַרעסטירטע האַלטן ביים שטאַרבן, אַז מ'האָט שוין געשיקט נאָך אַ גייסטלעכן און אַז די קרובים פאַרזאַמלען זיך אַרום די תפיסות. אַזעלכע ידיעות פלעגן זיך איבערחזרן פון טאָג צו טאָג. אויפן 74 טאָג פון הונגער איז געשטאָרבן דער בורגמיסטער פון דער שטאָט קאָרק, מאַקסואינעי, און אויפן 78-טן טאָג אַ צווייטער אַרעסטירטער.

אויפן 94-טן טאָג האָבן זיך די אַנדערע אַרעסטירטע אָפּגעזאָגט פון ווייטער פירן דעם הונגער-שטרייק און אַלע זענען געבליבן לעבן. נעמט זיך אַריין גוט אין זינען: ווינציקער ווי אין צוויי חדשים וועט פון הונגער קיינער נישט שטאַרבן, און דיקע מענטשן זענען בכּוח אויסצוהאַלטן אָן עסן פון 3 ביז 4 חדשים. די, וועלכע „שטאַרבן פון הונגער" פריער פאַרן דאָזיקן טערמין, שטאַרבן נישט פון הונגער, נאָר פון שרעק.

הונגער — דאָס איז אַ פיזיאָלאָגישער פּראָצעס, מיט אַנ- דערע ווערטער אַזאַ פּראָצעס, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך עפּעס באַטירלעכס און וועלכן די נאַטור קען אויסנוצן פאַר אירע צילן. יעדע קאַץ, יעדער הונט האָט אויף אַזויפיל פאַרשטאַנד, נישט צו עסן אין דער צייט פון אַ קראַנקהייט, און בלויז אין היינ- טיקע שפּיטאָלן הערשט דער שעדלעכער מנהג צו דערנערן קראַנקע. כ'דערמאָן זיך וועגן איינעם אַ מענטשן, וואָס האָט דערגרייכט באַרימטקייט און רייכטום דורכדעם, וואָס ער האָט געהיילט הינט, וועלכע האָבן געהערט צו רייכע. דידאָזיקע קליינע באַשעפענישן, וועלכע שלאָפן אויף זיידענע קישנס, וועלכע ווערן באַדינט דורך אַ ספּעציעלער דינערשאַפט און וועלכע עסן טייערע מאכלים פון גאָלדענע און זילבערנע טעלערס, ליידן פונקט פון אַזויפיל קראַנקהייטן, ווי זייערע באַלעבאָסטעס. דידאָזיקע פלעגן ברענגען צופירן זייערע הינטלעך צום ספּעציאַליסט, וואָס זיין שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין אַ אַלטער ציגל-פאַבריק. דער ספּעציאַליסט פלעגט פאַרשפּאַרן דעם הונט אין אַ קאָנורע, פלעגט אַוועקשטעלן פאַר אים אַ שעלכל וואַסער און אַוועקלייגן אַ שטיקעלע דאַר ברויט, אַ שטיקל שפּעק און אַ אַלטן זויל. און ער פלעגט וואַרטן. ווען דער הונט פלעגט אויפעסן דאָס שטי- קעלע דאַר ברויט, פלעגט ער שרייבן דער באַלעבאָסטע, אַז דעם הונט איז שוין בעסער. אין עטלעכע טעג אַרום פלעגט דער הונט אויפעסן די שפּעק און דער ספּעציאַליסט פלעגט מודיע זיין דער באַלעבאָסטע, אַז דער הונט איז שוין כּמעט געזונט. ווען עס פלעגט זיין אויפגעגעסן אויך דער אַלטער זויל, פלעגט ער דעם הונט אויסשרייבן פון שפּיטאָל.

דורך וואָס-זשע ווירקט דער הונגער? גענוי ווייס איך דאָס נישט און כ'קען בלויז זיך לערנען טרעפן. איך מיין, אַז די

נישט ריכטיקע דערנערונג און די אָנזאַמלונג פון שפּייז-גיפטן אין אָרגאַניזם איז די עיקרדיקע סיבה פון קראַנקהייטן. און דער הונגער טוט אָט וואָס: ערשטנס, ווערט אָפּגעשטעלט דער צופיר פון נייע גיפטן, צווייטנס, רוען זיך אָפּ די פאַרדייאונגס-אָרגאַנען און זייער ענערגיע גייט זיך איבער די אַנדערע אָרגאַנען. אין דער צייט פון הונגער פאַרלירט מען טעגלעך אין וואָג פון 1 ביז 2 פונט און דאָס גייט צוערשט אויפן חשבון פון פעטס, דערנאָך אויפן חשבון פון די מוסקולן. ערשט דאַן, ווען אַלע מוסקול-געוועבן זענען פאַרניכטעט, שטאַרבט דער מענטש פון הונגער.

אין דער צייט פון הונגער קומט אין קערפּער פאָר אַ „רייניקונג". אַלע גיפטיקע שטאָפן ווערן דערוויטערט. דער אָטעם און דער שווייס פון הונגערנדיקן גיבן אַרויס אַ שלעכטן גערוך, די צונג איז פאַרלייגט. אין 10, 20, אָפּטמאָל ערשט אין 40, אָדער 50 טעג אַרום פאַרשווינדן דידאָזיקע סימנים פון זיך אַליין, די צונג ווערט ריין, דער אָטעם פאַרלירט כמעט זיין שלעכטן גערוך. אין דער צייט פון הונגער פאַרלירט מען יעדן אינטערעס צום עסן, מ'פאַרגעסט לחלוטין וועגן אים, און פּלוצלונג קערט זיך אום דער אַפּעטיט און מ'קען וועגן קיין זאַך נישט טראַכטן, אַ חוץ וועגן עסן.

פאַרשיידענע קראַנקהייטן האָבן פאַרשיידענע סיבות, איינע פון זיי היילן זיך שנעלער אויס דורך הונגער, אַנדערע לאַנג-זאַמער; צו די ערשטע געהערן די קראַנקהייטן פון די געדערים, פון בויך-חלל און פון מאָגן. דערנאָך קומען די קראַנקהייטן, וועלכע ווערן אַרויסגערופן דורך דעם אומנאָרמאַלן צושטאַנד פון בלוט. אויך אויף די געוויינלעכע אנשטעקונגס-קראַנקהייטן, ווי קאַטער און האַלז-קראַנקהייטן, האָט דער הונגער אַ גוטע ווירקונג.

אויב איר האָט באַשלאָסן צו היילן זיך דורך הונגער, דאַרפט איר קודם כל איבערצייגן זיך גופא, אַז דער עקספּע-רימענט וועט אייך נישט ברענגען קיין שאדן; דאָסזעלבע איז אויך נוגע די, וואָס רינגלען אייך אַרום, ווייל אַנישט וועלן זיי זיך שרעקן פאַר אייך און וועלן אייך אָנשטעקן מיט זייער שרעק. כ'האָב שוין געזאָגט, אַז מ'קען גיכער שטאַרבן פון שרעק, איידער פון הונגער.

ווען איך האָב געהונגערט צום ערשטן מאָל, האָב איך זיך געפילט אַזוי שוואַך, אַז בלויז מיט גרויס מי האָב איך געקענט אַרויסגיין אויפן הויף. אָבער איצט, ווען כ׳האָב זיך צוגעווינט דערצו, קען איך הונגערן אַ גאַנצן חודש און נישט אָפּשטעלן מיין געוויינלעכע אַרבעט. אין דער צייט פון הונגער טוט בלויז דאָס, צו וואָס איר האָט חשק. לייגט זיך, לייענט, מאַכט וואָס ווינציקער באַוועגונגען. טרייבט אַרויס די אַלע, וועלכע זאָגן, אַז אייער האַרץ וועט אינגיכן אויפהערן צו קלאַפּן און, אַז איר דאַרפט זיך מאַכן אַן איינשפּריצונג און כדי „צו שטאַרקן זיך" אויפעסן אַ ביפשטעקס. טרויט זיך אינגאַנצן אָן דער נאַטור, וועלכע גיט אַכטונג אויף אייער האַרץ פּונקט אַזוי זיכער און אַזוי גוט, ווי אין יענע טעג, ווען איר זענט געבוירן געוואָרן.

אונטערן וואָרט הונגערן פאַרשטיי איך: גאָרנישט נישט עסן, אָבער טרינקען וואָס מער וואַסער — דערמיט העלפט איר דער „רייניקונג". פאַרן הונגער איז גוט איינצונעמען אַן אָפּפיר-מיטל, ווייל אין דער צייט פון הונגער קען לייכט אַריינטרעטן אַן אָפּשוואַכונג פון די געדערים. אין דער צייט פון הונגער נעמט אַ וואַרעמע וואַנע, זייט וואָס מער אויף דער פרישער לופט, שלאָפט וואָס מער. דאָס לעצטע וועט אייך אפשר אָנקומען שווער, ווייל בעתן הונגער ווערט מען נערוועז. פּרובירט פאָלגנדיקן מיטל: לייגט אַוועק איין פלאַש מיט וואַרעם וואַסער אויפן בויך, די צווייטע אויף די פיס; אויף אַזאַ אופן ווערט דאָס בלוט אָפּגעצויגן פון קאָפּ און מ׳ווערט שנעל אַנטשלאָפן. אויב ס׳איז אייך מעגלעך הערט אין משך פון הונגער מוזיק און לייענט ביכער. איר וועט שטוינען, ווי פריש אייער קאָפּ וועט זיין, אייער בלוט אויף איז אַזוי ווייט פאַרסמט געווען מיט גיפטן, אַז איר האָט גאָרנישט געוווּסט, ווי לייכט איר קענט טראַכטן. אין דער צייט פון 2½-טאָגיקן הונגער האָב איך אָנגעשריבן אַ דריי-אַקטיקע דראַמע, אָבער איך וואָלט אייך נישט געעצהט נאָכצוטאָן מיין ביישפּיל, ווייל גייסטיקע אָנשטרענגונג שוואַכט אָפּ די ווירקונג פון הונגער. אין דער צייט פון הונגער לאָזט איבער אַלע פּראָגעס אין אַ זייט און זאָרגט בלויז וועגן פאַרוויילונג.

VIII

# די פאַרענדיקונג פון הונגער

עס בלייבט אונז נאָך איבער צו באַהאַנדלען זייער אַ וויסטיקע פראַגע וועגן פאַרענדיקן דעם הונגער. מיט אַ נישט ריכטיקער דיעטע קענט איר זיך דערבײַ אַ סך שאָדן ברענגען. איר מעגט רואיק הונגערן כּל זמן איר פילט זיך גוט, ווען איר ווערט אָבער צופיל אָפּגעשוואַכט אָדער ווען די נערוון פון אייער פאַמיליע האַלטן מער נישט אויס, דאַן ענדיקט דעם הונגער און באַוויייזט, אַז אין אַ קורצער צייט קענט איר צוריק באַקומען די פאַרלאָרענע געוויכט און כּוחות. צוערשט עסט בלויז פּליסיקס: פרוכטן-זאַפט, בוליאָן און אַז. וו. אויב איר האָט געהונגערט 1—2 וואָכן, טאָ טרינקט אויס צו פערטל גלאָז. אויב אַ חודש, טאָ צו טיי-לעפעלע יעדע צוויי שעה. אויפן צווייטן טאָג — מילך, אַ שיטער איי, אַ שיטערע עפל-קאַשע. ביזן דריטן טאָג מיידט אויס אַלץ, וואָס אַנטהאַלט קראָכמאַל. איך ווייס פון דערפאַרונג, אַז ווען איר וועט זיך נישט האַלטן ביי דידאָזיקע כּללים, קענט איר זיך ברענגען גרויס שאָדן. בעסער פאַר אַלץ איז אָנצוהויבן פון אַ מילכיקער דיעטע. ווען איך האָב געהונגערט צום ערשטן מאָל אין משך פון 12 טעג האָב איך פאַרלאָרן 17 פונט; נאָך אַ 24-טאָגיקער מילכיקס-דיעטע האָב איך צוגענומען אין געוויכט 32 פונט. ביי אַ מילכיקער דיעטע טאָר מען זיך אָבער נישט אויפרעגן אָדער זיך ביייזערן, ווייל אין קעגנפאַל אַנטשטייען קאָנוווּלסיעס. די מילכיקס-דיעטע איז דער בעסטער אופן אויף צו פאַרענדיקן דעם הונגער; פילסט זיך וווּנדערלעך גוט און רואיק. טאָג-טעגלעך נעמט מען צו אין וואָג 2—1½ פונט און ערשט דאַן דערוויסט מען זיך, וואָס עס באַדייט אַ פולקאָמען געזונט. די היילונג דורך הונגער גיט אונז די מעגלעכקייט צו דערוויסן זיך, ווי אַזוי צו געניסן אין דער פולער מאָס פון לעבן, פאָלגנדיק די געזעצן פון דער נאַטור, און מיר וועלן שוין מער קיינמאָל נישט זיין צופרידן מיט יענעם האַלב-

לעבן, וועלכעס מיר האָבן געפירט פריער, איידער מיר האָבן זיך באַקענט מיטן דאָזיקן הייל-מיטל.

## IX

## נאָכוואָרט

אין דער צייט, וואָס איך שרייב די דאָזיקע שורות וועגן וואָרג פאַרן געזונט, ווער איך געפייניקט פון געוויסנסביסן. איך ווייס, אַז די דורך מיר רעקאָמענדירטע געזונטע דערנערונג, כירורגן, ציין-דאָקטוירים, און אַפילו זונען-ליכט, פרישע לופט און אָפּרו — קאָסטן געלט, אַפילו הונגערן קען מען נישט אומזיסט, ווייל אין דער דאָזיקער צייט דאַרף מען רוען, ווינטערצייט האָבן איבערן קאָפּ אַ דאַך, וואַרימע בגדים און די הילף פון אַ מענטשן, אויב איר זענט זייער שוואַך. כ׳ווייס, אַז פאַר אַ סך לייענער איז דאָס אַלץ אומדערגרייכלעך, פונקט ווי עס זענען נוצלאָז פאַר דער ברייטער מאַסע די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט. די וויסנשאַפט אַנטדעקט מיטלען ווי אַזוי צו פאַרמיידן קראַנקהייטן, אָבער זיי ווערן נישט אָנגעווענדט, ווייל עס הערשט ביי אונדז אַ סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע, וואָס פאָדערט פון די אַרבעטער אַרבעט און זי קימערט זיך לחלוטין נישט וועגן זייער געזונט. ווערט קראַנק אַן אַרבעטער, וואַרפט מען אים אַרויס, און אויף זיין אָרט געפינט זיך נישט איינער, נאָר עטלעכע קאַנדידאַטן.

אַזוי, למשל, ווערט אויף טובערקולאָז קראַנק בלויז אַזאַ אָרגאַניזם, וואָס איז אויסגעצערט דורך אומגענוגנדיקער דערנערונג און מאַנגל אין פרישע לופט. דעריבער איז טובערקולאָז אַ קראַנקהייט פון קעלערס און תפיסות, די כאַראַקטעריסטישע קראַנקהייט פון אָרימקייט, זי וואָלט געקענט אונטערגיין אין משך פון איין דור, און דאָסזעלבע איז אויך גערעדט געוואָרן וועגן סיפיליס. עס זענען דאָ נאָך אַ גאַנצע ריי קראַנקהייטן, וועלכע מ׳קען פאַרניכטן דורך פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון היגיענע און פון אַ ראַציאָנעלער דערציאונג. צו דער דאָזיקער צאָל געהערן

די מערהייט קינדער־קראַנקהייטן און די געשלעכט־קראַנקהייטן. אבער אויך דאָ שליסט אויס די עקזיסטענץ פון קאַפּיטאַליסטישן סדר דידאָזיקע מעגלעכקייט, און דעריבער זאָג איך, אַז די געפערלעכסטע קראַנקהייט, דער מקור פון אַלע אַנדערע קראַנקהייטן איז די אָרימקייט.

כ׳קען איינעם אַ דאָקטאָר, וואָס זיינע פּאַציענטן געהערן כמעט אַלע צו די רייכע קלאַסן. ער איז אַ מענטש זייער אַן ערלעכער און איינמאָל האָט ער זיך מיר מודה געווען: „כ׳האָב מיין אַרבעט; כ׳ווייס, אַז כ׳פּטר מיין צייט אומזיסט־אומנישט. מ׳רופט מיך צו פעטע, איבערגעפרעסענע גבירים אין פּרעכטיקע ווילעס. וואָס־זשע דאַרף איך זיי זאָגן? אומגעפער אָט וואָס: איר פירט אַן אומנאָרמאַל לעבן און איר וועט נישט זיין געזונט, כּל זמן איר וועט נישט פאַרלאָזן אייערע געוווינהייטן זיך צערטלען און איבערעסן. אָבער פון טויזנט פּאַציענטן קען איך דאָס זאָגן בלויז איינעם. איך דאַרף זיין ערנסט און העפלעך, זיי אויסהערן, ווען זיי דערציילן לאַנג און לאַנגווייליק וועגן זייערע סימפּטאָמען, כ׳דאַרף זיי באַרואיקן, זיי פאַרשרייבן רפואות, וועלכע באַזייטיקן נישט אויף לאַנג די סימפּטאָמען פון די איינגערעדטע קראַנקהייטן”.

וואָס האָב איך געקענט ענטפערן דעמדאָזיקן ערלעכן דאָקטאָר? האָב איך אים געדאַרפט זאָגן, ער זאָל גיין צו די אָרימע? צי וואָלט ער זיך דאָרט געפילט גליקלעכער? אמת, ער וואָלט זיי געקענט דערקלערן די סיבות פון זייערע קראַנקהייטן, זיי וואָלטן אים גערן אויסגעהערט — זיי זענען דאָך געוווינט צו הערן דאָס, וואָס מ׳רעדט צו זיי, און אויסצופירן דאָס, וואָס מ׳הייסט. אָט וועט ער געפינען אַ מיידל ערגעץ אין אַ קעלער, וואָס אַרבעט 11—10 שעה אַ טאָג אין אַ שלעכט־דורכגעלופטערטער פאַבריק־געביידע און וועלכע איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז. ער וועט איר זאָגן, אַז זי דאַרף זיך אויסרוען, זיין וואָס מער אויף דער פרישער לופט, טרינקען אַ סך מילך, עסן אייער. און ער ווייסט, אַז דעם מיידל איז דאָס פּונקט אַזוי לייכט אויסצופירן, ווי פליען אויף דער לבנה. אָדער ער וועט אַנטדעקן, אַז די טיף־עפּידעמיע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ שלעכטער קאַנאַליזאַציע אין די הייזער

פון פּאָליטישן קרייז־פירער! אָדער ער וועט געפינען אַ געשלעכט־קראַנקהייט ביי אַ יונגן מענטשן, וועלכן מיר האָבן אַריינגעפּאַקט אין דער אַרמיי און אים אַרויסגעלאָזן צווישן די פּאַריזער פּאַרווילונגען! ס׳קען זיין, אַז ער וועט זיך דערוויסן די געוויינלעכע געשיכטע פון קלאַס, וועלכער דערנערט שלעכט פראַצ. פון זיינע שול־קינדער, ווייל די עלטערן האָבן נישט קיין מיטלען, נישט קיין אַרבעט, אָדער די מיטלען זענען אַזוי קליין, אַז זיי זענען נישט בכח ווי געהעריק צו דערנערן זייערע קינדער. קוקט זיך גוט צו צו דידאָזיקע טרויעריקע פאַקטן פון אונזער סאָציאַלן סדר און איר וועט זיך איבערצייגן, אַז די פּראָבלעם פון קראַנקהייטן איז נישט בלויז אַ פּראָבלעם פון קערפּער, נאָר אויך פון גייסט: אַ פּראָבלעם פון פּאָליטיק, פון רעליגיע, פון דער פילאָזאָפיע, פון אַלע גייסטיקע דערשיינונגען פון אונזער אַזויגערופענער „קולטורעלער" וועלט. אַ בנך ווען געזונט, וואָס וואָלט נישט באַריִרט דידאָזיקע אַלע פראַגעס, וואָלט פשוט געוועזן אַ שווינדלעריי.

דערווייל אָבער דאַרפן מיר לעבן, און לעבן גוט וועלן מיר קענען בלויז דאַן, ווען מיר וועלן זיין געזונט. איך האָב זיך באַמיט אייך אויפצוקלערן, ווי אַזוי מ׳קען דאָס דערגרייכן. די גאַנצע פיזישע סיסטעם, וועלכע כ׳האָב דאָ אויפגעשטעלט, באַזירט אויף גייסטיקע געוווינהייטן, אַלע געזונטע און קלוגע געוווינהייטן קענען ווערן „אַ צווייטע נאַטור" (כל זמן דער גייסט פאָרמירט זיך נאָך) דורכדעם, וואָס מיר טוען זיי לחלוטין מעכאַניש, נישט דאַרפנדיק איבערגוברן אַ נסיון נישט צו טאָן זיי. אָט דאָ ליגט דער סוד פון אמתן גליק אין לעבן; דערגרייכן אַ הויכן גראַד פון זעלבסטבאַהערשונג, האָבן די מאַכט איבער אַלע אונזערע פאַרלאַנגען און ליידנשאַפטן און אָנפירן מיט זיי. ווי אַ שאָפער פירט אָן מיט אַן אויטאָמאָביל, וועלכן ער קען גוט. מיר וואָלטן אומזיסט געפּרעדיקט פרייהייט פאַר די, וועמען עס איז נישט קיין האַר איבער זיך אַליין.

דער וועלכער פולשטענדיקער צושטאַנד, וועלכן מיר קענען דערגרייכן, איז אַ געזונטער קערפּער, וואָס איז אונטערגעוואָרפן אַ געזונטן גייסט.

וואָס אזוינס איז די חתונה.—די אנטוויקלונג פון דער התונה.— די געשלעכט-פראגע און די אמעריקאנער יוגנט. — די געשלעכט-פראגע און די „פאַרנעמע געזעלשאפט“. — די געשלעכט-פראגע און די אָרימקייט. — ליבע און ווירטשאפט. — חתונה און געלט. — ליבע אָדער גלוסטונג. — דער צושטאנד פון נישט חתונה-האָבן און צניעות. — די ליבע פארטיידיקט זיך. — די פארהיטונג פון שוואנגערשאפט. — דאָס געשלעכט און די נאטור. — די פינאנסיעלע זייט פון דער חתונה. — די פארטיידיקונג פון מאָנאָגאַמיע. — די פראָבלעם פון אייפערזוכט.

I

## וואָס אַזוינס איז די חתונה

פונקט ווי די מענטשן דערעסן איינער דעם צווייטן דאָס לעבן דורך קריגערייען וועגן פאַלשע רעליגיעזע איבערצייגונגען, פונקט ווי דורך אַ נישט-ריכטיקער דיעטע און שלעכטע נישט-היגיעניש געוווינהייטן שלעפן זיי אַרויף אויף זיך קראַנקהייטן און ליידן, — אַזוי פאַרשאַפן זיי זיך אויך פיין און ליידן דורכדעם, וואָס עס פעלן זיי די פרימיטיווסטע באַגריפן וועגן די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די מינים. אין געביט פון רעליגיע איז דערלויבט איבערצוגעבן די אייגענע ידיעות. אויב איך וועל זאָגן צו אַזעלכע, וואָס גלויבן אין טייוול, אַז ער איז נישט בנמצא און אַז איר וועט זיך נישט בראָטן אין גיהנומשן פייער, וועט מיך קיינער דערפאַר נישט פאַרברענען אויפן

שייטערהויפן, ווי שטאַרק דאָס זאָל זיך אייניקע מענטשן נישט וועלן. אויב איך וועל נעמען פאַרזיכערן, אַז ס'איז לחלוטין נישט שעדלעך צו עסן אין די פרייטיקן פלייש, און אין די אַנדערע טעג פון וואָך — חזיר-פלייש, וועלן מיך נישט די בישאָפן, נישט די רבנים און נישט די וועגעטאַריער נישט אַריינוואַרפן דערפאַר אין תפיסה. אָבער אויב איך וועל אייך נעמען דערציילן וועגן די פשוטסטע און נויטווענדיקסטע ידיעות וועגן די געשלעכט-פראַגעס — וועגן זאַכן, וועלכע עס וואָלטן געדאַרפט וויסן יעדער מאַנסביל און יעדע פרוי, כדי מיר זאָלן ענדלעך אויפהערן צו געבוירן דעגענערירטע און שוואַכזיניקע באַשעפענישן — דאַן וועט מיך אונזער געזעץ פאַרמשפטן צו אַ שטראָף פון 5000 דאָלאַר און צו פינף יאָר אויסבעסערונגס-הויז.

דעריבער וועל איך זאָגן וועגן דידאָזיקע זאַכן בלויז אַזוי-פיל, וויפל איך קען זאָגן, זאָגן אַלץ מיט פשוטע ווערטער, איינגאַנצן ערלעך און אָפן. איך האָב אַ טיפן גלויבן אין דעם, אַז מענטשן זענען געשאַפן געוואָרן צו זיין גליקלעך און, אַז דער ציל פון די מענטשלעכע שטרעבונגען איז אַרויסצוטראָגן די נויט און די קראַנקהייטן. איך גלויב, אַז דער פאַרשטאַנד איז אונז געגעבן געוואָרן אויף דעם, מיר זאָלן געפינען דעם אמתן וועג צום גליק, און, אַז איבערגעבן די מענטשן דעם וויסן, וועלכער איז זיי נויטיק דערצו, כדי צו זיין גליקלעך — איז אַ גאַנץ חשובער אויפטו.

אין דאָזיקן „בוך וועגן ליבע" וועלן מיר קודם כל דאַרפן אַנאַליזירן די געשלעכט-באַציאונגען פון די מענער און פרויען, וואָס עקזיסטירן אין אונזער געזעלשאַפט. דערביי וועלן מיר מוזן קומען צום אויספיר, אַז די אומנאַטירלעכע און אומערלעכע באַציאונגען צווישן די מענטשן איז אין קיין שום אַנדער געביט נישט אויסגעדריקט אַזוי בולט, ווי גראָד אין דאָזיקן· די גאַנצע וועלט איז דאָ באַטייליקט אין דער שוידערלעכער פאַרשווערונג פון „פאַרשווייגן"; די חשובע אָרטאָדאָקסאַלע קליינבירגער זענען אין דעם ענלעך צו די גלויביקע, וועלכע זענען אַ גאַנצן טאָג מתפלל און רויכערן קטרת פאַרן אַלטאַר, און ביינאַכט גנבענען זיי די הייליקע כלים און עסן אויף די קרבנות. דידאָזיקע גלויביקע פרעגן אונז: צי גלויבט איר אין חתונה-אינסטיטוט? — און זי·

פארזיכערן, אז דער חתונה־אינסטיטוט עקזיסטירט טאקע אין דער ווירקלעכקייט אדער ער האט עקזיסטירט אמאל. איר דארפט אבער נישט פארגעסן, אז דער חתונה־אינסטיטוט איז אן אידעאל, וועגן וועלכן מ׳פרעדיקט און מ׳לערנט טאקע, וועלכער איז אבער קיינמאל אין קיין שום געזעלשאפט נישט פארווירקלעכט געווארן. דאס, וואס האט עקזיסטירט און אלץ, וואס עקזיסטירט איצט — איז לחלוטין אן אנדער אינסטיטוט, וועלכן כ׳וועל אנרופן „חתונה פלוס פראסטיטוציע".

אמת, כ׳וויל דערמיט נישט זאגן, אז עס זענען נישטא קיין געוויסע צאל פרויען און מענער, וועלכע לעבן דורך זייער גאנצן לעבן אין מאנאגאמיע; כ׳וויל אויך נישט באהויפטן, אז עס עקזיסטירט נישט קיין איין פארפאלק, וואס זאל זיין גליקלעך אין דער מאנאגאמישער חתונה. כ׳בין דערמיט בלויז אויסן צו זאגן, אז אין אונזער געזעלשאפט עקזיסטירט גלייכצייטיק מיט דער חתונה — און אפילו אלס צוגאב צו איר — די פראסטיטוציע. איינער פון דידאזיקע צוויי אינסטיטוטן ווערט אנערקענט און אפגעהיט דורכן געזעץ, דער צווייטער ווערט פארשוויגן און איז דורכן געזעץ פארבאטן; און פונדעסטוועגן ווייסן די, וואס שטייען נאענט צו די געזעצן, אז ער עקזיסטירט, אז ער איז כמעט ווי אומפארמיידלעך און, אז א סך דערנערן זיך פון אים. דעריבער זאג איך: איר האט זיך דאס רעכט צו גלויבן אין „חתונה פלוס פראסטיטוציע", נאר אויב איר גלויבט אין חתונה־אינסטיטוט, מוזט איר זיך שטעלן איינציקע פראגעס: צי איז די חתונה א מעגלעכע זאך? צי קען זי דען אין א וועלכער נישט איז געזעלשאפט ווערן די באזע פון די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן די מינים; וועלכע כחות האבן ביז איצט נישט דערלאזן דערצו און אויף וועלכן אופן קענען דידאזיקע כחות באזייטיקט ווערן?

לויט מיין מיינונג איז די מאנאגאמישע חתונה די געווינטשטע פארם פון די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן די מינים, ווייל זי שאפט די בעסטע מעגלעכקייט פאר גייסטיקער אנטוויקלונג און גליק. די געזעצן און די כללים פון אונזער געזעלשאפט פרעטענדירן אויף דער באשיצער־ראל פון אזעלכע קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן די מינים, ס׳איז אבער גענוג זיי צו באטראכטן אויפן פשוטסטן אופן, כדי זיך צו איבערצייגן, אז אין דער

יוירקלעכקייט הויבט זיך דאָס גאָרנישט אָן. די געזעצן העלפן נאָר דעם מאַן-אייגנטימער איינצוהאַלטן זיין אייגנטום־רעכט אויף דער פרוי און, קודם כל, צו פאַרזיכערן די קאָנטינואיטעט פון זיין גענעאַלאָגישן בוים. אין דער פרימיטיווער געזעלשאַפט, ווו די ערד און די אַנדערע נאַטירלעכע רייכטימער האָבן געהערט צו דער גאַנצער געזעלשאַפט, האָט די ווייטערפלאַנצונג פון דער אייגענער פאַמיליע נישט געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג. אָבער ביי דער הערשאַפט פון דער סיסטעם פון פריוואַט-אייגנטום און פון קלאַסן-פריווילעגיעס איז אַ יורש אַ נויטווענדיקייט: אַ מענטש, וואָס האָט זיך אָנגערויבט אַ פאַרמעגן, וויל אים נישט אָפּגעבן אַ פרעמדן קינד. און די אַרומיקע וועלן האַלטן פאַר אַ נאַר דעם, ווער עס וועט אַזוי האַנדלען, כדי זיך אויסצוהיטן פון חוזק-ווערטלעך האָט דער מאַן אין די גאָר אַלטע צייטן געהאַט דאָס רעכט צו טויטן אויפן אכזריותדיקסטן אופן די אומטרייע ווייב, איצט האָט ער דאָס רעכט אָפּצונעמען ביי איר די קינדער ווי אויך אָפּנעמען ביי איר דעם טייל אין זיין פאַרמעגן, אויב זי האָט אַפילו מיטגעהאָלפן אים אָנצוזאַמלען. פאַרקערט ווידער, האָט ביז דער לעצטער צייט נישט עקזיסטירט קיין געזעץ, וועלכעס זאָל אויפן זעלבן אופן באַשטראָפן די אומטרייִשאַפט פון מאַן. לויט די ענגלישע געזעצן קען דער מאַן פאָדערן אַ גט, פאַררופנדיק זיך אויף דער פרויס אומטרייִשאַפט, די פרוי אָבער מוז אַ חוץ דעם אָנווייזן אויף אומטרייִשאַפט, נאָך צושטעלן באַווייזן וועגן אַ שלעכטער באַהאַנדלונג מצד דעם מאַן צו איר, און דאָסדאָזיקע לעצטע האָט דער געריכט באַטראַכט פאַר אַ גענוגנדיקן גרונט פאַר אַ גט בלויז אין דעם פאַל, ווען זי האָט געליטן אַ פיזישן שאָדן.

אַזאַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע עקזיסטירט אומעטום, ווו עס הערשט די „חתונה פלוס פראָסטיטוציע", און דערווייזט בלויז דאָס, אַז די קאַפּיטאַליסטישע „מאָנאָגאַמיע" איז נישט קיין גייסטיקער אידעאַל, נאָר איינע פון די קלאַסן-פריווילעגיעס. פאַר אַ מיטגליד פון הערשנדיקן קלאַס איז אומערלעך צו ווערן דער געליבטער פון זיין פריינטס ווייב און אָפט איז פאַר אים זייער גענעפערלעך צו פאַרפירן מיידלעך פון זיין קלאַס; פאַרקערט אָבער איז אַלעמען באַקאַנט, אַז זיינע געוויינלעכע קרבנות זענען די

פרויען און מיידלעך פון די נידעריקע קלאַסן. אין ענגלאַנד קען אַ מאַנסביל אַרויסבאַקומען אַ גט, אויב ס'וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז זיין ווייב האָט אַ „פאַרגאַנגענהייט", אָבער דער מאַן האָט דאָס פולע רעכט אויף זיין „פאַרגאַנגענהייט", וועלכע ווערט טיפזיניק אָנגערופן „יוגנט-זינד". עס ווערט אָנגענומען, אַז דידאָזיקע „יוגנט-זינד" זענען ביי אַ מאַנסביל אומפאַרמיידלעך, נאָכמער, אַפילו נויטווענדיק און אַז זיי שטעלן פאָר מיט זיך אַ באַשטאַנד-טייל פון אונזער סדר, אָן וועלכער דערדאָזיקער מוז איינפאַלן. דעם ענגלישן פילאָזאָף לעקי געהערן די פאָלגנדיקע אויפריכטיקע ווערטער וועגן דער פראָסטיטוטקע: „זי, דערדאָזיקער בולטער טיפ פון זינד, איז גלייכצייטיק דער געטרייער היטער פון טוגנט. ווען זי זאָל נישט עקזיסטירן, וואָלט די ריינקייט פון אַ סך גליקלעכע פאַמיליע-לעבנס געווען אין סכנה, און אַ סך פרויען, מיט זייער אומצוטריטלעכער צניעות, וועלכע טראַכטן וועגן דער פראָסטיטוטקע נישט אַנדערש, ווי מיט אַן אויפגעבראַכטן ציטער, וואָלטן זיך באַקענט מיט דער פיין פון חרטה און יאוש. אויף דעמדאָזיקן פאַראַכטעטן וועזן קאָנצענטרירן זיך אַלע ליידנשאַפטן, וועלכע וואָלטן אָן איר אָנגעפילט אונזער וועלט מיט חרפה פאַר זיך אַליין. אין דער צייט, וואָס רעליגיעס און קולטורן ווערן געבוירן און פאַרשווינדן, בלייבט זי עקזיסטירן, דידאָזיקע אייביקע כהנטע פון דער מענטשהייט, דער אויסקויף-קרבן פון דער וועלטס זינד".

לייענט גוט דורך דידאָזיקע ווערטער און באַגרייפט זיי. וויליאם הארטפאל לעקי איז ווייט געווען פון זיין אַ רעוואָלוציאָנער, ער איז געווען דער געוויינלעכסטער ענגלישער געלערנטער, אַ באַשיצער פון די ענגלישע געזעצן, פון ענגלישן סדר און פאַטריאָטיזם. ער געהער צו די, וועלכע עס געהער די וועלט, וועלכע פירן אָן מיט איר. איך ציטיר אים דערפאַר, ווייל ער שילדערט אין אויפריכטיקע ווערטער דאָס, וואָס דידאָזיקע מענטשן האָבן געמאַכט פון דער וועלט.

איך וויל אייך ווייזן אַ וועג צו אַ בעסערער סיסטעם, וועלכע כ'וואָלט געוואָלט אָנרופן חתונה-אינסטיטוט, ווען עס זאָל נישט זיין ריכטיקער אים אָנצורופן „חתונה מינוס פראָסטיטוציע". ביים באַאַרבעטן דידאָזיקע סיסטעם וועלן מיר דענקען זעלב-

שטענדיק און זיך אָפּזאָגן פון אַלע אַלטע פאָרמולעס. ס'איז דאָך איינגאַנצן קלאָר, אַז אונזערע רעליגיעס, עטישע אידעאַלן, געזעצן, אונזערע געזעלשאַפטלעכע פאָרוואורפן און שבחים פאַרמאָגן נישט גענוג קראַפט, כדי צו באַשיצן דעם חתונה-אינסטיטוט אָדער מאַכן פון אים דעם באַזיס פאַר די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די מינים. דעריבער וועלן מיר גלייך פון אָנהייב מוזן זוכן נייע גרונדלאַגן פאַר דער מאָנאָגאַמישער חתונה און שאַפן פאַר איר אַ נייעם פונדאַמענט אָנשטאָט דער באַשיצונג פון מאַנס פריוואַט-אייגנטום. מיר דאַרפן זיך פאָרשטעלן ביז גאָר קלאָר דעם ציל פון די געשלעכט-באַציאונגען און זיך שטעלן די פראַגע: וועלכע פאַקטאָרן באַשטימען, וואָס עס איז ריכטיק אין די געשלעכט-באַציאונגען און וואָס עס איז נישט ריכטיק? וואָס אַזוינס איז ליבע און וואָס דאַרף זי זיין? כדי צו ענטפערן אויף דידאָזיקע פראַגעס, וועלן מיר נישט טראַכטן נישט וועגן דעם, אין וואָס עס האָבן געגלויבט אונזערע אבות, נישט וועגן דעם, וואָס גאָט האָט אונז געלערנט, אויך נישט וועגן דעם, וואָס עס באַפעלט אונז דאָס געזעץ, און נישט וועגן דעם, וואָס עס איז „ערלעך", וואָס עס איז „אָנגענומען". מיר וועלן זיך פשוט פרעגן, ווי זעען אויס די פאַקטן? וואָס לאָזט זיך פאַרווירקלעכן אין דער פראַקטיק, און וואָס האַלט אויס די קריטיק פון געזונטן מענטשן-פאַרשטאַנד?

## II

### 1, אַנטוויקלונג פון דעם חתונה-אינסטיטוט

ווי איז דער גאָר פרימיטיווער באַגריף פון געשלעכט? דאָס איז די פאַרשיידנקייט פון די פונקציעס פון צוויי לחלוטין פאַרשיידענע אָרגאַניזמען, וואָס באַטייליקן זיך אין אַקט פון האָבן אַ קינד. דער רעזולטאַט פון דאָזיקן געשלעכט-אונטערשייד איז די צעגויפמישונג פון אייגנשאַפטן און באַזונדערקייטן. ווען ביים אַקט פון קינדער-האָבן וואָלטן נישט נויטיק געווען קיין געשלעכט-אונטערשיידן, וואָלט פאַרשוואונדן געוואָרן דער אינדי-

ווידואַליזם. איר האָט מסתמא באַמערקט, אַז בלאָנדינקעס ווייזן אַרויס אַ נייגונג צו מענער מיט טונקעלע האָר, הויכע מענער צו נידעריקע פרויען און פאַרקערט. דאָס איז אַ קלוגער מיטל פון דער נאַטור, כדי צו באַשאַפן אַ נאָרמאַלן טיפּ פון אַ מענטש, פאַרשפּרייטן די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן און זיי אויספּרובירן. דורכן וועג פון געשלעכט-אָפּקלייב ווילט אויס די נאַטור אויך ממשיך צו זיין דעם מענטשן-מין יענע אינדיווידואומען, וועלכע זענען אַממייניסטן לעבנס-פעאיק. דאָס האָט אַ שייכות, פאַרשטייט זיך, בלויז צו דער נאַטור, אָבער נישט צו די מענטשן. אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ווערט דער געשלעכט-אָפּקלייב פאַרקריפּלט און אָפט לחלוטין איגנאָרירט.

אין דער גאַנצער חיות- און צמחים-וועלט, מיטן אויסנאַם פון די נידעריקסטע אָרגאַניזמען, עקזיסטירן געשלעכט-אונטערשיידן און אַ געשלעכט-אָפּקלייב. אַמאָל טיילט די נאַטור איין מיט כח, אויסהאַלטעוודיקייט און שיינקייט דעם זכר, אַמאָל די נקבה. די נאַטור איז אכזריותדיק אויפן וועג צו אירע צילן און זי איז תמיד גרייט מקריב זיין צוליב זיי די אינדיווידואַליטעט פון ביידע מינים. די פאַנאַטישע פעמיניסטקעס דערפרייט זי דערמיט, וואָס זי דערלויבט דער נקבה-שפּין אויפצופרעסן נאָך דער געשלעכטלעכער באַפרידיקונג דעם זכר-שפּין, אָדער דעם זכר-בין צו פאַלן טויט נאָכן געשלעכט-אַקט. דער מענטש האָט דערגרייכט זיין אויבערהערשאַפט איבער דער נאַטור דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געקענט פאַראייניקן, ווייל זיינע שטאַרקער אַנטוויקלטע פאַמיליע-אינסטינקטן האָבן אים דערלויבט מיט געמיינזאַמע כחות צו באַקעמפן און באַזיגן יענע נאַטור-כחות, וועלכע וואָלטן אים פאַרניכטעט, ווען ער זאָל קעמפן מיט זיי איינער אַליין.

אין דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט איז דער יחיד באַהערשט דורך דער מאַסע און קיינער זאָרגט נישט וועגן פּערזענלעכע רעכט. קאָמוניזם און דער געמיינזאַמער אייגנטום פון שטאַם זענען געווען די פאַרשפּרייטסטע פאָרמען פון סאָציאַלן סדר ביי אונזערע אבות, און דערדאָזיקער קאָמוניזם האָט אַרומגענומען נישט נאָר דעם אייגנטום נאָר אויך דעם געשלעכט. אין די יוגנט-טעג פון דער מענטשהייט האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום שטע-

רונגען פאַר געשלעכט-באַציאונגען. געשלעכט-באַציאונגען זענען דערלויבט געווען צווישן אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, צוויש עלטערן און קינדער[1]). דער מענטש ווערט פאַרשטאַנדיקער, ער קומען אויף געוויסע פאַרבאָטן און דעם מאַנספיל ווערט דער לויבט צו האָבן געשלעכט-באַציאונגען מיט אַלע פרויען, אַ חוץ מיט די פרויען פון אייגענעם שטאַם.

אין דער פרימיטיווער געזעלשאַפט איז די פרוי כמעט תמיד געווען גלייכבאַרעכטיקט מיטן מאַן. זי איז געווען נישט ווינציקער הויך, ווי ער, און נישט ווינציקער שטאַרק, אפשר מיטן אויסנאַם פון איר שוואַנגערשאַפט-צייט. זי האָט געגאָבן פונקט אַזאַ אַכטונג, ווי דער מאַן, און אפשר נאָך אַ גרעסערע. די קינדער האָבן געטראָגן איר נאָמען און געהערט צו איר. די סיבה פון אַזאַ גלייכבאַרעכטיקונג פון די געשלעכטער אין פרימיטיוון קאָמוניזם איז לייכט צו דערקלערן. דער גאַנצער פאַרמעגן האָט געהערט דעם גאַנצן שטאַם און פלעגט פאַנאַנדערגעטיילט ווערן לויט דער באַדערפעניש. די קינדער זענען געווען דער ווערטפולסטער פאַרמעגן און דעריבער האָט דער טראָגן און דער האָדעווען קינדער נישט אַרויפגעלייגט אויף דער פרוי קיין לאַסט. די פרימיטיווע פרוי פלעגט געבוירן אַ קינד בעתן וואַנדערן, זי פלעגט אים נעמען אויפן האַנט און גיין מיט די איבעריקע ווייטער, ווען זי פלעגט דאַרפן האָבן שפּייז, האָט זי זי נישט געדאַרפט אויסבעטלען — אויב ס'איז געווען שפּייז, פלעגט מען זי געבן אי דער פרוי, אי דעם קינד. די פרוי האָט געהאָלפן באַקומען, צוגרייטן די שפּייז, דאָס איז געווען איר געוווינהייט און אַ באַטור-געזעץ; זי האט באַזעסן קראַפט און ס'איז איר גאָרנישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז מ'קען זי לאָזן נישט אויסגענוצט.

מיט דער פאַרגרעסערונג און דער אַנטוויקלונג פון שטאַם איז פאַרשוווּנדן די סיסטעם פון פרימיטיוון קאָמוניזם. אונז זענען נישט באַקאַנט אַלע סטאַדיעס פון איר אַנטוויקלונג, אָבער מיר קענען אָננעמען, אַז זי איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן דורך קנעכטשאַפט. דער פרימיטיווער מענטש האָט נישט געהאַט קיין קנעכט, ער איז נישט געווען באַרעכנט און נישט פאַרמאָגט קיין

1) דידאָזיקע היפּאָטעזע ווערט לעצטנס אָפּגעלייקנט דורך אַ סך געלערנטע.

הערשאַפט איבער זיך, שוין אָפּגערעדט פון מאַכט איבער אַנ־דערע; טויטנדיק זיין שונא, פלעגט ער בראָטן זיין פלייש און עס אויפעסן, די געפאַנגענע פלעגט ער ברענגען אַלס קרבן צו די געטער. שפּעטער, ווען דער שטאם האָט זיך ביסלעכווייז פעסט באַזעצט, איז די פירער פון שטאם געקומען אויפן גע־דאַנק, אַז די געפאַנגענע וואָלטן גערן געאַרבעט אַבי צו ראַ־טעווען זיך דאָס לעבן, און ס׳וואָלט געווען זייער באַקוועם אַרויפלייגן אויף זיי די גאַנצע שווערע אַרבעט. אויף אַזאַ אופן וואַקסן ביסלעכווייז אָן אין שטאם אַ העכערער און נידעריקערער קלאַס. די, וועלכע האָבן גענומען די געפאַנגענע און זיי גע־שטעלט צו דער אַרבעט, פּרעטענדירן אויך אויפן פּראָדוקט פון זייער אַרבעט — קודם כל דעם בעסטן געווער, שיינע פוץ־זאַכן, שפּעטער באַזונדערע הייזלעך פאַר די פירער און כהנים. מיט דער צייט פירן די לעצטע איין פאַר זיך אייגענע גערטנער און היימען און פאָדערן, פאַרשטענדלעך, דאָס רעכט פאַר זיך צו האָבן אייגענע ווייבער.

דערדאָזיקער פּראָצעס ווערט פאַרענדיקט, ווי נאָר דער שטאם ווערט אינגאַנצן פעסט־איינגעזעסן און די הערשנדיקע קלאַסן פאַרכאַפּן אין זייער אייגנטום ערד. ווי נאָר די ערד ווערט פּריוואַט־אייגנטום, ווערן די קלאַסן אויסגעפאָרמירט און די קלאַסן־אונטערשיידן ווערן באַשטימענדיקע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן. און איצט וועלן מיר קענען נאָכפאָלגן, וויאַזוי די לאַגע פון דער פרוי ווערט טריט נאָך טריט ערגער, פון אַ פרוי אַ מענטשנפּרעסערקע, וועלכע קלייבט זיך אויס אַ מאַן און אויב נויטיק, נעמט זי אים מיט געוואַלט, ביז דער מאָדערנער פרוי, וואָס איז שוואַך קערפּערלעך און גייסטיק, וואָס איז געזעל־שאַפטלעך אונטערדריקט. אויב איר וועט שטודירן די געזעצן פון די קולטורעלע לענדער, וועט איר זען, אַז ביז דער לעצ־טער צייט פלעגן די געזעצן געבן גלייכע רעכט פרויען, קינדער און שוואַכזיניקע.

די מוטערשאַפט לייגט אַרויף אויף דער פרוי שווערע לאַסט, וואָס פלעגט זיך כסדר איבערחזרן ביז ס׳האָט זיך נישט געשאַפן אַ מעגלעכקייט אויסצומיידן די מוטערשאַפט, ווען די פרוי וויל דאָס. די פרוי טראָגט דאָס קינד ניין חדשים ביזן געבורט,

דערנאָך אַ יאָר אָדער צוויי אויף די הענט, אָדער אויפן רוקן. דערנאָך קומט אַ פריש קינד און דאָס חזרט זיך איבער אַזוי לאַנג, ביז זי ווערט נישט אַלט. אַזוי־אַרום איז פאַרשטענדלעך, אַז זי קען זיך נישט פאַרמעסטן מיטן מאַן אין לעבנס־קאַמף. פאַרשטייט זיך, אַז אומעטום, ווו עס עקזיסטירט אַן עקאָנאָמישע קאָנקורענץ, ווו עס איז דערלויבט צוצונעמען אַלס פריוואַט־אייגנטום ערד, ווו די אַרבעטס־פּראָדוקטן שטעלן נישט פאָר מיט זיך קיין געזעלשאַפטלעך אייגנטום, נאָר ווערן פריוואַט־אייגנטום, דאָרט ווערט די פרוי פאַררעכנט צו די, וועלכע קענען זיך נישט באַשיצן — ד. ה. צו קינדער, שוואַכזיניקע און קנעכט. אמת, עס זענען דאָ קינדער, שוואַכזיניקע, אַפילו קנעכט און פרויען, וועגן וועלכע מ׳זאָרגט זיך זייער גוט, אָבער דאָס הענגט נישט אָפּ פון זיי אַליין, נאָר דאָס איז בלויז איינע פון די פאָרמען פון שוץ. איצט האַנדלען שוין נישט די פרויען אַזוי, ווי עס פלעגן האַנדלען די מענטשנפרעסערקעס, איצט האָבן זיי אין זיך פאַראייניקט אַלע טוגנטן פון קנעכט. קויפן זיך איין דעם חסד פון זייערע באַלעבאַטים, חנפהנען זייער גאוה און תאוה—מיט אַנדערע ווערטער, זיי לאָזן אין גאַנג דאָס, וואָס מיר רופן אָן „פרויען־רייצן".

פון די פאַרהיסטאָרישע צייטן ביזן היינטיקן טאָג, אונטערשיידן זיך צווישן די פרויען, ווי צווישן די מענער, עטלעכע קלאַסן. די לאַגע פון דידאָזיקע קלאַסן בייט זיך אינעווייניק פון באַשטימטע ראַמען, אָבער זייערע גרעניצן בלייבן פונדעסטוועגן די זעלבע. קודם כל די פרוי פון הערשנדיקן קלאַס: זי דאַרף זיין פון אַדעליקער אָפּשטאַמונג, איר פאַרמעגלעכקייט הענגט אָפּ דערפון, צי די געזעצן פון קלאַס אָדער פון שטאַם דערלויבן איר צו האָבן פאַרמעגן אָדער ירשנען אים פון אירע קרובים. אויב זי איז נישט רייך, דאַרף זי זיין שיין. אַזאַ פרוי קלויבט אויס אַלס מוטער פאַר זיינע קינדער, און אַלס טרעגערין פון זיין נאָמען דער מאַן פון הערשנדיקן קלאַס; איר אויפגאַבע — דערציען די קינדער — די יורשים פון פאָטערשן רייכטום און פון פאָטערשן נאָמען. אויפן דאָזיקן וועג דערגרייכט די פרוי פון הערשנדיקן קלאַס אַ געוויסע אַכטונג און אַ פאַראַנטוואָרטלעכע לאַגע. זי הערשט דאַן שוין נישט נאָר איבער די הויז־קנעכט, נאָר אויך איבער די מענער פון די נידעריקע קלאַסן.

עס זענען געווען פאַלן, ווען באַזונדערס באַגאַבטע פרויען זענען געוואָרן קעניגינס און געהערשט איבער די מענער פון אייגענעם קלאַס. די פרוי פון הערשנדיקן קלאַס ווערט אָנגערופן „דאַמע".

צו דער „דאַמע" איז נאָנט לויט דער לאַגע און לויט די רעכט די „געליבטע", וועלכע דער מאַן פון הערשנדיקן קלאַס קלייבט זיך אויס נישט צוליב דעם, זי זאָל זיין די מוטער פון זיינע קינדער, נאָר צוליב זיין אייגענעם פאַרגעניגן און צוליב דער באַפרידיקונג פון זיינע תאוות. אמת, אויך איר ווערט דערלויבט צו געבוירן קינדער. אַמאָל פלעגט די געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון מאַן געמאָסטן ווערן מיט דער צאָל פון זיינע געליבטע און די לאַגע פון דידאָזיקע לעצטע אין דער געזעלשאַפט האָט זיך בלויז ווייניק אונטערשיידט פון דער לאַגע פון די געזעצלעכע ווייבער. אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע האָבן די קעניגלעכע פאַוואָריטקעס אָפט געשפּילט אַ גרעסערע ראָל, ווי די קעניגינס; מערסטנטייל זענען דאָס געווען זייער קלוגע פרויען, וועלכע האָבן געוווסט צו פאַרפעסטיקן זייער לאַגע מיט דער הילף פון אינטריגעס אין די הויפישע קרייזן. אין דער אַנטיקער גריכישער געזעלשאַפט האָבן די העטערעס געבילדעט אַ קאסטע, וועלכע אַלע האָבן אָנערקענט, און אספאזיא, פעריקלס געליבטע, האָט געהערט צו די גייסטרייכסטע און באַרימטע פרויען אין אטען. אויך אין דער היינטיקער פראַנקרייך ווערט פון אַלעמען אָנערקענט דערדאָזיקער קלאַס פרויען, וועלכער ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „האַלב-וועלט". אָבער די אַמעריקאַנישע פלוטאקראַטיע, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אויף די יסודות פון פוריטאניזם, אָנערקענט נישט קיין ענלעכע צביעות. פונדעסטוועגן הויבן די געליבטע אויך ביי אונז אָן צו געווינען אַ געוויסע לאַגע אין דער געזעלשאַפט. אין דער „גוטער געזעלשאַפט" ווערט אַפילו דערלויבט צו ווערן אַ געליבטע נישט פאַרלירנדיק דערביי די „חשיבות"; די געליבטע ווערן אָנערקענט אַלס „דאַמען" און ווערן אויפגענומען אין די „בעסטע" קרייזן.

איצט ווען מיר זען, ווי קוקט אויס די לאַגע פון דער פרוי אין די נידעריקע קרייזן. אין דער פרימיטיווער געזעלשאַפט פלעגן אַזעלכע פרויען בעגליכן זיין כמעט צו קנעכט און

פלעגן בלייבן לחלוטין רעכטלאָז. די עלטערן פלעגן זיי פאַרקויפן דעם מאַן און זיי פלעגן אין אים זען זייער נייעם האַר, וועלכן זיי זענען מחויב געווען צו געהאָרכן. אינדערהיים זענען זיי געווען שקלאַפינס, אַלע זייערע געפילן האָבן זיי געדאַרפט אָפּ־געבן דעם מאַן; אויב זיי פלעגן דאָס נישט טאָן, פלעגט מען זיי טויטן מיט שטיינער, דערשטעכן אָדער אַריינלייגן אין אַ זאַק און דערטרינקען. אָבער די מענער פון די נידעריקערע קלאַסן פלעגן מוזן אָפּטרעטן זייערע רעכט אויף דער פרוי די מענער פון הערשנדיקן קלאַס. דער קעניג און דער אַדלמאַן האָבן געהאַט רעכט אויף יעדע פרוי און זייערע רעכט זענען געזיכערט געווען דורכן געזעץ. אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט האָט דער פריץ געהאַט דאָס רעכט פון דער „ערשטער נאַכט" ביי די פרויען פון זיינע לייב־אייגענע. דאָסדאָזיקע רעכט איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אָבער פונדעסטוועגן האָט עס זיך אויפגעהיט כמעט אומעטום אין דער פאָרם פון אַ מנהג, וועלכן דאָס געזעץ באַשטימט נישט און וועלכן עס לייקענען בלויז צבועקעס. דאָסדאָזיקע רעכט עקזיס־טירט אומעטום, ווו די פרויען לעבן אין אָרעמקייט, און די מענער געהערט דאָס רייכטום, די לאַגע, אויטאָמאָבילן און שיינע קליידער. עס עקזיסטירט אין די האָטעלן, ווו עס שטעלן זיך אָפּ ליידיקגייערס, אין די אוניווערזיטעטן, מיט איין וואָרט או־מעטום, ווו עס פּאַסט־און־פּאַסעוועט די יוגנט, וועלכע געהערט צום הערשנדיקן קלאַס.

## III

## די געשלעכט־פראַגע און די אַמעריקאַנער יוגנט

אונזער ערשטע אויפגאַבע באַשטייט אין דעם, אויסצופאָרשן ווי עס זעען אויס די ריכטיקע קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די מענטשן אין דער געשלעכט־פראַגע, און נישט די, וועלכע זיי גיבן אָן אַלס ריכטיקע. דער ערשטער און עיקרדיקער באַדינג פון דער הייל־קונסט — איז דער ריכטיקער דיאגנאז. אָבער מיר וועלן דאַרפן נישט נאָר פעסטשטעלן אַ ריכטיקן דיאגנאז, נאָר

אים אויך דערווייזן, ווייל גראָד דידאָזיקע פראַגע ווערט דורך די מענטשן עקשנותדיק פאַרשוויגן און פאַרקריפּלט. נישט אין דעם גייט אונז, וואָס דער רוב לערער און פרעדיקער באַריִרן להלוטין נישט דידאָזיקע פראַגע, נאָר אין דעם, וואָס די פאַרטיידיקער פון אונזער מאָדערנער עקאָנאָמישער אומאָרדנונג פּראָקלאַמירן די סיסטעם פון פּריוואַט־אייגנטום אַלס איינציק־מעגלעכן באַזיס פאַרן פאַמיליע־לעבן. כּל זמן מענטשן וועלן זיך קלאַמערן אין ענלעכע מיינונגען, איז צוועקלאָז זיי אויפצוקלערן דידאָזיקע פראַגע. צו וואָס רעדן צו זיי וועגן מאָנאָגאַמער ליבע, בעת זיי פאַרשטייען בלויז צביעות? אין דאָזיקן קאַפּיטל וועל איך פאָרלייגן דער קאַפּיטאַליסטישער מאָראַל אַ קוק צו טאָן אויף זיך אין שפּיגל.

כ'טראַכט פון וואָס אָנצוהויבן? פון דער העכערער צי פון דער נידעריקערער טייל פון דער געזעלשאַפט? פון שטאָט, צי פון דאָרף? פון די אַלטע צי פון די יונגע? וואַרשיינלעך אינטערעסירט אייך אַלעמען מער פאַר אַלץ די פראַגע וועגן אייערע קינדער, דעריבער וועל איך אייך טאַקע דערציילן, וויאַזוי עס לעבט די אַמעריקאַנער יוגנט פון אונזער צייט פון דער טריאומפירנדיקער רעאַקציע.

כ'האָב אַ זון, ער לערנט זיך אין איינער פון די העכסטע מלוכה־שולעס און ער האָט מיר נישט לאַנג צוריק געשריבן:

„די טעג בין איך געווען אויף אַ באַל. גלויב מיר, פאָטער, ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס דאָס זענען אַזוינס די מאָדערנע טענץ, וואָלסטו געשריבן וועגן זיי". איך ווייס, וואָס זיי זענען אַזוינס. אייניקע פון זיי זענען געבראַכט געוואָרן צו אונז דירעקט פון די אַרגענטינער שאַנדהייזער, די פאַרדאָרבנסטע הייזלעך אין דער וועלט, די אַנדערע פון די דזשונגלעס, ווו זיי זענען געווען גאַנץ פּאַסיק און נאַטירלעך. דידאָזיקע אָרעמע באַשעפעניש פון די דזשונגלעס: זיי האָבן בלויז איין שטרעבונג — אַ געשלעכטלעכע — און מער גאָרנישט; זיי נעמען נישט קיין אָנטייל אין דער בוי־אַרבעט פון אַ קאָמפּליצירטן סאָציאַלן אָרגאַניזם און נויטיקן זיך נישט דעריבער אין קיין שום „מאָראַל". מיר אָבער, קולטור־מענטשן, נויטיקן זיך אין אַ אמתער מאָראַל, מיר האָבן אָבער פאַרלוירן איר לעצטן שפּור, אונזער געזעלשאַפט

קערט זיך אום צום קאניבאַליזם, צום רעווען און צום קאַמף אין די דזשונגלעס.

פּראָפעסאָר וויליאַם דזשעמס, דער גרעסטער אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָג, לערנט, אַז אויב דער מענטש ברענגט צושטאַנד די באַוועגונג, וואָס אַנטשפּרעכט אַ געוויסן געפיל, וועקט ער אויטאָמאַטיש אויף אין זיך דעמדאָזיקן געפיל. טאָ וואָס-זשע, מיינט איר, וועקן אין זיך אויף די יונגע מענטשן און מיידלעך, ווען זיי מאַכן באַוועגונגען, וואָס זענען נישט עפּעס אַנדערש, ווי קאָפּירונגען פון געשלעכטס-אַקט? די עלטערן ווייסן, מסתמא, גאָרנישט, אָדער זיי זענען אויף אַזוי ווייט נאַאיוו, אַז זיי לאָזן איבער פאַר די קינדער זיך אָנשטויסן וועגן דער באַדייטונג פון דידאָזיקע אַקטן. אין דער שול-צייטונג פון בראָונס-קאָלעדזש, איינעם פון אַמעריקעס בעסטע דערציאונגס-אַנשטאַלטן, קען מען לייענען: „אַ יונג מיידל פון דער „געזעלשאַפט" — טרינקט שטענדיק געבוג, און אַמאָל טאַקע צופיל. זי רויכערט אָן אויפהער, זידלט זיך און דערציילט אומאַנשטענדיקע געשיכטעס. דאָס איז אַ לייכטזיניקע, ליידנשאַפטלעכע באַשעפעניש מיט אַ שוואַכקייט צו סענסאַציעס".

אויב איך וועל אייך פרעגן, וואָס ווירקט אַממייסטן אויף דער אַמעריקאַנער יוגנט, וועט איר מיר זיכער ענטפערן: קינאָ. אין קינאָ לערנען זיך אייערע קינדער צו לעבן; דאָס, וואָס עס באַווייזט זיך אויפן לייוונט, חזרט זיך איבער אין די הערצער און אין די קעפ פון אונזערע יינגלעך און מיידלעך. פרעגט אדרבה די מיידלעך, וואָס זיי וואָלטן וועלן ווערן אין לעבן, און פון צען וועלן ניין אויסקלייבן דעם באַרוף פון אַ קינאָ-אַקטריסע, וואָס גיט זיי די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן פאַר אַ סך צושויער און פאַרדינען אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. אייך אַלעמען איז, מסתמא, באַקאַנט די הויפּט-טעמע פון אַלע קינאָ-בילדער: אַ צניעותדיקע פאָלקס-טאָכטער שטייט ביי אַלע נסיונות און סוף-כל-סוף ראַטעוועט זי פון פאַרפירער די שטאַרקע האַנט פון אַ מאַנסביל אַ ליאַלקע. צי דען וואָלט זיך געפינען אַ בעסערע אילוסטראַציע פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער צביעות, ווי דער פאַקט, וואָס דאָס מיידל, וועלכעס שפּילט די הויפּטראָל, האָט העכסט וואַרשיינלעך באַצאָלט פאַר איר מיטן פּרייז פון איר צניעות?

אויב איר פֿאַרשטייט זיך אַ ביסל אויף מיידלעך און איר וועט זיך צוקוקן צו איר שפּיל אויפֿן לייוונט, וועט איר לויט אירע אַלע באַוועגונגען זען, אַז איך זאָג אמת. נישט לאַנג צוריק בין איך מיטן ווייב געווען אין קינאָ. נאָך דער פֿאָרשטעלונג האָט זי געזאָגט: „כ'האָב געלייזט אַ פּראַגע. ווען איך פֿאָר אין טראַמוויי, טרעף איך אָפֿט יונגע מיידלעך פֿון די העכערע קלאַסן. כ'פּלעג זיי באַאָבאַכטן און נישט קענען פֿאַרשטיין, וואָס טוט זיך מיט זיי. אַלע פֿעלט זיי דער פּשוטער, ערלעכער, מיידלשער קוק, זיי מאַכן אויף עפּעס אַן אייגנאַרטיקן אופֿן „ליבלעכע אויגן", וועלכע זענען פֿאַר קיינעם נישט באַשטימט, שטעלן אָן עפּעס אַזעלכע פֿאַראומערטע פּנימער, און ווען זיי גייען, גייען זיי נישט פּשוט, נאָר זיי ברעכן זיך. צוערשט האָב איך געטראַכט, אַז זיי זענען קראַנק אויף עפּעס אַזאַ קראַנקהייט פֿון די אויגן און ליפּן, אָבער איצט, נאָכדעם ווי כ'בין געווען אין קינאָ, ווייס איך, וואָס דאָס אַלץ באַטייט: די דאָזיקע מיידלעך מאַכן נאָך די אַקטריסעס אויפֿן עקראַן".

מיר זעען אין קינאָ „נאַאיווע" מיידלעך, וועלכע פֿאַנגען אַ רייכן חתן, מיר זעען „וואַמפּירן", וועלכע ברענגען אום יונגע מענטשן און צעשטערן דאָס גליק פֿון פֿאַמיליעס. אין דער אַלטמאָדישער מעלאָדראַמע האָט מען נאָך געקענט אונטערשיידן אַ נאַאיווע פֿון אַ וואַמפּיר. די ערשטע איז באַלעבט אַרומגעלאָפֿן, געוואָרפֿן שאַלקהאַפֿטיקע בליקן, די לעצטע האָט זיך באַוועגט פֿאַמעלעך, ווי אַ שלאַנג, האָט אומהיימלעך געקוקט פֿון אונטער די האַלבפֿאַרמאַכטע וויעס. אָבער איצט שפּילן וואַמפּירן די ראָל פֿון נאַאיווע, און די נאַאיווע זענען פּונקט אַזוי פֿאַרדאָרבן, ווי די וואַמפּירן. ביידע קוקן מיט די זעלבע בליקן, ביידע פֿירן אויס די זעלבע געשלעכטלעכע קאָנוווּלסיעס. יעדעס קינאָ-בילד, אין וועלכן מ'שיסט זיך נישט און מ'קעמפֿט נישט, איז פֿאַרנומען מיט געשלעכט-פּראַגעס.

די זעלבע פּראַגעס ווערן באַהאַנדלט אין דער אָפּערעטע, וועלכע איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַן אויסשטעלונג פֿון מיידלעך, אָדער, ריכטיקער, פֿון זייערע פֿיס. אויף דער סצענע טאַנצן האַלב-נאַקעטע פֿרויען, אין צושויער-זאַל זיצן פּליכעוואַטע מענער, סטודענטן און יוגנט, וואָס איז צו נאַריש אַפֿילו פֿאַרן

אוניווערזיטעט, קוקן מיט גיריקע אויגן אויף די פרויען און שיקן זיי טייערע בוקעטן. דער מיטלמעסיקער אַמעריקאַנער באַזוכט מיט זיין פאַמיליע די אָפּערעטע, וועלכע איז פאַרשלעפּט געוואָרן צו אונז פון די פּאַריזער שענקען און וואָס איז פון אָנהויב ביזן סוף פול מיט אומאַנשטענדיקייטן.

איך וווין אין דרום־טייל פון קאַליפאָרניע, אין איינער פון יענע אַמעריקאַנער געגנטן, וועלכע עס באַזוכן פּוסט־ און פּאַס־ניקעס, רייכע לייט, וועלכע זוכן פאַרוויילונגען. די גאַנצע געגנט איז פאַרבויט מיט פּאַלאַצן־האָטעלן, וועלכע עס פאַרפולן יעדן ווינטער די גאָלדענע מתנות רייכע. כ'האָב גערעדט וועגן דעם מיט עטלעכע סטודענטן און לערערס, וועלכע האָבן מיר דערקלערט, אַז דידאָזיקע „אַנשטענדיקע" האָטעלן זענען אַ מקור פון זנות. חתונה־געהאַטע פרויען קומען אַהער צו פאָרן אין אויטאָמאָבילן, צוגעצויגן דורך די געשלעכטלעכע ארגיעס, צווישן זיי זענען דאָ אַ סך גרויע, גענוג אַלט דערצו, כדי צו זיין באָבעס. מ'האָט מיר זיי אָנגעוויזן. זייערע באַקן און ליפּן זענען געווען שטאַרק אָנגעפאַרבט, זיי האָבן אָפּגעדעקט ביז די קני זייערע פיס אין זיידענע זאָקן און אָפּגעדעקט אַ האַלבע פּלייצע. דידאָזיקע אַלטע ווייבער יאָגן זיך נאָך יונגע מענטשן און זענען גרייט זיי גוט צו באַצאָלן.

נישט לאַנג צוריק האָב איך געלייענט אַן אַרטיקל פון איינעם אַ באַרימטן ניו־יאָרקער דאָקטאָר, וועלכער האָט איינמאָל געפרעגט אַ פּאָליציי־באַאַמטן, וואָסער דערשיינונג איז ביים היינטיקן טאָג אַממייסטן פאַרשפּרייט אין דער ניו־יאָרקער געזעלשאַפט. דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט געענטפערט: „די מענלעכע פּראָסטיטוציע". נאָך אַזאַ פאַרזיכערונג בין איך אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, כ'האָב נישט געקענט איבערחזרן די חכמות, וועלכע גייען אַרום אויף דערדאָזיקער טעמע און וועגן דער באַציאונג פון די פּאָליציי־באַאַמטע צו דערדאָזיקער דערשיינונג. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז אַלע אַרטן פון דערדאָזיקער פאַרדאָרבנקייט זענען ברייט פאַרשפּרייט אין די נידעריקע קרייזן פון די גרויסע שטעט. נישט לאַנג צוריק האָט איינער פון מיינע פריינט גערעדט מיט אַ פּראָסטיטוטקע פון אַ „אַנשטענדיקן" שאַנדהויז, ווו מ'האָט געצאָלט צו 10 דאָלאַר, וועלכע איז איבערגעגאַנגען אין אַ מאַטראָ־

זישן, ווו מ'צאָלט בלויז 50 סענט. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס האָט זי דאָס געטאָן, האָט זי געענטפערט: „די מאַטראָזן זענען באַטירלעכער".

די אומנאַטירלעכע פאַרדאָרבנקייט האָט אָנגעשטעקט אונזער גאַנצע געזעלשאַפט — און איר מיינט, אַז ס'איז גענוג, אויב איר לייגט אויף דעם פשוט קיין אַכט נישט!

## IV

## די געשלעכט־פראַגע און די „אָנשטענדיקע געזעלשאַפט"

נאָכדעם, ווי ס'איז דערשינען מיין ראָמאַן „דער זומפּ", האָב איך זיך צוערשט באַקענט מיט דער ניו־יאָרקער „געזעלשאַפט". אַלס מחבר פון ראָמאַן בין איך געוואָרן אַזאַ סענסאַציע, ריכטיק ווי כ'וואָלט אויסגעקעמפט דעם ערשטן אָרט אין דער וועלט פון באָקס. פון נייגעריקייט וועגן האָב איך איינמאָל אָנגענומען די איינלאַדונג אויף לאָנג־איילענד. כ'האָב דאָ געפונען אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, איינגאַנצן באַהאָנגען מיט גאָבעלענען, מיט גרויסלאָז־זיך־באַוועגנדיקע דינער, מיט בראָנפנס און קאָקטיילן אין אַלע ווינקלען און עקן, ווי די קוילן־באַזעס אויף די האַנדלס־וועגן פון דער בריטישער אימפּעריע. צוערשט האָב איך דערזען אַ האַלב־נאַקעטע דאַמע, וועלכע האָט גערויכערט אַ לאַנגן שוואַרצן ציגאַר. איידער מ'האָט זי מיר פאָרגעשטעלט האָב איך דערהערט די שטימען פון צוויי יונגע מענטשן אין אָוונט־מלבושים, וועלכע האָבן גערעדט מיט אומאַנשטענדיקע אויסדרוקן וועגן פאָרשטייענדיקן אָוונט. זייער גיך האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז דער עיקר איז זיי דאָ געגאַנגען וועגן סעקסועלע פראַגעס און זיי האָבן זיך באַמיט צו באַקומען דאָס געגאַרטע אויף יענעמס חשבון. דידאָזיקע מענטשן רופן זיך אָן „אָנשטענ־דיקע געזעלשאַפט" און איך וויל אייך באַווייזן אויף וויפל זיי זענען „אָנשטענדיק".

כ'בין דורכגעגאַנגען מיט איינער פון די דאַמען דורכן

קאָרידאָר, און מיר האָבן באַמערקט אויף איינעם פון די דיוואַ-
נעס אַ צווייטע דאַמע, וועלכע איז געזעסן ענג צוגעטוליעט צו
איינעם אַ באַרימטן אַדוואָקאַט, וועלכן כ'וועל אָנרופן דזשאָנס.
מיין באַגלייטערין האָט איר צוגעוואָרפן מיט אַ לויכטנדיקן
שמייכל: — „היט זיך, מערי, זאָלסט דאָ אַמאָל נישט איבערלאָזן
קיין סך קליינינקע דזשאָנסן!" איר זעט, ווי ווייט דאָס איז פון
פוריטאַניזם פון אונזערע אבות.

כ'בין אַריין אין ביליאַרד-צימער און גענומען באַאָבאַכטן
אַן עלעגאַנטן יונגן מענטשן, וועלכער האָט זיך באַמיט צו שפּילן
ביליאַרד שוין גאָרנישט אין אַ ניכטערן צושטאַנד. דאָס איז
געווען אַ העכסט קאָמישע פאָרשטעלונג; יעדער האָט זיך באַ-
מיט אָפּצונעמען ביי אים דעם פּאַפּיראָס, ער זאָל אים נישט
אַראָפּלאָזן אויפן ביליאַרד-טיש. ענדלעך האָט ער אַוועקגעוואָרפן
די שפּיל און גענומען דערציילן וועגן די פערד-געיעגן און
וועגן דער אָרגיע, וועלכע ער האָט איינגעאָרדנט מיט די נעגע-
רינס אין פערד-שטאַל. כ'האָב זיך אומגעקערט צו די דאַמען.
ס'האָט פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס שוין נישט קיין יונגע
פרוי, אַ באַלעזענע, וועלכע האָט געקענט אַפילו מיינע בי-
כער. זי האָט מיר דערקלערט איר קוק אויף ליבע און אַרויס-
געזאָגט אַ מיינונג, אַז דער הויפּט-טעות ליגט אין דעם, וואָס
מענטשן באַציען זיך צו ערנסט צו איר געשלעכטלעכער זייט.
זי אַליין, מיט אַזעלכע קוקן אויף דער ליבע, האָט געהאַט באַ-
ציאונגען מיט אַ מאַסע מענער, — מיינע פריינט, וועלכע האָבן
געלייענט די קאָרעקטור-בויגנס פון דאָזיקן בוך, האָבן מיר גע-
בעטן איך זאָל אויסמעקן די גענויע צאָל פון אירע געליבטע,
ווייל קיינער וואָלט זי סיי ווי נישט געגלויבט. איר וועט אפשר
זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז נישט טיפּיש, אַז איך בין אַריינגעפאַלן
אין אַ באַזונדערס דעגענערירטער סביבה. אויף דעם קען איך
אייך ענטפערן, אַז דידאָזיקע מענטשן פאַרנעמען אין דער ניו-יאָרקער
געזעלשאַפט אַ העכסט בכבודיקן אָרט.

כ'וועל אייך אויך זאָגן, אַז כ'פלעג באַזוכן די שטוב פון
באַרימטן יוריסט, דעם פאַרשטאָרבענעם דזשעמס ב. צילל, וועל-
כער האָט בשעתו באַקומען אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר אָרגאַניזירן
די שטאָל-טרעסטן, און כ'האָב דאָרט געהערט פונקט אַזעלכע

שמוציקע געשיכטעס. ער האָט מיר דערציילט וועגן אַ שטאָל-מאַגנאַט, וועלכער פלעגט דורך די נעכט אַריבערפירן אַ גאַנצן וואַגאָן פּראָסטיטוטקעס און שאַמפּאַניער פון שטאַט צו שטאַט און ענדלעך אים אַראָפּגעפירט פון די רעלסן, און וועגן זיינע צוויי שותּפים פון אואָל-סטריט,1) וועלכע האָבן אָפּגערעדט צו בייטן זיך אויף איין נאַכט מיט די ווייבער.

אין רעסטאָראַן פון איינעם אַ קלוב, וועלכער טראָגט דעם נאָמען „מיליאָנערן“, האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף איין אַלטיטשקן. — „גיט נאָר אַ קוק אויפן דאָזיקן אַלטן יינגל מיטן נאַטיך-ביכל“ — האָט מיר געזאָגט מיין מיטשמועסער. — „דאָס איז דוסעקאָב X. ער פאַרשרייבט איצט, וואָס אים האָט געקאָסט זיין באַשיידענער פרישטיק. ער פאַרשרייבט אַלץ, אַפילו פרויען. פרויען — ער האָט מיר דערציילט — האָט ער געהאַט מער, ווי טויזנט, און ער האָט אויסגעגעבן אויף זיי אַ מיליאָן דאָלאַר“.

ס'איז שווער צו זאָגן, וואָס איז דאָס שרעקלעכסטע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אָבער דידאָזיקע אַלטיטשקע געהערן, אָן ספק, צו דאָס שרעקלעכסטע אין איר. דער רייכסטער און מעכטיקסטער באַנקיר פון ניו-יאָרק איז געווען דער חוזק פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. אין דער באַציאונג צו פרויען האָט ער פאַרנומען פונקט אַזאַ אָרט, ווי אַמאָל דער קעניג עדוארד VII. ווען אַ פרוי פלעגט אים געפעלן, אַלץ איינס, ווער זי זאָל נישט זיין, פלעגט ער צוגיין צו איר און דערקלערן, אַז ער וויל זי באַזיצן. דערדאָזיקער מענטש פלעגט טאָג-טעגלעך אויסגעבן פינף טויזנט דאָלאַר און די פרויען האָבן געוווסט, אַז זיי קענען באַקומען אַלץ, וואָס זיי וועט זיך נאָר וועלן.

די קינאָס און טעאַטערס זענען אַ לאָק-מיטל פאַר פרויען-שיינקייט און פרויען-רייץ. די מיידלעך שטופּן זיך אין די טעאַטער-אַגענטורן און אין די קינאָ-אַטעליעס; זיי טיילן זיך נישט אויס, הונגערן אַביסל און גיבן, ענדלעך, נאָך. אין יעדער גרויסער שטאָט געפינען זיך טויזנטער רייכע מענער, וועלכע פאַרנעמען זיך בלויז מיט דעם, וואָס זיי פאַרפירן דידאָזיקע מיידלעך.

---

1) די גאַס פון ניו-יאָרקער פינאַנס-וועלט.

(איב.)

## ז

# די געשלעכט־פראַגע און די אָרעמקייט

ס'איז קלאָר, אַז די רייכע קענען זיך נישט אָפּגעבן זייער פאַרדאָרבענעם לעבן, נישט פאַרכאַפּנדיק מיט זיך אויך די אָרעמע; חוצדעם פאַרמאָגן אויך דידאָזיקע שלעכטע אינסטינקטן, וועלכע הויבן זיך אָן אייטערן צוליב דער גרינגשעציקער באַציאונג צו זיי. ביז דער מלחמה זענען אין ניו־יאָרק געווען הונדערט טויזנטער צימערן אָן ליכט און ווענטילאַציע. איצט פעלט אונז, מסתמא, אַ מיליאָן דירות; די פאַבריק־אַרבעטערינס שלאָפן אין ניו־יאָרק צו זעקס, צו אַכט מענטשן אין אַ צימער. אָפטמאָל שלאָפן אין איין־ און דעמזעלבן צימער די עלטערן, די קינדער און ווינקל־סובלאָקאַטאָרן — דידאָזיקע וועלט קערט זיך אום צום פּרימיטיוון קאָמוניזם ווען די בלוטשאַנדע איז געווען אַ וואָכעדיקע דערשיינונג. די קינדער לערנען זיך אויף ביישפּילן אַלע עקזיסטירנדיקע שלעכטע מידות. פאַר מיר ליגט אַן אויפרוף, וועלכן עס האָט אַרויסגעלאָזן אַ דאָקטאָר פון איינעם פון די ניו־יאָרקער שפּיטאָלן. דער מחבר ווייזט אין אים אָן, אַז פאַר 15 יאָר האָט ער באַטראַכט נ י י נ ה ו נ ד ע ר ט געשענדעטע קינדער, און דאָס יינגסטע פון זיי איז קוים אַלט געווען אַכט חדשים. אין אַ צווייטן אויפרוף רעדט אַן אַרבעטער פון סעטלמענט וועגן טויזנטער אַוועקגעוואָרפענע פרויען, די מערהייט פון זיי מיט קינדער און אַ סך — טראָגעדיקע. אין דער צייט, וואָס איך שרייב דאָסדאָזיקע בוך, זענען מיליאָנען מענער אין אַמעריקע אַרבעטסלאָז, די נויט טרייבט זיי צו פאַרצווייפלונג און זיי גייען אַרויס אויפן ברייטן שליאַך און פאַראייניקן זיך צו דער גרויסער אַרמיי אַרבעטער פון צופעליקן פאַרדינסט. וואָס גרעסער עס איז די צאָל פון דידאָזיקע מענער, אַלץ מער וואַקסט די פּראָסטיטוציע און עס פאַרשפּרייט זיך דער האָמאָסעקסואַליזם.

מיידלעך זענען אויך אַרבעטסלאָז, אויך זיי זענען אַרויסגעוואָרפן אויפן גאַס. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָב איך באַזוכט

אַ שטאָט אין ניי-ענגלאַנד, אין וועלכער עס געפינען זיך גרויסע שפּינערייען. דידאָזיקע שטעט ווערן אָנגערופן „פרויען-שטעט"; איינער אַ בחור האָט מיר געזאָגט, אַז פאַר אַ שטיקל ברויט קען מען דאָ קויפן אַ פרוי.

דער ד"ר וויליאַם דזש. ראָבינסאָן פאַרזיכערט, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווערן יאָר-יערלעך געמאַכט אַ מיליאָן אַבאָרטן. אייניקע פון זיי זענען צופעליק, זיי ווערן אַרויסגערופן דורך געשלעכט-קראַנקהייטן, אָבער די מערהייט זענען בכּיוונדיקע און אַזוי אַרום לויטן געזעץ פאַרברעכעריש, ווי דער מאָרד פון אַ לעבעדיקער באַשעפעניש. ד"ר ראָבינסאָן איז אַ הייסער קעגנער פון דעם, וואָס ער רופט אָן א „היסטערישע" באַציאונג צו די געשלעכט-קראַנקהייטן. דעם פּראָצענט קראַנקע אויף סיפיליס נעמט ער אָן נישט אויף 10, ווי עס ווערט גערעכנט, נאָר בלויז אויף 5; דעם פּראָצענט קראַנקע אויף האַנאָרייע אויף 25, אָנשטאָט 75—85. וואָס-זשע זענען די רעזולטאַטן פון דידאָזיקע קראַנקהייטן? די רעזולטאַטן זענען שרעקלעכע ליידן, וועלכע עס האָבן אויס-צושטיין נישט נאָר די שולדיקע, נאָר אויך די אומשולדיקע. ד"ר מאָרראָו פאַרזיכערט, אַז 10 פּראָצענט פרויען ווערן אָנגע-שטעקט דורך זייערע מענער. אויף 100 געבורטן פאַלן אויס 30 מפּילס, וועלכע ווערן אַרויסגערופן דורך סיפיליס. ביי 50 פּראָצענט קינדערלאָזע חתונות איז די סיבה די האַנאָרייע פון די עלטערן. ביי 25% פאַלן פון בלינדקייט איז דיזעלבע סיבה. אין דייטש-לאַנד איז פאַר דער מלחמה געווען 30.000 בלינדגעבוירענע. די סיבה — האַנאָרייע. דיזעלבע קראַנקהייט רופט אַרויס 95 פּראָצ. אָפּעראַציעס פון די פרויאישע געשלעכט-אָרגאַנען. און דאָס שרעק-לעכסטע איז, וואָס קיינער איז נישט זיכער פאַר אָנשטעקונג. אין דייטשלאַנד איז געווען אַ פאַל, ווען 236 קינדער האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט אַ געשלעכט-קראַנקהייט אין אַ באָד.

דאָס אַלץ זענען די רעזולטאַטן פון דער סיסטעם „חתונה פּלוס פּראָסטיטוציע".

אין איין ניו-יאָרק זענען דאָ 200.000 פרויען, וועלכע פאַר-נעמען זיך אָפן מיט פּראָסטיטוציע. עס עקזיסטירן טויזנטער שאַנד-הייזער, גרויסע און קליינינקע, טייערע און ביליקע; דידאָזיקע הייזער זענען גוט באַקאַנט דער פּאָליציי, און זי באַקומט פון

זיי אַ גרויסע הכנסה. און דאָסזעלבע איז אין יעדער גרויסער שטאָט.

די פיינט פון סאָציאַליזם וואַרפן אים אויף דאָס, וואָס ער פּרעדיקט פרייהייט פון געשלעכטלעכע באַציאונגען, אָבער יעדער, ווער ס'איז באַקאַנט מיט דער פּראָסטיטוציע־אינדוסטריע, ווייס, אַז זי ווערט אונטערגעשטיצט דורכ'ן קאַפּיטאַליזם, וועלכער פאַרזאָרגט זי מיט די נויטיקע מיטלען. בלויז אין די שאַנד־הייזער פון די פאַראייניקטע שטאַטן געפינט זיך אַ האַלבער מיליאָן פּראָסטיטוטקעס.

אין דער מלחמה־צייט האָט די ענגלישע רעגירונג אויסגעהאַלטן אין פראַנקרייך אָפיציעלע שאַנד־הייזער; ווען אַ וועלכע נישט איז צייטונג וואָלט זיך דערוועגט צו רעדן וועגן דעם, וואָלט איר פאָרגעשטאַנען די סכנה פאַרמאַכט צו ווערן. די פראַנצויזן האָבן געשיקט אין די אָקופּירטע געגנטן שוואַרצע חיילות און געפאָדערט פון דער דייטשער באַפעלקערונג, זי זאָל זיי צושטעלן פרויען. מיר ווילט זיך אייך דערציילן אַ קלייניקן אַנעקדאָט וועגן די געשלעכטלעכע באַדינגונגען אין דער מלחמה־צייט. אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי זענען געמאַכט געוואָרן פאַרצווייפלטע פּרוּוון צו באַקעמפן די געשלעכט־קראַנקהייטן, און יעדער זעלנער איז פאַרפליכטעט געווען זיך אונטערצוּוואַרפן אַ מעדיצינישע קאָנטראָל תיכּף נאָכן געשלעכטס־אַקט. אונזער אַרמיי איז אַריין קיין קאָבלענץ און די סאָלדאַטן איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן יעדע באַציאונג מיט דער באַפעלקערונג. אינגיכן נאָך דעם האָט זיך גענומען מערקן אַ פאַרגרעסערונג פון דער צאָל געשלעכטלעכע קראַנקהייט־פאַלן. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די זעלנער פלעגן נישט קומען צו דער מעדיצינישער קאָנטראָל, מורא'האָבנדיק פאַר דער שטראָף פאַר „באַציאונגען מיטן שונא". די קאָמאַנדע האָט געמוזט אַרויסלאָזן אַ באַפעל וועגן דעם, אַז געשלעכטלעכע באַציאונגען ווערן נישט באַטראַכט אַלס „באַציאונגען מיטן שונא", וועלכע ווערן דערמאָנט אין ערשטן באַפעל.

צום סוף פון דאָזיקן עסקיז וועגן די געשלעכטלעכע באַציאונגען אין אונזער צייט — עטלעכע ווערטער וועגן גט. אין 1916 איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויף אַ מיליאָן חתונות

אויסגעפּאַלן 112 טויזנט גטן. אַזוי אַרום קען מען אָננעמען, אַז פון אַ מיליאָן חתונות האָט זיך יעדער זעקסטע אָדער זיבעטע חתונה געענדיקט מיט אַ גט.

דאָס וועט קלעקן אויף צו אילוסטרירן די סיסטעם פון „חתונה פּלוס פּראָסטיטוציע". דידאָזיקע סיסטעם איז יענס מיט ווילדגראָז פארוואַקסן פעלד, וועלכעס מיר דאַרפן צעאַקערן און צוגרייטן פאַרן שניט פון דער פאַרשטאַנדיקער ערלעכער ליבע.

## VI

## ליבע און ווירטשאַפט

אויב עס זענען דאָ נאָך אַנדערע סיבות פון אונזער געשלעכטלעכער פאַרווילדונג, אַחוץ די פיזיאָלאָגישע, טאָ וווּ זאָלן מיר זיי זוכן? אין דער נאַטור האָט אַלץ אַ סיבה, סיי די האַנדלונגען און געפילן פון די מענטשן אַלס יחידים, סיי פון גאַנצע גרופּעס. אָפט הערן מיר אַן אויסדרוק: „די מענטשלעכע נאַטור קען מען נישט ענדערן", אָבער אינדעראמתן איז נישטאָ נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך אַזוי ענדערן ווי די מענטשלעכע נאַטור. פון יאָרהונדערט צו יאָרהונדערט קענען מיר נאָכפאָלגן ווי זי בייט זיך, צי צום גוטן, צי צום שלעכטן, און ווען מיר זאָלן האָבן די מעגלעכקייט אָנצווווענדן אונזערע כחות אין דער נויטיקער ריכטונג, וואָלטן מיר זי געקענט ענדערן, ווי דער בירברויער פאַרוואַנדלט האָפּן אין אַזאַ אָדער אַנאַנדער סאָרט ביר. וואָלטער האָט געזאָגט: „די פאַרדאָרבנקייט פון די מידות און די טוגנט זענען אויך אַזעלכע פּראָדוקטן ווי עסיק".

אונזער קולטור באַזירט אויף דער אינדוסטרי־פּראָדוקציע און אויף קלאַסן־פּריווילעגיעס, אויף דער מאָנאָפּאָליע פון די פּראָדוציר־כוחות און אויף נאַטירלעכע רייכטימער. דידאָזיקע לאַגע דערלויבט אַ פּריווילעגירטער גרופּע מענטשן צו לעבן און פּוסט־און־פּאַסעווען אויפן חשבון פון דער אַרבעט פון די איבעריקע. זי גיט איר אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט אָן אַ וועלכער נישט

איז אחריות – אַ נסיון, וועלכן עס וועט קוים אויסהאַלטן איינער פון טויזנט. די געשיכטע פון די לעצטע פינף טויזנט יאָר איז אַ ריי ביישפּילן דערצו, אַז איבערגעבן די מאַכט איין קלאַס, נישט אַרויפלייגנדיק אויף אים די אחריות – באַטייט דעם אונ־טערגאַנג פון דאָזיקן קלאַס און פון דער גאַנצער קולטור. די פּריווילעגיעס, וועלכע עס געניסט דער מאַנסביל פון הערשנדיקן קלאַס, גיבן אים אַן אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייט צו באַפרידיקן זיינע געשלעכטלעכע באַדערפעניש. דידאָזיקע זעלבע פּריווילעגיעס צווינגען פון דער צווייטער זייט דער פרוי זיך אונטערצוואַרפן דעם מאַן, צעשטערנדיק אַזוי אַרום די געזעלשאַפטלעכע באַדיי־טונג פון מין: די קעגנזייטיקע ווירקונג פון די מענלעכע און ווייבלעכע יסודות. אין אַ רויבערישער געזעלשאַפט פאַלט די פרוי אַריין אין אַ טאָפּלטער קנעכטשאַפט – די קנעכטשאַפט פון קלאַס און די קנעכטשאַפט פון מין, אין רעזולטאַט פון וועלכער עס ווערט פאַרקריפּלט דער געשלעכטלעכער אָפּקלייב. אין דער נאַטור באַמיען זיך די זכרים צו באַקומען די נקבה. די לעצטע ווערט נישט פאַרגעוואַלטיקט אין איר נייגונג, זי ווערט נישט צו־גערויבט דורכן זכר, זי קלייבט אויס צווישן זיי דעמיענקן, וועלכער געפעלט איר אַמערסטן. אין רעזולטאַט האָבן נישט די שוואַכע, אומטויגלעכע זכרים קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרמערן. די פאַרמערונג קומט פאָר דורך די בעסטע עקזעמפּלאַרן פון מין.

מיר אָבער לעבן אין אַ וועלט, אין וועלכער עס הערשט דאָס געלט און ווו יעדע מעגלעכקייט, אַפילו דאָס גאַנצע לעבן, הענגט אָפּ פון געלט. די געזעלשאַפט שטרעבט דערצו, אַז דאָס געלט זאָל ווערן דער הערשער איבער אַלץ. פאַרשטייט זיך, מיר וואַרפן זיך אומגערן אונטער דערדאָזיקער הערשאַפט, אונזער גייסט איז אויפגעבראַכט, און דעריבער באַהאַלטן מיר זאָרגעוור־דיק אויס די מאַטעריעלע סיבות און זוכן אויס פאַר דעם שיינע פראַזעס. איר וועט אָפט הערן, אַז מענטשן לייקענען, דאָס געלט עפּנט אַ צוטריט אין דער „העכערער געזעלשאַפט"; דידאָזיקע מענטשן פאַרזיכערן, אַז דאָס איז בלויז מעגלעך דעם „גוטן גע־שמאַק", דער „פאַרפיינע־טער נאַטור", די „הויכע פּערזענלעכע מעלות" און אַז. וו. קוקט זיך אָבער צו צו דידאָזיקע מעלות –

און איר וועט זען, אַז זיי זענען נישט מער, ווי סימבאָלן פון רייכטום, וועלכע ס'האָבן צוגעטראַכט דייעניקע, וועלכע באַזיצן רייכטימער, כדי צו האַלטן פון זיך אויף אַ געהעריקער דיסטאַנץ די אַלע, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין געלט. דידאָזיקע סימבאָלן קענען זיך אויסדריקן אין אַלץ, וואָס איר ווילט, אין קלאַנג פון אַרויסגערעדטן וואָרט, אין שניט פון קלייד, אין דער מאַניער צו האַלטן דעם גאָפּל ביים עסן — תמיד זענען זיי טיילן פון נישט-געשריבענעם געזעץ, וועלכער גיט אויס, אַז דידאָזיקע פערזאָן אָדער, וואָס וויכטיקער נאָך, זיינע אבות האָבן געהערט צום קלאַס פון די ליידיקגייער, און געהאַט אי צייט, אי אַ מעגלעכקייט אויסצולערנען זיך דידאָזיקע אַלע קאַנווענאַנסן. כ'זאָג בכיון „קאַנווענאַנסן", ווייל זייער אָפּט האָבן דידאָזיקע פאָדערונגען פון „אַנשטענדיקייט" קיין שום שייכות נישט מיט דער ווירקלעכקייט. לויטן געזונטן מענטשן-פאַרשטאַנד וואָלט געווען באַקוועמער צו עסן בעבלעך מיט אַ לעפל און נישט מיט קיין גאָפּל, די איבעריקע גרינסן — מיט אַ גאָפּל-מעסער. וועט איר עס אָבער טאָן, וועט יעדער איינער, וואָס געהערט צום קלאַס פון די ליידיקגייער, אייך דערקלערן פאַר אַ „פּלעבייער" און דערדאָזיקער באַווייז וועט פאַר אים זיין איבערציינגנדיקער, ווי ווען איר זאָלט אַ שליידער טאָן אין דער באַלעבאָסטע דעם טעלער.

אונזער קולטור איז אַ געלט-קולטור. אונזערע מאָסן זענען די מאָסן פון געלט; ביים געשלעכטלעכן אָפּקלייב קוקט מען זיך ביי אונז אַרום אויף געלט, און נישט אויף ליבע. יעדער, ווער עס האָט זיך „גוט אויסגעקליבן עלטערן", וועט זיין גליקלעך אין אונזער געזעלשאַפט, און יעדער ווייסט, אַז אַ רייכן מאַנסביל איז לייכט צו באַקומען אַ ווייב. דאָס איז פונקט אַזוי ריכטיק ווי דאָס, אַז נישט יעדער, וואָס האָט נישט קיין געלט, וועט קענען געפינען אַ ווייב. די מערהייט אָרעמע מענער זענען געצוווּנגען חתונה צו האָבן מיט מיידלעך, וועלכע האָבן נאָך ווינציקער געלט, ווי זיי — דאָס הייסט מיט מיידלעך, וועלכע געהערן צום נידעריקן קלאַס. אַ יונג מיידל פון רייכן קלאַס גרייט זיך צו דער חתונה פונקט אַזוי, ווי צו אַ וועלכן נישט איז באַרוף. מ'לערנט איר צו זיין גלייכגילטיק אין געשלעכטלעכער

הינזיכט, זי דאַרף אָבער קענען שפּילן די ראָל פון געשלעכטלעכער ליידנשאַפטלעכקייט, כּדי אויפצורייצן דעם מאַן און צוציען צו זיך וואָס מער מענער, — דאָס איז דער תּנאַי פון איר „ערע״, דאָס איז אַ פאַקטאָר, וועלכער קען איר העלפן צו טאָן „אַ גוטן שידוך״. אין דער „אנשטענדיקער געזעלשאַפט״ ווערט אַזאַ אויפפירונג אָנגערופן „קאָקעטעריע״ און „רייץ״. אָן ריזיקע איבערצוטרייבן קען מען פאַרזיכערן, אַז 75 פּראָצ. פון אַלע ראָמאַנען אין דער וועלט שילדערן דידאָזיקע אויפפירונג פון דער פרוי און אַז אין טעאַטער שילדערט מען אויך כּמעט אויסשליסלעך ענלעכע אויסדרוקן פון דער קאַפּיטאַליסטישער לייזונג פון דער געשלעכטלעכער פּראָבלעם. אָפטמאָל ווייסט אַ מיידל גאַנץ גוט, וואָס זי טוט, זי דאַרף אָבער גוט באַהאַלטן איר וויסן, כּדי אויפצוהאַלטן איר „אומשולדיקייט״. זי הויבט גאָרנישט אָן צו טראַכטן „חתונה צו האָבן פאַר געלט״, ניין, זי וויל באַקומען זייער אַ גוטן מאַן, דאָס הייסט אַזאַ, וועלכער זאָל אָנערקענט ווערן פאַר אַ גוטן דורך דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. זי וויל חתונה האָבן פאַר אַן „אָנשטענדיקן״, מיט „גוטע מאַניערן״, — זי וויל גאָרנישט טראַכטן וועגן דעמדאָזיקן עקלהאַפטן געלט; דעריבער היט מען זי און מ׳קאָנצענטרירט איר אויפמערקזאַמקייט אויף דער וועלט, ווו זי קען זיך באַגעגענען בלויז מיט געלט.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ מיידל פון הערשנדיקן קלאַס מוז אויסגעבן אַ סך געלט, כּדי אונטערצוהאַלטן איר „ערע״. אויב זי האָט גוט חתונה געהאַט, דאַרף זי אויסגעבן נישט ווינציקער געלט, כּדי אונטערצוהאַלטן די „ערע״ פון איר נישט חתונהגעהאַטער שוועסטער, און דערנאָך פון אירע אייגענע קינדער. דעריבער, וואָס רייכער עס איז אַ מאַנסביל, אַלץ געוווּנשענער איז ער. אין דעם איז צו זוכן די סיבה פון די שפּעטע חתונות, אַ מנהג, וואָס ווערט אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט: דער מאַנסביל דאַרף וואַרטן, ביז ער האָט נישט אָנגעקליבן קיין געניגנדיק רייכטום, כּדי צו באַפרידיקן אַ מיידל, וועלכע איז אים געפעלן געוואָרן אַ דאַנק איר געזעלשאַפטלעכער לאַגע. ער וואַרט, באַפרידיקט זיינע באַדערפעענישן מיט די טעכטער פון די אָרעמע. ער האָט חתונה און ווייזט זיך שוין אָפּט אַרויס אַלס שוואַכער,

אימפאטענטער. דאָס מיידל, מיט וועלכן ער האָט חתונה געהאַט, האָט אים נישט ליב, נאָר נעמט אים אויף מיט אַ קאַלטער גלייכגילטיקייט, ווייל ער איז — א „גוטער שידוך", און ווערט אַ קאַלטע געזעצלעכע פרוי. אָדער, ערשט דאַן, ווען זי האָט חתונה, דערוויסט זי זיך, אַז ער האָט זי נישט ליב; דאַן באַשליסט זי, אַז אַלע מענער זענען בלויז עגאָאיסטישע ברואים, אָדער זי צעשטערט דאָס פאַמיליען-גליק פון אַנדערע פרויען אין זוכעניש נאָך אַ בעסערן מאַנסביל.

## VII

## דער חתונה-אינכסטוט און געלט

איך ווייס, אַז די געשלעכט-פּראָבלעמען זענען אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירט. יעדער איינצלנער פאַל איז אינדיווידועל; איין-און-דיזעלבע דערקלערונג פּאַסט זיך נישט פאַר צוויי פאַלן. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז זוכנדיק אַ סיבה וועלן מיר זיך אומפאַרמיידלעך אָנשטויסן אויף עקאָנאָמישער אומגלייכקייט און קלאַסן-פּריווילעגיעס. אויב דאָס איז צו באַמערקן אין לעבן פון די רייכע, איז דאָס נאָך מער בולט אין לעבן פון די אָרעמע, וועלכע קענען זיך נישט פאַרגינען דעם לוקסוס פון צביעות. די אָרעמע לעבן אין אַ וועלט, וועלכע ווערט אָנגעפירט דורך כּחות, וואָס זענען זיי אומבאַקאַנט, זיי בויגן זיך אין דרייען אונטער דער שווערער לאַסט, וועלכע זיי קענען נישט זען, וועלכע דריקט זיי אָבער און פאַרניכטעט. אין דער וועלט פון די אָרעמע הערשט קודם כּל די אָרעמקייט, די אומזיכערקייט אין פאַרדינסט, דער טאָג-טעגלעכער שרעק פאַר הונגער און אונטערגאַנג. הויך איבער זיי עקזיסטירט אַ וועלט פון קראַפט און לוקסוס, אַ לאַנד פון דער צויבער-מעשהלע, אַרומגעוויקלט מיטן שיינעם נעפּל פון ראָמאַנטיק. די פּראָלעטאַרקע, וועלכע איז פאַרמשפּט צו דער ווירטשאַפט און קינדער-האָבן, לעבט נאָר דאַן, ווען אירע באַקן זענען ראָז און איר שיינקייט — רייף. פון צויבער-לאַנד לאָזט זיך אַראָפּ אַ מאַן, אָנגעטאָן אין אַ

פראַק, דערדאָזיקער מלבוש, וואָס איז אייגן דעם הערשנדיקן קלאַס, צעעפנט די הענט און וואַרפט באַצירונגען, קאַנפּעטי, בלומען, נסיעות אויף אויטאָמאָבילן. די פּראָלעטאַרקע ציט אויס צו אים די הענט און נאָך אַ קורצער פאַרבלענדונג ווערט זי אַ הויז-שקלאַפין פון אַ אַרבעטער אָדער זי גייט אַוועק אין אַ שאַנד-הויז. די סאָציאַלאָגן און גייסטלעכע פערזאָנען האָבן אַ געוויינהייט צונויפצוקלייבן ידיעות וועגן דידאָזיקע טרויעריקע פאַקטן און אויספרעגן אומצייליקע פּראָסטיטוטקעס וועגן די סיבות פון זייער „פאַלן". אַזויאַרום ווערט געשאַפן אַ סטאַטיסטיק, וואָס פאַרזיכערט, אַז אין אַמעריקע זענען 17 פּראָצ. פּראָסטי-טוטקעס „געפאַלן" צוליב סיבות, וואָס טראָגן אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער, 27 פּראָצ. פון דראַנג צו אַ זאָרגלאָז לעבן און פּוצן זיך און אַז. וו. דידאָזיקע גאָטספאָרכטיקע מענטשן ווערן באַנוצט דורך די הערשנדיקע קלאַסן דערצו, כּדי צו באַשיצן די קלאַסן-ערע און דערווייזן, אַז די עקאָנאָמישע קנעכטשאַפט האָט נישט קיין שום געמיינזאַמעס מיטן האַנדל פון די ווייסע שקלאַ-פינס. זיי דערגרייכן זייער ציל דורכדעם, וואָס זיי נעמען אַרונ-טער אונטערן באַגריף „עקאָנאָמישע סיבות" בלויז דעם עסן און די דירה, פאַרגעסנדיק דערביי, אַז יונגע מיידלעך לעבן נישט מיט ברויט אַליין, אַז זיי דאַרפן האָבן אויך לענטעס, שיינע קליידער, שפּאַצירן, קינאָ-באַזוכן, כּדי אויף אַ קורצער ווײַלע זיך אַרויסרייסן פון זייער גרויענקער, אומעטיקער וועלט אין אַ צווייטער, אַ פריידיקער. פאַרשטייט זיך, אַלע זענען איבערצייגט, אַז רעכט אויף פרייד האָבן נאָר די טעכטער פון די רייכע; זי ווערט זיי אונטערגעטראָגן, ווי עפּעס זעלבסט-פאַרשטענדלעכס. אָבער די טעכטער פון די אָרעמע דאַרפן פון דער פריסטער קינדהייט אַרבעטן אין דער פאַבריק צו צען, צוועלף שעה אַ טאָג און אויסערדעם קיין שום זאַך נישט וויסן.

און באמת, די סיבות פון דער פּראָסטיטוציע טראָגן דער עיקר אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער. די איבעריקע סיבות שפּילן אַזאַ נישטיקע ראָל, אַז זיי פאַרדינען נישט די מינדסטע אויפ-מערקזאַמקייט. די פּרימיטיווע געזעלשאַפט ווייסט נישט פון קיין האַנדל מיטן קערפּער. דאָסזעלבע וואָלט אויך געווען אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. ווען דאָרט זאָל זיך געפינען אַזאַ

דעגענערירטער סוביעקט, וואָס וואָלט ליבער פאַרקויפט זיין קער־פער, איידער אַריינצוטראָגן זיין טייל אין דער אַלגעמיינער אַר־בעט, וואָלט מען אַזאַ איינעם אַריינגעלייגט אין דער פסיכאָפּאַ־טאלאגישער אָפּטיילונג פון שפּיטאָל.

די עקאָנאָמישע כּחות צווינגען די פרוי זיך צו פאַרנעמען מיט פּראָסטיטוציע: ערשטנס צוליב הונגער, צווייטנס, לערנען זיי דער פרוי אָנצווועגדן די מאָס פון געלט; זיי לערנען איר דעם אידעאַל פון ליידיקגיין און שילדערן אים אַלס הימל, וועלכן עס האָבן דערגרייכט די רייכע און צו וועלכן עס שטרעבן די אָרעמע. דעמדאָזיקן פּראָצעס פאַרשנעלערן די פּאָליציי, די פּאָ־ליטיקער, די ריכטער, וועלכע פאַרטיידיקן דאָס אייגנטום פון די רייכע און עקספּלואַטירן די אָרעמקייט, די זשורנאַליסטן, אוני־ווערזיטעט־פּראָפעסאָרן, גאָטס פרעדיקער און כריסטוס׳ נאָכפאָלגער, וועלכע שרייבן צו דידאָזיקע סאָציאַלע מכּה דער „אורזינד" אָדער דער „שוואַכקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור". וואָס שייך די מענער, ווירקן דאָ די עקאָנאָמישע כּחות אין דריי ריכטונגען: שפּעטע חתונות, חתונות אָן ליבע און די הויזלעכע פאַרקנעכטונג פון דער פרוי. די באַשיצער און זאָרגער פון די שאַנד־הייזער זענען: ערשטנס, די יוגנט, וועלכע מ׳האָט געלערנט, אַז נישט איינהאַלטן די אייגענע פאַרלאַנגען איז „פּאַסיק פאַר אַ מאַנסביל", צווייטנס, די יונגע מענטשן, וועלכע קענען בשום אופן נישט חתונה האָבן, דריטנס, די אַלטע בחורים, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צום חתונה־לעבן פון אַנדערע און געקומען צום אויספיר, אַז חתונה האָבן איז אַ שלעכט געשעפט, פערטנס, די מענער, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט געלט און האָבן זיך איבערצייגט, אַז „אנשטענדיקע" פרויען זענען לויט זייער נאַטור געשלעכטסלאָז, און פינפטנס, די מענער, וואָס זייערע ווייבער וועקן מער נישט אויף אין זיי קיין געשלעכטלעכע ביי־גונג, צוליב צו אָפטער שוואַנגערשאַפט אָדער איבערמעסיקער אַרבעט. די פרוי, וועלכע לעבט אין אַ וועלט, וווּ אַלץ ווערט געמאָסטן מיט געלט, ווענדט אָן דעם גאַנצן איבערפלוס פון איר ענערגיע אויף ריין אויסערלעכע אויסדרוקן, זי קויפט און שטעלט אָן לגמרי זינלאָזע זאַכן. דער אייביקער קאַמף מיט די בלינדע בוחות מאַכט די פרויען אומגעדולדיק, נערוועז, און זיי פאַרלירן

זייער גאַנצע צוציאונגס־קראַפט. דער מאַן הערט אויף שטרעבן צום אוממעגלעכן, ער איבערצייגט זיך, אַז ליבע און חתונה לעבן זיך נישט צונויף צוזאַמען, און האַלט זיך ביי דער פאַר־מולע: „דאָס, וואָס דאָס ווייב ווייסט נישט, פאַרשאַפט איר נישט קיין ווייטאָק".

## VIII

## ליבע אָדער גלוסטונג

די ריין-פיזישע געשלעכטלעכע נייגונג וועל איך ווייטער אָנרופן „גלוסטונג", דאָס איינציקע וואָרט, וואָס זעט מיר אויס צו זיין פּאַסיק דערצו. דאָסדאָזיקע וואָרט האָט פאַרמאָגט אויך אַ געוויסע רעליגיעזע באַדייטונג; דעריבער דערקלער איך, אַז איך וועל עס באַנוצן בלויז אין מיין באַדייטונג. אין דעם, וואָס איך רוף אָן אמתע ליבע, געפינט זיך אַ גרויסע טייל פון דעם, וואָס די קירכעס רופן אָן גלוסטונג, פון דער צווייטער זייט ווערן אין די קריסטלעכע קירכעס געבענטשט אומצייליקע חתונות צווישן אומשולדיקע יונגע מיידלעך און אַלטע רייכע מענער, חתונות, וועלכע כ׳וואָלט חשק געהאַט אָנצורופן „לעגאַ־ליזירטע, געהייליקטע גלוסטונג".

איך פאַרזיכער, אַז פאַר אַ מאַן פון וועלכן עלטער און ביי וועלכע באַדינגונגען עס זאָל נישט זיין, איז נישטאָ קיין אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט נאָכצוגעבן זיין גלוסטונג, און די אַלע, וואָס ווערן באַזיגט, דערנידעריקן זיך און שעדיקן זיך נישט נאָר מאָראַליש, נאָר אויך גייסטיק, אין אַ סך פאַלן אַפילו פיזיש. דער חוב פון יעדן מאַן איז צו יעדער צייט און ביי אַלע באַדינגונגען אַנטקעגנשטעלן זיך זיין גלוס־טונג, באַזיגן זי און פאַרניכטן, ווי גרויס עס זאָלן נישט דאַרפן זיין די דערצו נויטיקע ווילנס-קראַפט און מאָראַלישע אָנשטרענגונג.

איך קען דאָקטוירים, וועלכע פאַרזיכערן, אַז געשלעכטלעכע איינגעהאַלטנקייט קען זיין זייער שעדלעך פאַרן אָרגאַניזם פון מאַן און פון דער פרוי. כ׳לייקן דאָס נישט. אמת, געשלעכטלעכע

אָפּהאַלטונג קען זיך זייער שלעכט אָפּרופן אויפן אָרגאַניזם. כ׳זאָג נאָר, אַז ס׳איז נישט שעדלעך אונטערצודריקן אין זיך די ריין געשלעכטלעכע נייגונג, ביי וועלכער עס פעלן די אַנדערע העכערע עלעמענטן פון דער עראָטיק: ליבע, אַנטציקונג און זעלבסטפאַרגעסערישע זאָרג וועגן וווּיל פון דער געליבטער פרוי. ווען איך רוף דעם מאַן צו אונטערדריקן און פאַרניכטן אין זיך די געשלעכטלעכע נייגונג, פאָדער איך נישט פון אים ער זאָל נישט פירן קיין געשלעכטלעך לעבן. כ׳דערקלער אים, אַז ווען ער וועט זיי נעמען אונטערדריקן, וועט ער דערקענען ליבע, ווער דאָס נישט טאָן, קען טרעפן, אַז ער וועט שוין קיינמאָל נישט וויסן פון קיין ליבע, אָדער ער וועט נישט זיין פעאיק צו איר, ער וועט איר נישט געטרויען און וועט נישט אַרויסרופן קיין ליבע ביי קיין איין פרוי נישט. אַנשטאָט צו שענקען אויפמערקזאַמקייט אַ סך דורכגייענדיקע פרויען, וועט ער ווענדן זיין גאַנצע ענערגיע אויף זוכן איין פרוי, וועלכע ער וועט קענען צוציען צו זיך.

אָבער ווי האַלט עס מיט אונטערדריקן אין זיך די ליבע? אין דער דאָזיקער פראַגע וועל איך נאָך גיין ווייטער, ווי די דאָקטוירים. אין אַלגעמיינעם מאָסשטאַב און האָבנדיק אין אויג אַ דערוואַקסענעם נאָרמאַלן מאַן, דערקלער איך, אַז אונטערדריקן די ליבע איז אַ פאַרברעך לגבי דער נאַטור און דעם לעבן. אַ לאַנגדויערנדיקע, סיסטעמאַטישע אונטערדריקונג פון דער ליבע מאַכט אָן אַ פאַרוויסטונג נישט נאָר אין קערפּער נאָר אויך אין גייסט און אין דער לעבנס-ענערגיע. די לערע וועגן אונטערדריקן די ליבע איז אַן אַרויספאָדערונג דער נאַטור און דעם לעבן — ווער עס זאָל דידאָזיקע לערע נישט פּרעדיקן. דער חוב פון יעדן מאַן איז נישט נאָר זיך איינצושטעלן פאַר דעם רעכט ליב צו האָבן, נאָר אויך קעמפן קעגן יענע באַדינגונגען און געזעצן, וועלכע לייקענען דידאָזיקע רעכט.

## IX

# צעליבאט און צניעות

דידאַקטיש באַגריפן — צעליבאט און צניעות — ווערן אָפט באַנוצט אין אַ פאַרקריפּלטן זינען. צעליבאט — דאָס איז די סיסטעמאַטישע אונטערדריקונג פון דער ליבע. צניעות איז, פאַרקערט, די סיסטעמאַטישע אונטערדריקונג פון דער גלוסטונג. אַרויסגייענדיק פון דערדאָזיקער פאָרמולירונג, איז צניעות לחלוטין נישט קיין פאַרלייקענונג פון ליבע, נאָר גיכער אַ צוגרייטונג צו איר. צניעות איז אַזאַ צושטאַנד, ווען מ׳גיט זיך איינגאַנצן אָפּ צו זוכן די ליבע און ווען מ׳שטרעבט זי צו פאַרדינען. אין דאָזיקן זינען איז צניעות די גרעסטע טוגנט פון יונגן דור. מ׳פּרעדיקט זי אומעטום, אָבער דאָס ברענגט נישט קיין רעזולטאַטן, ווייל מ׳מישט צונויף מיטן דאָזיקן באַגריף דעם צעליבאט — די אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע קראַנקהייט פון דער מענטשהייט.

די אַנטשטייאונג פון דער צעליבאַט-אידעע איז לייכט צו באַגרייפן. אויף אַ געוויסער שטופע פון מענטשלעכער אַנטוויקלונג עפענען זיך אויף ביי איינעם פון די מענטשן די גייסטיקע אויגן און ער באַשליסט זיך אויף אַלטרואיסטישע העלדנמעשים. אַנדערש אויסגעדריקט, דערדאָזיקער מענטש געפינט זיין גייסטיקע נאַטור. אָבער ביי די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען, האָט די גאַנצע מענטשהייט ווי באַשלאָסן זיך אַנטקעגנצושטעלן דערדאָזיקער גייסטיקער נאַטור, זי גובר זיין און אַריינדעפּטשען אין מיסט. דער מענטש הויבט אָן צו גלויבן, אַז איינער פון די מעכטיקסטע עלעמענטן צווישן דידאָזיקע צעשטערערישע כחות איז דאָס געשלעכטלעכע. דאָס געשלעכטלעכע שיקט אָן אויף אים שרעקלעכע קאָשמאַרן, וועלכע זענען אומבאַקאַנט זיין גייסטיקער נאַטור, און וועלכע טוען זייערס. אין ערגסטן פאַל רויבן זיי צו ביי אים אי דאָס געלט, אי דעם געזונט, אי די צייט, אי דעם גוטן נאָמען; אין בעסטן פאַל לייגן זיי אַרויף אויף אים

אַ שווערע משא. אין אַ וועלט, ווו עס האָבן געבושעוועט קראַנקהייטן, מלחמות און הונגער, איז שווער געווען פאַר אַ פאַמיליע־פאָטער צו ווערן אַ פילאָזאָף, אַ נביא אָדער אַ היילי־קער. און אָט באַמערקט ער, ווי עפּעס אין אים אינעווייניק פאַרנאַרט אים אין דערדאָזיקער פאסטקע, און ער טראַכט וועגן דעם, ווי וועגן עפּעס אַ טייוולאָנישן שפּיצל. ער דערווייטערט זיך אין מדבר, לעבט אין אַ הייל, הונגערט, פּייניקט זיך, צע־שטערט זיין אייגענעם קערפּער — אַלץ אין פאַרלאַנג צו אונ־טערדריקן אין זיך דעם געשלעכט־דראַנג.

אויף אַזאַ אופן אַנטשטייען די קלויסטערס און די רעלי־גיעזע קולטור, אמת, אַ נישקשהדיק נישטיקע, אָבער בעסער עפּעס, איידער גאָרנישט. און אויף אַזאַ אופן האבן מיר נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג דעם צעליבאט פון די קאַטוילישע גייסט־לעכע און — וואָס ס'איז נאָך אַ סך געפערלעכער פון אונזער סאָציאַלן געזונט — די אויפגעהיטע אַלטע קוקן אויף דאָס גע־שלעכטלעכע, קוקן, וועלכע ווערן אויסגעדריקט אין אונזער גע־דאַנק, אין אונזער ליטעראַטור, אין אונזערע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען און געזעצן און וועלכע שטעלן מכשולים אויפן וועג צו דערגרייכן די אמתע חכמה, געזונט און גליק אין דער ליבע.

די אידעע פון צעליבאט איז אַן אינטעלעקטועלע און מאָ־ראַלישע קראַנקהייט; אין קאַמף מיט איר וועגדט די נאַטור אָן די גאַנצע ענערגיע און גייט כּמעט תּמיד אַרויס פון קאַמף אַלס זיגערין. ס'האָט נישט עקזיסטירט קיין איין רעליגיעזער אָרדען (ווי שטרענג עס זאָל נישט האָבן געווען זיין דיסציפּלין), וואָס זאָל זיך פריער אָדער שפּעטער נישט פאַרוואַנדלען אין אַ נעסט פון די עקלהאַפטיקסטע אומנאַטירלעכע שלעכטע מידות. מיט דער צייט פאַרלירט די צעליבאַט־אידעע איר אומבאַדינגטקייט; דער געזונטער מענטשנפאַרשטאַנד טרעט אַריין אין זיינע רעכט, מיר לייענען אין דער געשיכטע וועגן זין פון די פּויפּסטן, מיר זעען הויכע גייסטלעכע, וועלכע האַלטן ביי זיך אין הויז „פּלי־מעניצעס" און שיינע דינסטן. יעדער פּאָליציי־אָפיציר קען אייך באַשטעטיקן, אַז צו די פינקטלעכסטע באַזוכער פון די שאַנד־הייזער געהערן די גייסטלעכע, וועלכע זענען בוגד אין נדר פון

צניעות. אַן אַלטער פּאָליציימאַן האָט מיר איינמאָל געזאָגט: „פאַרשטייט זיך, מיר גיבן אַכטונג אויף דעם, אַז מיט די גייסטלעכע זאָל גאָרנישט געשען.” און ער האָט דאָס געזאָגט נישט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַן אירלענדער און אַ פאַנאַטישער קאַטאָליק, — ער האָט געוווסט דאָס, וואָס אַלע ווייסן: אַז דער פאַרלאַנג פון מאַנסבילן צו קומען אין באַרירונג מיט פרויען איז אַלמעכטיק און צעשטערט אַלע שטערונגען, וועלכע די געזעלשאַפט שטעלט אויף.

פאַראַן נאָך אַן אַרט צעליבאַט, נישט קיין רעליגיעזער, נאָר אַן עקאָנאָמישער און פון אַ ריין-עגאָאיסטישן כאַראַקטער. דערדאָזיקער אַרט צעליבאַט איז לחלוטין נישט אָרגאַניזירט, באַזירט נישט אויף וועלכע נישט איז איבערצייגונגען און ווערט געוויינלעך אָנגערופן „אַלטבחורשאַפט”. זיינע הוספות זענען: די אַלטע מיידלעך און פּראָסטיטוטקעס. נישט דער רעליגיעזער, נישט דער עקאָנאָמישער צעליבאַט קען נישט גיין האַנט ביי האַנט מיט צניעות, וועלכע איז מעגלעך נאָר דאָרט, וווּ די ליבע ווערט אָנערקענט און געאַכט. צניעות איז בלויז אַ צוגרייטונג צו ליבע, און ווי נאָר די ליבע ווערט פאַרבאָטן, זאָל זיין דורך אַ געזעץ, דורך אַ מנהג, אָדער צוליב עקאָנאָמישע סיבות, ווערט די צניעות אַן אוטאָפּישער חלום. איר קענט אים אַ קיילעכדיקן מעת לעת פרעדיקן פון קאַטעדער, דראָען מיט גיהנום-ליידן, ביז אייערע צוהערער וועלן נישט אָנכאַפּן קיין קאָנווולסיעס — און קיינער פון זיי וועט נישט ווערן צניעותדיק. אדרבה, די אויפוועקונג פון שרעק וועט ביי אייך אויף די אויגן זיך פאַרוואַנדלען אין געשלעכטלעכער אויפרייצונג. אָט אַזוי כיטרע איז זי שוין די אַלטע נאַטור און אַזוי אַנטשידן פאַרווירקלעכט זי איר ווילן.

די שרעקלעכע אַלטע אידעע פון צעליבאַט מיט איר שנאה צו פרויען, מיט איר אומצוטרוי צו גליק און מיט איר שרעק פאַר טייוואָלים — דידאָזיקע אַלטע אידעע איז נאָך נישט געשטאָרבן. זי ליגט ביי אונז אין בלוט און קומט צום אויסדרוק אַלץ אין נייע פאָרמען. טאָלסטאָיס קוקן אויף דער געשלעכטפראַגע, זיין באַציאונג צו איר, שטעלן מיט זיך פאָר דעם בולטסטן אויסדרוק פון דערדאָזיקער קראַנקהייט. טאָלסטאָיס באַציאונג צו פרויען איז געבליבן אומגעענדערט ביזן סוף פון זיין

לעבן. גאָרקי, וועלכער האָט זיך באַקענט מיט טאָלסטאָיען אין דער צייט, ווען דער לעצטער איז שוין געווען אַ זקן, דערציילט, אַז טאָלסטאָיס שמועסן זענען דורך און דורך געווען אומאַנשטענ־דיק און אַז אין זיין פּאָזיציע לגבי די פרויען האָט זיך גע־מערקט אַ געשיקט באַהאַלטענע, כיטרע גלוסטיקייט. אמת, אין אַ אַנדער הינזיכט איז טאָלסטאָי געווען גרויס, איינער פון דער מענטשהייטס מאָראַלישע געוויסנס. ער האָט געזוכט אַרום זיך אַ וועלט, אַ אָנגעפילטע מיט גיריקייט און האַס, ער האָט פאַרצווייפלט זיך באַמיט צו שטיין העכער פאַר איר. אָבער וואָס שייך דער געשלעכט־פּראַגע, האָט זיין באַציאונג צו איר איבערגעחזרט די אַלטע פאָרמען פון אוראַלטן קריסטלעכן צעליבאַט. דער מאַנסביל דאַרף אָפּוואַרפן פון זיך דעם געשלעכטלעכן דראַנג און זיך באַ־ציען צו פרויען מיט אַ „ריינעם" געפיל פון אַ ברודער צו אַ שוועסטער. טאָלסטאָי האָט געפּרעדיקט יענע אַרט ליבע, וועלכע ער האָט געשילדערט אין „תחית המתים", און ווען מ'האָט אים דערוווידערט, אַז דער רעזולטאַט דערפון וועט זיין די אויסשטאַר־בונג פון דער מענטשהייט, האָט ער געענטפערט, אַז מ'דאַרף זיך דערפאַר נישט שרעקן, ווייל בלויז ווייניקע זענען גענוג צוגע־גרייט און גענוג שטאַרק, כדי צו שטרעבן צום העכסטן אידעאַל. דאָ געפינען מיר אַן אָפּשפּיגלונג פון אַלטן קריסטלעכן באַגריף וועגן „דער זינד פון די געבוירענע". אַלזאָ, מיר קענען זיין ריין און גערעכטיק — און דאַן וועלן מיר אויסשטאַרבן, אָדער מיר קענען זינדיקן און ווייטער עקזיסטירן. אַנדערע קלויבן אויס די זינד, און די זינדיקע גיבן איבער זייערע זינדיקע אייגנשאַפטן די קומענדיקע דורות. אויף אַזאַ אופן בלייבן די טוגנט און די גערעכטיקייט דאָסזעלבע, וואָס זיי זענען תמיד געווען — אַ דער־פאָלגלאָזע פּרעדיק פון אייניקע נביאים אין מדבר, געשיקטע דורך גאָט אויף דער ערד, וועלכע ער אַליין האָט באַשאַפן (אגב אורחא, אַז ער האָט דערביי געמאַכט אַ פעלער, דאָס איז קלאָר, אָבער וועלכן, דאָס האָט נאָך קיינער קיינמאָל נישט דערקלערט) — כדי צו פּרעדיקן אונטערגאַנג.

אין אונזער צייט איז נישט שווער צו איבערצייגן פאַר־שטאַנדיקע מענטשן אין דעם, אַז דידאַקטישע וועלט־אַנשויאונג איז קאָמיש. אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז אַזאַ באַציאונג צום געשלעכט

אוי כאַראַקטעריסטיש נישט נאָר פאַר דער רעליגיע, נאָר אויך פאַר אונזערע געזעצן און מנהגים. איך וועל דידאַזיקע באַציאונג אָנרופן אַ „מאָנאַכישער" קוק אויף דער ליבע; ער שטערט אונז פֿרעלעך און קלאָר אויסצופאָרשן דידאָזיקע פראָבלעם און פעסט-שטעלן דעם אונטערשייד צווישן גוטס און שלעכטס, ער שטערט אונז אָנצונעמען אַנטשיידנדיקע מיטלען קעגן דער שלעכטס פון דער סיסטעם „חתונה פלוס פראָסטיטוציע".

X

# די ליבע פאַרטיידיקט זיך

פאַר מיר ליגט אַ צייטונגס-אַרטיקל פון ראָבערט בלעטשפארדט אויף דער טעמע — ליבע אין דער חתונה. דער מחבר פאַרענ-דיקט זיין אַרטיקל אומגעפער אַזוי: „דער חילוק באַשטייט אין דעם, צי מען האָט ליב דאָס ווייב, אָדער מען איז אין איר פאַרליבט. דאָס פאַרליבט זיין איז אַ פּרעכטיקע אילוזיע, אָבער דערדאָזיקער חלום דויערט נישט לאַנג. אין דער חתונה עקזיסטירן נישט קיין פעעס".

דידאָזיקע ווערטער דריקן אויס איינעם פון די פאַר-שפרייטסטע קוקן: די ליידנשאַפטלעכע ליבע איז עפּעס לחלוטין אַנדערש, ווי די חתונה, און זיי פאַראייניקן איז פונקט אַזוי אוממעגלעך, ווי צעגויפמישן פוטער מיט וואַסער. אונזער פאָר-שטעלונג וועגן דער „ראָמאַנטישער ליבע" וואָרצלט אין מיטל-אַלטער, אין די דערציילונגען און לידער פון די מינעזינגערס; און דאָס אַלץ איז בלויז אַ פאַרהערלעכונג פון דער אומגעזעצ-לעכער ליבע מחוץ דער חתונה. כ׳איבערטרייב נישט, ווען כ׳דער-וועג זיך צו פאַרזיכערן, אַז דיזעלבע פּאָזיציע פאַרנעמט אויך אונזער אָפּערע, די דראַמע, דער קינאָ און די ראָמאַנען; זיי אַלע דערקלערן, אַז ליידנשאַפטלעכע ליבע איז בלויז מעגלעך ביז דער חתונה, אָבער קיינמאָל נישט אין דער חתונה גופא.

די ענגלישע און אַמעריקאַנער פוריטאַנער האָבן ווייכער געמאַכט דעמדאָזיקן קוק אין דער הינזיכט, וואָס דער שרייבער

שילדערט דעם צויבער און די ראָמאַנטיק פון דער יונגער ליבע, אָבער נאָר ביז דער חופה, די אראנזש-בלומען און דעם ווייסן קלייד; אויף דעם שטעלט זיך די געשיכטע אָפּ. דער שרייבער לאָזט דעם לייענער די מעגלעכקייט צו גלויבן, אַז דערדאָזיקער פּרעכטיקער צויבער דויערט אייביק, ער אַנטשליסט זיך אָבער נישט עס צו דערווייזן אין זיין ווערק, וויסנדיק, אַז דערמיט וועט ער זיך מאַכן קאָמיש אין די אויגן פון די, וועלכע האָבן אָנערקענט די דערפאַרונג פון דער חתונה. דעריבער מיידט ער אויס צו רעדן וועגן די רעזולטאַטן פון דער חתונה און ווען ער שרייבט איר געשיכטע, שילדערט ער זי מערסטנטיילס „דריי-עקיק", רעדנדיק וועגן דעם, סאַראַ סכנה די חתונה שטעלט פאָר פאַר דער ליבע: אָדער זי צעשטערט די ליבע אָדער זי ברענגט אום דאָס לעבן פון קרבן. אין דערדאָזיקער מיינונג קומען זיך צונויף אונזערע אַלע מאָדערנע קונסטן. און דאָס, דאַכט זיך מיר, איז אַ באַווייז, אַז אין אונזער חתונה-סיסטעם איז עפּעס נישט אין אָרדנונג.

איך פערזענלעך בין גרייט צו גיין אין דער פאַרטיידיקונג פון דער ליבע און די רעכט אויף ליבע אַזוי ווייט, ווי אירע פאַרביסנסטע קעגנער. איך גלויב, אַז ליבע איז אַ טייערע מתנה פון לעבן, כ'אָנערקען איר הייליקייט און אויטאָריטעט. כ'גלויב, אַז מ'דאַרף פאָלגן דעם קול פון ליבע און זי אַכטן, און נישט אויסמיידן און נישט אומברענגען. כ'גלויב, אַז ליבע איז דער קול פון דער נאַטור, דער קול פון חכמה, אַ סך אַ העכערער פאַר דער, וועלכע מיר האָבן דערגרייכט אָדער מיר וועלן דער-גרייכן אין משך פון יאָרהונדערטער. און ווען איך זאָג „ליבע", טראַכט איך נישט בלויז וועגן אַ פּשוטער סימפּאַטיע, נישט וועגן דער געוווינהייט צו לעבן אונטער איין דאַך, וואָס דאָס בילדעט דעם באַזיס פון אַ סך חתונות. איך האָב אין זינען די ליבע פון די דיכטער און טרוימער, די „יונגע ליבע", די באַגייסטערטע, וואָס באַלויכט דאָס גאַנצע לעבן. און דידאָזיקע ליבע דאַרף נישט פאַרטריבן ווערן דורך דער חתונה, נאָכמער — דער זין פון דער חתונה איז אין דעם, כּדי אויף לאַנג זי איינצוהיטן.

ווען איך רעד וועגן ליבע, האָב איך אין אויג די ליידנ-שאַפטלעכע ליבע פון פאַרליבטע. יעדער מאַן און פרוי האָבן

דאָס רעכט זיך צו פאַרליבן איינער אין צווייטן, און אין יעדער אמתער חתונה מוזןביידע צדדים זיין פאַרליבט און בלייבן פאַרליבט. ס'איז גאַנץ מעגלעך אויפצופאַסן די ליבע מיטן פאַר-שטאַנד, זי באַגרייפן, פאַרטיידיקן און זי איינהיטן אין דער חתונה. בלעטשפאַרד שרייבט: „די חתונה קען נישט זיין קיין פּסדרדיקער האָניק-חודש". איך פאַרזיכער אָבער, אַז זי קען דאָס יאָ זיין, און אויב איר וועט מיר פרעגן, פונוואַנעט איך ווייס דאָס, וועל איך ענטפערן, אַז איך האָב דאָס דערגרייכט מיטן איינציקן וועג, וואָס נאָר דורך אים קען מען דערגרייכן דאָס אמתע וויסן: מיטן וועג פון דערפאַרונג. ווען די מענער און פרויען וואָלטן אָנערקענט, אַז דער זין פון דער חתונה ליגט אין פאַרלענגערן דעם האָניק-חודש און זיי וואָלטן אָנגעווענדט אויף דעם בלויז איין הונדערטס-חלק פון זייער וויסן און ענערגיע, וועלכע ווערן איצט אָנגעווענדט אויף דעם, כדי צו טויטן אין דער מלחמה די מיטמענטשן, וואָלט געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער נעבעכדיקער „ראָמאַנטישער טראַדיציע", וואָס מאַכט פון הייליקן געפיל אַ נאַכט-גנב, וואָס פאַרקלויבט זיך אין אונזער לעבן דורכן הינטערשטן גאַנג און דורך פאַרבאָרגענע שטיגן, בעת גיריקייט, לאַנגווייליקייט און גאווה רייסן זיך דורך דער פראָנט-טיר.

וואָס אַזוינס איז ליבע, יונגע ליידנשאַפטלעכע ליבע, די ליבע פון פאַרליבטע? כ'קען איין געבילדעטע דאַמע, וועלכע ענטפערט אויף דעם, אַז דידאָזיקע ליבע איז די גרעסטע נאַריש-קייט און די געפערלעכסטע פאסטקע אין דער וועלט. דידאָזיקע דאַמע איז דערצויגן געוואָרן דורך אַ קאָקעטקע, זי און אַנדערע דאַמען פון איר קרייז שטעלן זיך פאַר אַ ציל איינצוליבן אין זיך אַ וואָס גרעסערע צאָל מענער, און איר גאַנצע „ערע" באַזירט אויף דערדאָזיקער קונסט. פאַר דידאָזיקע מיידלעך איז „ליבע" געוואָרן אַ שפּאַס, פאַרליבטע מענער — קרבנות, קאָמישע אָדער נעבעכדיקע. נישטאָ קיין איין זאַך אין לעבן, וואָס מ'זאָל נישט קענען נאָכמאַכן; אָבער יעדע נאָכמאַכונג איז בלויז אויף אַזוי ווייט ווערטפול, אויף וויפל זי איז ענלעך אויפן אָריגינאַל. כ'ווייס אויסגעצייכנט, אַז די געזעלשאַפט איז אויף אַזוי ווייט גראָב, זי שאַצט אויף אַזוי ווייט נאָכהאַמונגען, די ליבע פון העויות, פודער און זיידענע זאָקן, אַז די אמתע,

אויפריכטיקע ליבע מיט אירע קרבנות און זעלבסטפאַרלייקענונג
קען מער נישט אָנגענומען און פאַרשטאַנען ווערן. איך ווייס,
אַז אין אַזאַ געזעלשאַפט פלאָנטערן די יונגע מענטשן אַזאַ ליבע
מיט גאווה, מיט בוקונג צו געלט און צו דאָסיעניקע, וואָס געלט
גיט. כ'האָב געקענט מיידלעך, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז זיי
זענען „משוגע פאַרליבט” אין אַ וועלכן נישט איז מאַנסביל, אין
דער אמתן אָבער זענען זיי געווען פאַרליבט נאָר אינם פראַק
אדער אין דער געזעלשאַפטלעכער לאַגע פון מאַן. אין אַזאַ גע-
זעלשאַפט איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו רעדן וועגן געפילן,
וועגן אנפּניותדיקער, טיפער, לאַנגדויערנדיקער סימפּאַטיע.

און פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף אַלע פאַלשע קאַנ-
וועגאנסן, אויף די פאַלשע ווערטן, אויף דער גאַנצער פּחדנות
פון אונזער קולטור, האָט זיך אין די הערצער פאַרטייעט אַ
באדערפעניש פון אַ אמתער ליבע און דידאָזיקע בענקשאַפט
צעברענט זיך ביסלעכווייז ביי דער יוגנט אין אַ פלאַקער. נישט
לייגנדיק קיין אַכט אויף די שפּאָט-רייד פון אַלטע לייט, אויף
די טעותן און דורכפאַלן, געפינט אַ בחור פון טויזנט מיידלעך
איינע, וועלכע וועקט אויף אין אים אַ ניי געפיל, וואָס איר
לייכטסטע באַרירונג מאַכט אים אויפציטערן.

כ'בין לחלוטין נישט קיין בלינדער אָנהענגער פון דער
מוטער-נאַטור און נישט אירער קיין שטאָלצער קענער, אָבער
איך דערוועג זיך צו זאָגן מיין מיינונג, אויב איך ווייס מער
פאַר איר. פון דער צווייטער זייט וועל איך זיך נישט אַמפּערן
מיט דער נאַטור, ווען עס רעדט זיך וועגן יענע זאַכן, וועגן
וועלכע איך ווייס גאָרנישט, אָדער כמעט ווי גאָרנישט, און אין
אַזעלכע פאַלן בין איך גרייט צו גיין לויט אירע אָנווייזונגען.
די פראַגע, וועגן וועלכער מיר ווייסן נאָך ביים היינטיקן טאָג
זייער ווייניק, — איז די אויגעניק. מיר הויבן נאָך איצט אָן
עקספּערימענטירן איבער איר, מיר ווייסן נאָך נישט וועלכע צו-
נויפפּאָרונגען עס גיבן אַרויס אַ בעסערן דור. דעריבער דאַרפן
מיר זיך דערווייל האַלטן ביי די אָנווייזונגען, וועלכע עס גיט
אונז די נאַטור פּונקט אַזוי, ווי מיר טוען דאָס אין די פראַגעס
פון דערנערונג. כ'גלויב נישט, אַז דער וויסנשאַפט זאָל ווען
נישט איז געלינגען צונויפצופּאָרן ליידנשאַפטסלאָזע מענער מיט

פרויען, ווי דאָס ווערט געטאָן אין דער פּי-צוכט. כ'גלויב נישט,
אַז די וויסנשאַפט זאָל פאַרניכטן דעם גאַנצן צויבער פון ליבע,
פאַרקערט, זי וועט מוזן ווערן איר דינערין, פעסטשטעלן איר
באַדייטונג און באַשטימען, ווי אַזוי קען מען זי דערהאַלטן.

פאַר מיר איז קלאָר, אַז דאָס קינדער-האָבן איז נישט דער איינציקער ציל פון ליבע. קינדער דאַרף מען אויסהאָדעווען, דערציען; דאָס באַדייט די נויטווענדיקייט פון אַ אייגן הויז. די עלטערן דאַרפן האָבן געמיינזאַמע לעבנס-צילן, זייערע כאַ-ראַקטערן דאַרפן זיין אויף אַזוי ווייט ענלעך, כדי זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו לעבן אונטער איין דאַך, נישט אויס-דראַפּענדיק דערביי איינער דעם צווייטן די אויגן. און אין אַ קולטורעלער געזעלשאַפט פאָדערט דאָס אַ שטרענגע קריטיק פון אַלע ליבע-אימפּולסן. כדי אויסצומיידן וועלכע נישט איז מיס-פאַרשטענדענישן, וואָלט איך וועלן פעסטשטעלן, אַז איך בין לחלוטין נישט קיין אָנהענגער פון אַ „בלינדער" ליבע און אַז כ'בין אַ קעגנער פון אַ אומבאַדינגטן אונטערגעבן זיך דעם געשלעכט-דראַנג. כ'וויל נאָר דערווייזן, אַז דערדאָזיקער אימפּולס שטעלט פאַר מיט זיך יענעם שטאָף, פון וועלכן עס ווערט געשאַפן ליבע און חתונה. ליידנשאַפטלעכקייט בילדעט איינעם פון די עיקר-דיקע עלעמענטן פון אונז גופא. אויב מיר וועלן נישט געפינען פאַר איר קיין אָרט אין דער חתונה, וועט זי זוכן איר באַפרי-דיקונג מחוץ דער חתונה, און דאָס באַדייט: ליגנט און צעשטע-רונג פון דער חתונה, און אָפטמאָל ביידעס צוזאַמען.

די ליידנשאַפטלעכקייט גיט צו דער ליבע און דער חתונה אַ לעבנס-קראַפט, און ס'קען זיין, אַז זי גיט עס דעם גאַנצן כאַראַקטער פון מענטשן. זי איז די באַלעבנדיקע קראַפט, וואָס לייטערט דעם מענטשן; אויב מ'זאָל זי אונטערדריקן אָדער טויטן, וועט דעם מענטשנס גאַנץ לעבן ווערן פאַרקריפּלט. פונ-דעסטוועגן איז יעדן דאָקטאָר גוט באַקאַנט, אַז אַ מיליאָן חתונה-געהאַטע פרויען ווערן קיינמאָל נישט באַפרידיקט אין זייער ליידנשאַפט. דידאָזיקע אומנאָרמאַלקייט ווערט אַרויסגערופן דאַן, ווען די סיבה פון דער חתונה איז געווען געלט, און נישט ליבע. די ליבע איז געוואָרן עפּעס איבעריקס און געפערלעכס, אַלע כחות פון געפיל, אין זייער צאָל אויך די רעליגיע, האָבן

זיך פאַראייניקט, כדי צו מאַכן די ליבע פריי און זי שטעלן מחוצן געזעץ.

ס'איז קלאָר, אַז מיט אונזערע געזעצן און מנהגים אין דער געשלעכט-פראַגע איז עפּעס נישט אין אָרדנונג; — אַנישט, פון וואַנעט וואָלט זיך גענומען דער אייביקער קאַמף צווישן די מאָראַליסטן און קינסטלער? מיר דאַרפן באַשליסן, צי זענען די דיכטער, ווי שעללי האָט געזאָגט, די „נישט אָנערקענטע געזעצגעבער פון דער מענטשהייט", אָדער, ווי פּלאַטאָן האָט זיך אויסגעדריקט, „די פאַלשע לערער און באַשווינדלער פון דער יוגנט". אויב דאָס לעצטע איז ריכטיק, וועלן מיר מיט זיי איבעררייסן אַלע באַציאונגען און מיר וועלן זיי אויף אייביק פאַריאָגן מיט זייערע געליבטע און ליידנשאַפטן. אויב זיי רעדן אָבער דעם אמת וועגן ליבע, טאָ לאָמיר באַפרייען דעם יונגן גאָט פון זיין גלות, לאָמיר אים אַריינפירן דורכן פראָנט-אַריינגאַנג אין אונזער הויז און אַרויסטרייבן פון דאָרט די געטשן פון גאווה און גיריקייט.

# XI

## די געבורטן-קאָנטראָל

לאָמיר אָננעמען, אַז איר זענט מסכים מיט מיינע באַווייזן און איר זענט ערנסט גרייט צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אַריינצופירן דעם געפּיל פון ליבע אין דער חתונה. צום דאָזיקן צוועק דאַרף מען קודם כל דורכפירן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, מיט אַנדערע ווערטער: איר דאַרפט אַרויסיאָגן פון דער געזעלשאַפט דעם קלאַסן-קאָנטראָל און די הערשנדיקע עקספּלואַטאַציע. עס זענען נויטיק גרויסע סאָציאַלע ענדערונגען, וועלכע פאָדערן אַ לאַנגע צייט; און ביז דאַן לאָמיר לעבן וואָס גליקלעכער. פּראַקטיש האַנדלט זיך אָט אין וואָס: וואָסער עצה וואָלט איך געקענט געבן אַזאַ איינעם, וועלכער וויל געפינען דאָס גליק אין ליבע? אויב איר זענט יונג, ווילט איר דידאָזיקע עצה פאַר זיך, אויב איר זענט אַלט, ווילט איר זי

פאַר אייערע קינדער. מיין עצה וועל איך צעטיילן אויף פיר פראַגעס: ערשטנס, אַ חתונה פון ליבע, צווייטנס, געבורטן-קאָנטראָל, דריטנס, יונגע חתונות און פערטנס, צוגרייטונג צו חתונה-האָבן.

די ערשטע פראַגע האָבן מיר שוין באַהאַנדלט גאַנץ גענוי. די סאָציאַלע רעוואָלוציע באַשטייט אין פערזענלעכער איבערציי־גונג, אין אָפּזאָגן זיך פון לוקסוס און פאַרצערטלטקייט, זעלבסט-דערציאונג און קאַמף פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג. מיינט נישט, אַז דאָס איז אַזוי פּשוט, אַזוי אומבאַדייטנדיק, אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדלעך. אדרבה, דאָס באַטייט פאַר דער מערהייט פון אונז אַ טאָג-טעגלעכן קאַמף, ווייל דאָס בוקן זיך פאַר אייגנטום און געזעלשאַפטלעכע קאַנוועַנאַנסן געהער צו אונזערע אַממיינסטן איינגעוואָרצלטע אינסטינקטן, דאָס האָט פאַרסמט אונזער גאַנצע געזעלשאַפט, און אויף די פינגער פון איין האַנט קען איך אויס-רעכענען די מיר באַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָפּגע-טרייסלט דערפון. דאָ האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען אונזערע קינדער פון דעם פאַרשאָלטענעם מעכטיקן סנאָביזם, וואָס פאַרגיפטעט זייערע יונגע הערצער און צעשטערט זייערע בעסטע יוגנט-דראַנגען, אין דער צייט, וואָס מיר האַלטן נאָך אין אונזער פאַרבלענדעניש אונזערע קינדער פאַר קליינוואַרג.

קודם כּל דאַרף איך אָנווייזן אויף דער געבורטן-קאָנ-טראָל ווי אויף דער סאַמע ערנסטער און עיקרדיקסטער פראַגע פון די, אויף וועלכע כ׳האָב אָנגעוויזן. אָן איר איז אין דער ליבע נישט מעגלעך נישט קיין פרייהייט, נישט קיין גליק, נישט איר דויערהאַפטיקייט. די געבורטן-קאָנטראָל באַטייט אַ גרויסע דערגרייכונג פון מענטשלעכן שכל, וואָס איז גלייכוואָרטיק דער אַנטדעקונג פון פייער און דער דערפינדונג פון דער דרוקערייי־קונסט. די געבורטן-קאָנטראָל באַטייט די באַפרייאונג פון דער פרוי און פון דער גאַנצער מענטשהייט פון דער בלינדער און זינלאָזער פרוכפּערניש פון דער נאַטור, וועלכע האָט אונז באַ־שאַפן אַלס חיות און וועלכע וואָלט אונז גערן געלאָזן אין דאָזיקן צושטאַנד, ווען מיר וואָלטן זיך נישט צעבונטעוועט קעגן איר.

פון די ערשטע אָנהויבן פון די היסטאָרישע צייטן, און

אַפילו פריער, האָט די מענטשהייט געקעמפט קעגן דערדאָזיקער בלינדער משוגעת פון דער נאַטור. דער אָרעמער רוזוועלט האָט עפּעס געמורמלט קעגן דעם „זעלבסטמאָרד פון דער ראַסע", ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז פאַרדאָרבנקייט; פונדעסטוועגן איז אונז פון דער געשיכטע נישט באַקאַנט קיין איין פרימיטיווער שטאַם, קיין איין פאָלק, וועלכע זאָלן זיך נישט האָבן באַמיט צו פאַרטיידיקן זיך קעגן איבערבאַפעלקערונג. דידאָזיקע פעלקער און שבטים זענען געווען צו אומקולטורעל, כּדי אויסצומיידן די געבורטן, און זיי האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט טויטן די קינדער, און אַזוי ווי דער אָבערגלויבן באַהאַלט אויס אין אונזער צייט פון דער מערהייט פרויען דעם אומשאַצבאַרן וויסן פון די פאַרהיטונגס-מיטלען, הערשן נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג דידאָזיקע פרימיטיווע, ווילדע מיטלען. ווען מיר וועלן אָננעמען, אַז אַ פערטחלק פון אונזער באַפעלקערונג באַשטייט פון פרויען, וועלכע זענען פעאיק צו האָבן קינדער, קומט דאַן אויס, אַז אויף יעדע 25 פרויען אין אַ יאָר, געפינט זיך איינע, וועלכע באַנוצט דידאָזיקע שרעקלעכע, פאַרן געזונט-געפערלעכע מיטלען. זי באַנוצט זיי, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די מאָראַליסטן, פרעדיקער און די גייסטלעכע, וועלכע דראָען מיט גיהנומשעליידן. טיילווייז דערקלערט זיך דאָס מיט דער תּתונה אן ליבע, און טיילווייז דורך דעם אומשטאַנד, וואָס 20 פראָצ. פון אונזער באַפעלקערונג וועגעטירן, וואָס מער ווי אַ העלפט פון אונזערע פערמעס זענען פאַרזעצט און אָפּגעגעבן אין אַרענדע און וואָס 20 פראָצ. פון אונזערע אַרבעטער זענען אַרבעטסלאָז.

אַ קליינע צאָל פון אונזערע פרויען ווייסן וועגן די מיטלען צו פאַרהיטן די געבורטן, — דאָס זענען די רייכע פרויען, וועלכע באַקומען אַלץ, וואָס זיי פאָדערן; זיי ווילן נישט אַריבערטראָגן אומבאַקוועמלעכקייטן און אַראָפּנידערן צו דער מדרגה פון טראָגן קינדער, אַ טייל פון זיי האָבן צו איין-צוויי קינדער, די אַנדערע דערציען בעסער הינטלעך. אויך אונזער מיטלקלאַס האָט זיך צוגעפּאַסט דערצו, די פרויען פון דאָקטוירים, יוריסטן, אוניווערזיטעט-פּראָפעסאָרן און ענלעכע. אָבער פון דער איבעריקער געזעלשאַפט ווערן אויסבאַהאַלטן דידאָזיקע מיטלען מיט די אָנשטרענגונגען פון דער קירכע. און וואָס דערגרייכן מיר?

אין דער צייט, וואָס די אַנגלאָסאַקסן, וועלכע האָבן געגרינדעט די אַמעריקאַנער רעפּובליק, פאַרשווינדן אַלץ מער און מער, מערט זיך די טונקעלע און הילפלאָזע באַפעלקערונג, ווי די קראַליקעס.

כ׳וועל זיך באַמיען אָפּזאָגן פון ראַסן־פאָראורטייל, וועלכן איך פאַרמאָג אפשר אין זיך, און כ׳וועל אָננעמען, אַז די פּאָרטוגעזער, יאַפּאַנער, מעקסיקאַנער, פראַנצויזישע קאַנאַדער, פּאָלאַקן, אונגאַרן און סלאָוואַקן, וועלכע פאָרפּלייצן איצט אַמעריקע, שטייען אויף דערזעלבער גייסטיקער אַנטוויקלונגס־שטופע, ווי אונזערע אבות, וועלכע האָבן דערקלערט די אומאָפּהענגיקייט פון אונזער רעפּובליק. אָבער יעדער, וואָס איז באַקאַנט מיט יענע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי לעבן, דער ווייסט, אַז ס׳איז נויטיק אַ סך אַרבעט, בילדונג און זייף, כּדי זיי דערהויבן צו דערזעלבער הויך. צי דען איז דאָס אָבער נישט קיין אומנויטיקע פאַרשווענדונג פון ענערגיע, אַ חוזק איבער דער קולטור, לאָזן אויסשטאַרבן שוין אויסגעוואַקסענע מענטשן, וועלכע זענען דערפירט געוואָרן צו דער מעגלעכקייט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, און זיי פאַרבייטן מיט אַנדערע, וועלכע האָבן נאָך נישט דערגרייכט דידאָזיקע מעגלעכקייט? צי דען איז דאָס נישט קיין באַוווּסטזיניקע צעשטערונג פון דער קולטור?

טעאָדאָר רוזוועלט האָט זיך גאַנצע צען יאָר אַרומגעטראָגן מיטן פאַרבאָט אָנצווענדן פאַרהיטונגס־מיטלען; ס׳איז אינטערעסאַנט צו וויסן, וויפל אַנגלאָסאַקסישע קינדער וואָלטן אין משך פון דערדאָזיקער צייט געקומען אויף דער וועלט אין רעזולטאַט פון זיין לערע. ס׳וואָלט געווען אַ סך שכלדיקער, ווען ער וואָלט אין משך פון דערדאָזיקער צייט אויפגעקלערט די אומגליקלעכע, האַלב־הונגעריקע, פון אַרבעט אויסגעמאַטערטע מוטערס אין די קעלערן פון די גרויסע שטעט וועגן די פאַרהיטונגס־מיטלען קעגן שוואַנגערשאַפט. יאָ, וועט איר זאָגן, אָבער ער האָט דאָך טאַקע געוואָלט, אַז דידאָזיקע אַלע קינדער זאָלן געבוירן ווערן; כ׳זע פאַר זיך דאָס געזיכט פון אַ פרומער אַלטער פרוי, וועלכע ענטפערט אויף דער דאָזיקער פראַגע מיט אַ ביבלישער ציטאַטע: „פרוכפערט זיך און מערט זיך!” אָבער וואָס דערגרייכט דידאָזיקע ציטאַטע, אויב מיר דערלאָזן, אַז פון יעדע פינף קינדער

שטאַרבט איינס פון נאַכלעסיקער באַציאונג צו אי! איידער עס דערגרייכט דאָס צווייטע לעבנס-יאָר? וואָס דערגרייכט זי, אויב מיר דערלאָזן, אַז 22 פּראָצ. שילער זאָלן גיין אינדערפרי אין שולע מיט אַ ליידיקן מאָגן? וואָס דערגרייכט זי, אויב מיר דערלאָזן, עס זאָלן זיך פאַרשפּרייטן געשלעכטס-קראַנקהייטן, צוליב וואָס אַ גרויסער פּראָצענט פון אונזערע קינדער ווערן געבוירן אַלס אומגליקלעכע קריפּלס? וואָס דערגרייכט זי, אויב מיר געפינען נישט עפּעס בעסערס, ווי אָנצוטאָן דידאָזיקע מענטשן, ווען זיי וואַקסן אונטער, אין אַ זעלנערישע קורטקע און שיקן מיליאָנען צו שטאַרבן פון גיפטיקע גאַזן? צי דען וואָלט נישט בעסער געווען געזעצלעך מאַכן די פאַרהיטונגס-מיטלען אויף אַ יאָר-צוויי, אויף אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן זיך נישט אויסלערנען צו זאָרגן פאַר אונזערע זויג-קינדער, ווי געהעריק דערנערן די שילער, פאַרטיידיקן אונזער יוגנט פון דער ווירקונג פון די שלעכטע מידות, ביז מיר וועלן נישט פאַרניכטן די אָרעמקייט און די מלחמה?

אָט דאָס איז דער סאָציאַלער קוק אויף דער געבורטן-קאָנטראָל. איצט וועלן מיר דאַרפן נעמען אין חשבון אויך דעם פּערזענלעכן קוק. אַ סך יונגע מענטשן אַנטשליסן זיך נישט חתונה צו האָבן, ווייל זיי ווייסן גאָרנישט וועגן דער מעגלעכקייט צו פאַרהיטן זיך פון קינדער-האָבן; דער רעזולטאַט איז די פאַרשטאַרקטע פאַרשפּרייטונג פון פּראָסטיטוציע. אַ סך חתונה-געהאַטע פרויען ווייסן גאָרנישט וועגן דעם און שרעקן זיך דעריבער פאַר דער ליבע און לעבן איבער דעם אונטערגאַנג פון זייער חתונה-שיף. היות די מענטשן ווייסן נישט וועגן די ראַציאָנעלע, אומשעדלעכע מיטלען, ווענדן זיי אָן שעדלעכע פאַרן געזונט, וועלכע רופן אַרויס נערוון-קראַנקהייטן און וועלכע צעשטערן דאָס פאַמיליע-גליק. די באַקאַנטשאַפט מיט די פאַרהיטונגס-מיטלען איז פּונקט אַזוי נויטיק פאַר דער חתונה, ווי די ידיעות וועגן דיעטע פאַרן געזונט און די ידיעות וועגן דער פאָלקס-ווירטשאַפט פאַרן וויילער. די געזעצלעכע פאַרפאָלגונג פון דאָזיקן וויסן איז פּונקט אַזאַ שווערער פאַרברעכן קעגן מענטשלעכן לעבן, ווי יענע פאַרברעכנס, וועלכע פלעגן אין די פינסטערע צייטן אָפּגעטאָן ווערן דורך דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אָבער

צום באַדויערן עקזיסטירט דערדאָזיקער געזעץ, און ווען איך זאָל אין מיין בוך בלויז אָנמערקן דאָס, וואָס איר מוזט וויסן וועגן דערדאָזיקער פראַגע, וואָלט מיר געדראָט פינף יאָר אויסבעסערונגסהויז און 5000 דאָלאַר שטראָף; דאָסזעלבע וואָלט געדראָט דיעניקע, וועלכע וואָלטן פאַרשפּרייט דאָסדאָזיקע בוך. כ׳קען אייך בלויז אַן עצה געבן: פּרובירט זיך נאָכפרעגן וועגן דעם. פרעגט קלוגע מענטשן, וועלכע אַנטשליסן זיך צו קוקן דרייסט די לעבנספראַגעס גלייך אין פּנים אַריין און זיך אָנטרויען דעם שכל-הישר. כ׳ווייס נישט: ס׳קען זיין, אַז עצהנדיק אייך דאָס, טרעט איך שוין אַריבער דעם געזעץ, ווייל די ליבע אייגנשאַפט פון דאָזיקן געזעץ, ווי בכלל פון אַלע געזעצן קעגן פאַרשפּרייטן וויסן, באַשטייט אין דעם, וואָס אין זיי ווערט קיינמאָל נישט געזאָגט, וויפל עס איז דערלויבט צו זאָגן: מ׳לאָזט דעם מענטשן ריידן און ערשט דערנאָך מעלדעט מען, וואָס עס דאַרף געשען מיט אים. איך גלויב אָבער, אַז כ׳וועל נישט אַריבערטרעטן דעם געזעץ, אויב איך וועל אייך זאָגן, אַז עס עקזיסטירט אַרום אַ האַלבע טוץ פּשוטע ביליקע און אומשעדלעכע מיטלען, וואָס ווירקן נישט שלעכט אויף דעם חתונה-לעבן.

איך געהער צו יענע מענטשן, וועלכע האָבן לאַנגע יאָרן געהאַלטן, אַז אונטערדריקן דעם געשלעכט אין דער חתונה איז דאָס איינציק ריכטיקע, דאָס איינציק מאָראַלישע. כ׳האָב געגלויבט אין מאָנאַכישן קוק אויף דער ליבע, כ׳האָב געגלויבט, אַז דער געשלעכט איז עפּעס חיהשעס. איצט אָבער האָב איך דערקענט אַן אַנדער ליבע. כ׳האָב אויך געגלויבט, אַז געשלעכטלעכע אָפּהאַלטונג איז נוצלעך, אַז זי פאַרמערט די מענטשלעכע כּחות, סיי די פיזישע סיי די גייסטיקע; כ׳האָב פּרובירט דאָס ערשטע און דאָס צווייטע און כ׳ווייס, אַז מיין אַלטער גלויבן איז אומזיניק, און אַז ליבע איז עפּעס נאַטירלעכס. פאַרשטייט זיך, אַז אויך זי קען מען פאַרגרעסערן, פּונקט ווי מ׳גייט איבער פון הונגער צו פרעסעריי, פון שלאָף צו פוילקייט, פון שפּאָרזאַמקייט צו גייציקייט. און ווייסנדיק דאָס, וואַקלען מיר זיך פונדעסטוועגן נישט צו עסן, צו שלאָפן, צו פאַרדינען די נויטיקע מיטלען אויף צו לעבן. איך ווייס, אַז אַ פרייע, גליקלעכע, קלוגע ליבע

איז נישט נאָר נישט שעדלעך פאַרן געזונט, (נאָר אדרבה, אומ־באַדינגט נויטיק פאַר אים.

## XII

# דער געשלעכט און די נאַטור

איליאַ מעטשניקאָוו, דער באַרימטער געלערנטער, האָט אָנ־געשריבן אַ בוך, אין וועלכן ער פאָרשט אויס דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם פון שטאַנדפונקט פון אַ ביאָלאָג און באַווייזט, אַז עס געפינען זיך אין אים רעשטלעך פון אַריבערגעשטיגענע אַנט־וויקלונגס־שטופעס, וואָס זענען נישט נאָר נישט נוצלעך, נאָר גיכער שעדלעך און געפערלעך. צו דער צאָל פון דידאָזיקע רעשטלעך געהער, לויט מעטשניקאָווס מיינונג, דער פאַקט, וואָס ביים מענטשן האָט זיך אויפגעהיט אַ סך מער געשלעכטלעכע ענערגיע, ווי דאָס איז אים נויטיק אויף פאַרמערונג. דאָס שטערט דעם גלייכגעוויכט און טרייבט דעם מענטשן צו צעשטערן זיין געזונט און זיך גופא. ווען דאָס זאָל זיין אמת, וואָלט געלוינט זיך שטאַרק פאַרטראַכטן אויף דעם, איך גלויב אָבער, אַז דאָס איז בלויז איינער פון די אומצייליקע טעותן פון די געלערנטע און פילאָזאָפן, וועלכע שטודירן פיזיאָלאָגיע, פּאָליטיק, רעליגיע און יוריספּרודענץ, פאַרגעסנדיק לגמרי אין דער עקאָנאָמיק. לויט מיין מיינונג ליגט דער וואָרצל פון סעקסועלן בייז נישט אין דער פיזיאָלאָגיע, נאָר אין אונזער היינטיקן סדר. נישט די פעלערן פון דער נאַטור שאַפן אים, נאָר די פעלערן פון די מענטשן, אַלס סאָציאַלע איינהייטן.

קוקט זיך צו צו די פּרימיטיווע פעלקער. איך נעם אַלס ביישפּיל די מאַרקיזער אינזלען, ווייל זיי געהערן צו די אַמ־מיינסטן אויסגעפאָרשטע. דאָ לעבט אַ פאָלק, וואָס איז לגמרי נישט באַרירט דורך דער קולטור. און ער ווייזט אויך אַרויס יענעם איבערפלוס פון געשלעכטלעכער ענערגיע, וועגן וועלכער עס רעדט מעטשניקאָוו. דידאָזיקע ווילדע טראַכטן לגמרי נישט וועגן איינצאַמען זי. זייערע שפּילן און טענץ טראָגן פּמעט

דורך און דורך אַ סעקסועלן כאַראַקטער. דאָסזעלבע — זייער רעליגיע. און פונדעסטוועגן זענען זיי נישט אומגעקומען, זיי זענען געווען איינע פון די אַממייִנסטן אויסגעצייכנטע ראַסן, וועלכע האָט ווען- נישט- איז עקזיסטירט. די מענער און פרויען פלעגן ביזן טיפן עלטער איינהיטן זייער שיינקייט און — וואָס איז זייער וויכטיק — געווען גליקלעך. זיי זענען געווען אַ לאַכעדיקע, אַ זינגנדיקע און טאַנצנדיקע ראַסע, דידאָזיקע ווילדע. זיי האָבן נישט געוווסט פון קיין שרעק, נישט פון קיין טרויער. זיי האָבן געקענט לעבן און אויפגענומען יעדע דער-שיינונג פון לעבן פשוט און נאַאיוו, ווי קינדער. צו דידאָזיקע דערשיינונגען פון לעבן האָבן אויך געהערט די געשלעכטלעכע באַציִאונגען. דאָס באַווייזט, אַז אין מענטשלעכן אָרגאַניזם איז נישטאָ יענע פיזישע נישט-גלייכגעוויכטיקייט, וועגן וועלכער עס רעדט דער רוסישער געלערנטער.

ס'איז קיין ספק נישט, אַז אין דער גאַנצער נאַטור איז דער איבערפלוס פון ענערגיע אַ מקור פון גליק, און נישט פון אומגליק. הערט זיך צו צום געזאַנג פון די פויגלען, אָדער קוקט זיך צו צום דראַנג פון דער נאַטור צו באַדעקן דאָס פעלד מיט אומנויטיקע געוויקסן, און דערמאָנט זיך נאָר, ווי ווינציק שכל עס איז נויטיק, כדי זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ נוצלעכן שניט. דאָס ווייזט זיך אַרויס אויך אין אונזער אָרגאַניזם. מיר האָבן אַ סך מער מוסקול-קראַפט, ווי דאָס איז נויטיק פאַרן לעבן און פונדעסטוועגן באַטראַכטן מיר נישט דעמדאָזיקן איבערפלוס אַלס שעדלעך און באַנוצן אים זאָל זיין אויף פיזישע איבונגען. מיר פילן אַ נויטווענדיקייט צו זען מער, וויפל אונז איז נויטיק, און מיר שטייגן אויף בערג, מיר רייזן אַרום, מיר פילן אַ באַדערפעניש צו הערן מער, וויפל ס'איז נויטיק, און באַזוכן קאָנצערטן, מיר פילן אַ נויטווענדיקייט צו טראַכטן מער און דעריבער לייענען מיר, שפילן אין שאָך און שרייבן ביכער.

פאַרוואָס-זשע קוקן מיר אַנדערש אויף ליבע? אויב איך וועל ענטפערן, אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון רעליגיעזן אָבער-גלויבן, וועט דער לייענער סוף-כּל-סוף אַ טראַכט טאָן, אַז איך בין אַ אָנהענגער פון סעקסועלע אָרגעס, ווי, למשל, פון די היינטמאָדישע טענץ. דעריבער אייל איך זיך צו דערקלערן, אַז

איך טראַכט נישט וועגן די אומנאָרמאַלקייטן און פּערווערזיעס פון דער היינטיקער „אנשטענדיקער” געזעלשאַפט. כ'פאָדער אייך אויך נישט אויף נאָכצוטאָן די גליקלעכע מענטשנפרעסער פון די דרום-ימען. מיר געפינען זיך אָבער פּאָרט פנים אל פנים מיטן פאַקט, אַז עס עקזיסטירן שרעקלעכע געזעלשאַפטלעכע בייזן, און אַ געלערנטער פאַרזיכערט אונז, אַז זיי זענען דער נאַטורס אַ טראַגישער פעלער, און מיר — אירע אומבאַהאָלפענע קרבנות. כדי צו לייזן דידאָזיקע פּראָבלעם, דאַרפן מיר זיך אומקערן צו דער נאַטור, אויספאָרשן, צי האָבן טאַקע געליטן פון ענלעכע בייזן יענע פּרימיטיווע פעלקער, וועמעס קערפּער עס איז ענלעך געוועזן אויף אונזערן. אויב יאָ, דאַן זענען מיר פאַרפאַלענע, אויב נישט, קענען מיר דרייסט אָננעמען, אַז דאָ איז נישט דער נאַטורס אַ פעלער, נאָר אונזערער. אונזערע היינטצייטיקע געשלעכטלעכע מנהגים, דאָסדאָזיקע פעלד פון שטינקנדיקע ווילד-גראָזן, מוזן מיר צעאַקערן, פאַרזייען מיט גוטע זאמען און צוגרייטן אַ גוטן שניט פון גליק און ליבע. די אמתע, ערלעכע, פאַרשטאַנדיקע ליבע וועט ברענגען די העכסטע מאָס ענערגיע און וועט שאַפן פון איר אַ נייע סיסטעם שיינע, גליקלעכע לי-בעס-שפילן.

## XIII

## די פינאַנס'עלע זייט פון דער חתונה

ביז איצט האָבן מיר גערעדט וועגן דער חתונה אַזוי, פונקט ווי ס'וואָלט זיך אין איר געהאַנדלט בלויז וועגן ליבע; ס'איז אָבער נישט אַזוי. די חתונה איז נישט נאָר אַ מאָראַלישע, נאָר אויך אַ געשעפטלעכע חברשאַפט.

קודם כל דאַרפן מיר זיך קלאָר מאַכן, אַז כמעט אין דער גאַנצער וועלט באַזירט נאָך די עקאָנאָמישע זייט פון דער חתונה אויף דער פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי, און דעריבער איז שווער אין אַזאַ חתונה צו ריידן וועגן גלייכע רעכט פון דער פרוי, אַלס שותף. דאָסדאָזיקע בייז וועט אויסגעוואָרצלט

ווערן ערשט דאַן, ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט פאַרניכטן אַלע פּריווילעגיעס און די הערשאַפט, זי וועט פאַרזיכערן דער פרוי אַ מוטערלעכע רענטע און די נויטיקע מיטלען אויף צו דערציען דאָס קינד. כל זמן דאָס איז נישטאָ, מוז די פרוי זוכן די אונטערשטיצונג פון מאַן ביים דערציען דאָס קינד און אין רעזולטאַט פון מעכאַנישן פּראָצעס פון די עקאָנאָמישע כחות, וואַרפט זי זיך אים אונטער.

ווען איך בין געווען אַ קינד, האָט מיין מוטער געהאַט אַ חברטע, וועלכע פלעגט מוזן לייען ביי מיין מוטער אַ פערטל דאָלאַר יעדעס מאָל, ווען זי האָט געוואָלט פאָרן אין שטאָט. דער מאַן פון דערדאָזיקער פרוי האָט גוט פאַרדינט, ער פלעגט זיך קויפן די בעסטע ציגאַרן, פלעגט תמיד האָבן אין שטוב ווין, ער פלעגט אָבער קיינמאָל נישט געבן זיין פרוי אַ געוויסע סומע געלט, און זי פלעגט דאַרפן אויסבעטן ביי אים יעדן דאָלאַר, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט געפירט דיווירטשאַפט און במילא אויסגעפירט פּונקט אַזאַ שווערע און נוצ־לעכע אַרב'ט, ווי דער מאַן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, לעכער־לעך! אויב אַ פרוי פירט די ווירטשאַפט, דאַרף דער מאַן טיילן זיין פאַרדינסט אויף דריי טיילן — די ערשטע אויף דער ווירט־שאַפט, די צווייטע אויף זיינע אויסגאַבן, און די דריטע — דעם ווייב. די צווייטע און דריטע טייל דאַרפן זיין גלייך, און די פרוי דאַרף צונעמען דידאָזיקע געלט נישט ווי אַ מתנה, נאָר ווי עפּעס, וואָס געהערט איר מיט רעכט. ווען דער מאַן און די פרוי באַשעפטיקן זיך צוזאַמען מיט עפּעס אַן אַרבעט אָדער פירן אַ פערמע־ווירטשאַפט, געהער אַ העלפט הכנסה דעם ווייב, עס ווערט געזעצלעך פאַרשריבן אויף איר נאָמען, פּונקט אַזוי, ווי דאָס וואָלט פאַרשריבן געוואָרן אויפן נאָמען פון אַ וועלכן נישט איז אַנדער שותף. אויב אָבער די פרוי פירט נישט די ווירטשאַפט, נאָר פראַנטעוועט אין שיינע קליידער ביים טיי־טיש, איז דאַן אַ גאַנץ אַנדער ענין. ס'וואָלט גוט געווען, ווען מ'זאָל זיך צוזאַמענרעדן פאַר דער חתונה, וואָס דאָס ווייב דאַרף טאָן; אויב אַ מאַן נויטיקט זיך אין אַ חבר אין לעבן, וואָס אינטערעסירט זיך מיט זיין אַרבעט, אָדער וואָס אַרבעט אַליין, דאַרף ער זיך צו־קלייבן טאַקע אַזאַ ווייב, און נישט קיין שיין פּנימל און שיינע פיסעלעך.

די געשעפטלעכע זייט פון דער חתונה דאַרף פון צייט צו צייט רעווידירט ווערן, צווישן מאַן און פרוי דאַרפן פאָרקומען „זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג“, בעת וועלכע עס דאַרפן הערשן ווייט ביי זייט מיט העפלעכקייט און גוטסקייט פולע אויפריכטיקייט און געזונטער מענטשנפאַרשטאַנד. ליבע איז אויף אַזוי ווייט טייער, אַז נישט דער מאַן, נישט די פרוי דאַרפן זיך נישט שרעקן צוליב איר אויפהאַלטונג פאַר קיין שום הוצאות. פון דער צווייטער זייט זענען דאָ מענטשן, לגבי וועלכע מ'טאָר נישט זיין גרויסמוטיק: וואָס מער מ'גיט זיי, אַלץ מער פאָדערן זיי. מאַן און פרוי דאַרפן פעסטשטעלן וויפל יעדער פון זיי דאַרף אַרבעטן פאַר דער פאַמיליע, וועלכע געלט-סומע און וועלכן איטאַריטעט ער פאַרדינט.

כ'וואָלט געקענט פאַרפילן גאַנצע קאַפּיטלעך מיט דער באַשרייבונג פון יענע פעלזן, אין וועלכע עס זענען צעקלאַפּט געוואָרן התונות, למשל: געלט-פאַרשווענדונג, לוקסוס, פרויען-פוצן. יעדן סעזאָן באַווייזן זיך אויף די פאַריזער פערד-געיעגן אָדער אין אַנדערע ערטער קאָקאָטקעס אין „סאַמע מאָדערנע“ קליידער. מ'פאָטאָגראַפירט זיי, מ'שטעלט אַריין אין זשורנאַלן און אויף אַזאַ אופן פאַרשפרייטן זיי זיך איבער דער גאַנצער וועלט. און פלוצלונג איז פאַר אונזערע ווייבער אין די קליינע שטעטלעך אומבאַדינגט נויטיק אַרויסצווואַרפן נאָך אַ גאַנץ גוטע קלייד בלויז דערפאַר, ווייל „מ'טראָגט עס שוין נישט“. די שניידערס גיבן, פאַרשטייט זיך, אַכטונג, אַז יעדע נייע מאָדע זאָל אינגאַנצן נישט זיין ענלעך אויף דער אַלטער, כדי אונזערע ווייבער און טעכטער זאָלן זיך פילן אויף דער העכסטער שטופע אומגליקלעך אין די אַלטע קליידער. איך טראָג [illegible] פערצן יאָר מיין ווינטערדיקן פאַלטן, כ'פיל זיך אין אים אויסגעצייכנט און כ'וועל אים זיכער טראָגן נאָך פערצן יאָר. דאָס באַדייט, אַז ער קאָסט מיר יעדעס יאָר נישט מער, ווי אָנדערטהאַלבן דאָלאַר. גיט באַר אַ פראַכט, וויפל וואָלט מיר אָפּגעקאָסט אַ מאַנטל, ווען איך זאָל זיך נייען יעדעס יאָר אַ נייעם, לויט דער מאָדע פון די פאַריזער לאָוועלאַסן? אָבער וואָס וועט זיין, אויב אונזערע ווייבער און טעכטער וועלן איינשטימען צו טראָגן פשוטע קליידער און זיי וועלן אונז כאַפּן אויף [illegible], ווי מיר האָבן זיך אויפגן

דאָס אומגעקוקט אויף אַ דאַמע, וועלכע איז אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע? ווי איר זעט, איז אין די נאַרישקייטן פון דער מאָדע דאָ אויך אַ טייל אייער שולד. קליידער, וואָס וועקן אויף די ליידנשאַפט, געפעלן עפּעס אַ שדל אין מאַנס הארץ. ווען די אָנשטענדיקע פרויען דערוויסן זיך וועגן דעם, ווערן זיי אויפגעבראַכט און בלויז דאָס אַליין איז גענוג, כדי צו צעברעכן דאָס גליק פון מאַן און ווייב. אויב איך האָב קיין טעות נישט וועט נאָכן פאַרענדיקטן קלאַסן-קאַמף מוזן פאָרקומען אַ גע-שלעכטלעכער קאַמף צווישן מאַן און פרוי, אַ קאַמף צווישן דער מוטער און דער פּראָסטיטוטקע.

די מענער צעשטערן דאָס פאַמיליען-גליק דערפאַר, ווייל זיי זענען פּאָליגאַמיש, די פרויען דערפאַר — ווייל זיי זענען פּאַראַזיטן. די פרוי, וואָס האָט אין משך פון יאָר-הונדערטער אויפגעהיט איר עקאָנאָמישע מינדערווערטיקייט, פאַרמאָגט אַלע חסרונות פון פאַרקנעכטעטע שבטים און פעלקער. אַ טייל פרויען באַמיט זיך איינצוהאַלטן דידאָזיקע פעלערן, פאָדערנדיק גלייכ-צייטיק גלייכבאַרעכטיקונג. אַזאַ פרוי געפינט אַ עמפּינדלעכן מאַן-ריטער, וועלכער ווייסט אויסגעצייכנט, פאַרוואָס די פרוי ליידט, ער ווייסט וועגן די ליידן פון געבורט און וועגן דער פרויס פיזישער שוואַכקייט און נעמט אויף זיך גערן די גרעסטע טייל פון דער משא, די פרוי פאַרוואַנדלט אים אין אַ קנעכט, און אויב זי ברענגט אויף דער וועלט אַ קינד, דאַן קען זי זיין זיכער מיט איר מאַן, ווייל ער איז פול צו איר מיט פאַרערונג און אַכטונג, ריכטיק ווי אַזאַ נס וואָלט נאָך קיינמאָל נישט גע-טראָפן און איז גרייט זיין גאַנץ לעבן צו ווידמען אירע קאַפּריזן און הנפּענען איר גאוה.

אויף איינעם פון די פרויען-קאָנגרעסן, האָבן די פרויען געפאָדערט גלייכע רעכט מיט די מענער און האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען גרייט צו טראָגן זייערע פליכטן. דערפון איז צו זען, אַז זיי שטרעבן באמת צו פרייהייט און זענען גרייט צו טראָגן יעדע אחריות.

# XIV

## די פאַרטיידיקונג פון מאָנאָגאַמיע

ביז איצט האָבן מיר אין אונזער אָפּהאַנדלונג אונטערן וואָרט „ליבע" פאַרשטאַנען די מאָנאָגאַמע ליבע. אָבער היות מיר האָבן באַשלאָסן צו באַהאַנדלען אַלע פראַגעס, וועלן מיר אויך נישט אַרומגיין די פראַגע וועגן דעם, מיט וואָס ווערט באַרעכטיקט די מאָנאָגאַמיע. און פאַרוואָס אַנטשליסן מיר זיך נישט צו באַרעכטיקן אַנדערע פאָרמען פון ליבע.

קודם כל מוזן מיר זיך אָפּגרעניצן פון יענע סיבות, וועלכע האָבן נישט פאַר אונז קיין שום באַדייטונג. אַזוי, למשל: די טראַדיציעס. די אַנגלאָ-סאַקסישע קולטור האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט אַנטשליסן צו אָנערקענען געזעצלעך פאָליגאַמיע. פונדעסטוועגן אָנערקענט זי מלחמה, קנעכטשאַפט, ספּעקולאַציע, פּריוואַט-אייגנטום און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס מיר באַטראַכטן אַלס פאַרברעכנס. אויב די טראַדיציעס געפינען נישט קיין אָפּקלאַנג אין אונזער שכל, — זענען מיר גרייט אויף מאַרטירעריי. צווייטנס: די סיבות פון רעליגיעזער נאַטור, וועלכע ווערן צום אָפטסטן אַרויסגערוקט ביי דער פאַרטיידיקונג פון מאָנאָגאַמיע. מיר וועלן אַנדערש באַהאַנדלען די פראַגע; אויב מאָנאָגאַמיע ווערט נישט באַרעכטיקט דורכן לעבן, דאַן וועלן מיר אויסקלייבן פּאָליגאַמיע.

וואָס רעדט לטובת מאָנאָגאַמיע? ערשטנס, די פאַרשפּרייטונג פון געשלעכטס-קראַנקהייטן. ס'איז געווען אַ צייט, ווען די מענטשהייט האָט נישט געליטן פון זיי און מיר האָפן, אַז דידאָזיקע צייט וועט זיך נאָך אומקערן. נישט באַרירנדיק די חתונה-מנהגים פון די פריערדיקע צייטן, וועל איך זיך באַשרענקען מיט די היינטצייטיקע און כ'וועל זאָגן: יעדער פאַרשטאַנדיקער מענטש, אַ מאַן צי אַ פרוי, דאַרף שטרעבן דערצו, כדי צו באַגרענעצן די כאַאָטישע געשלעכטס-באַציאונגען.

דוסאַן און מערי גייען צום אלטאר, אָדער צום ריכטער,

און דוסאָן זאָגט: „מיין גאַנץ לעבנס-גוטס גיב איך דיר אָפּ". דידאָזיקע פאָרמולע איז נישט פּרעציז, — און דוסאָן וואָלט געדאַרפט צוגעבן: „און די פּרוכטן פון מיינע יוגנט-טעותן". דוסאָן פאָרט אַוועק אין האַנדלס-אָנגעלעגנהייטן, פילט זיך איינזאַם, טרעפט אָן אַ שיינינקע אַלמנהלע און טראַכט זיך, אַז אַזאַ פּרעכטיקע פרוי איז דאָך נישט געפערלעך. מערין פרעגט קיינער נישט און דוסאָן ברענגט אַליין אין אָרדנונג זיין חתונה-אָפּמאַך, וועלכער זאָגט אַזוי: מערי דאַרף ריזיקירן מיט אַלע מעגלעכע קראַנקהייטן פון דער אַלמנהלע. ווער וועט זיך דערוועגן צו לייקענען, אַז דוסאָן האָט בוגד געווען אין מערין? איך קען מענטשן, וועלכע האָבן קיין מורא נישט פאַר דערדאָזיקער סכּנה און אין דעם ליגט איינע פון די סיבות, וואָס די געשלעכטס-קראַנקהייטן פאַרשפּרייטן זיך אַזוי. אָבער אין דאָזיקן בוך גייען מיר אַרויס פון דער כּוונה צו באַפרייען די וועלט פון די שרעקן פון די געשלעכטס-קראַנקהייטן און דעריבער דאַרפן מיר זיין פאָרזיכטיק, באַשרענקען אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך אונזערע זייטיקע געשלעכטס-באַציאונגען, דעריבער פרעדיקן מיר דער יוגנט צניעות, מיר פאָדערן אויף די יונגע מענטשן חתונה-האָבן, כּל זמן זיי זענען נאָך ריין, און דעריבער פאָדערן מיר זיי אויף צו היטן די חתונה טריישאַפט, ווי אַן ערן-זאַך.

דער צווייטער מאָטיוו פאַר מאָנאָגאַמיע טראָגט אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער. מיר טרוימען וועגן יענער צייט, ווען די קינדער וועלן דערצויגן ווערן דורך דער מלוכה און די פרוי וועט נישט זיין אָפּהענגיק פון מאַן. וויאַזוי עס וועלן זיך באַציען די מענטשן פון יענעם נייעם סדר צו דער ליבע, ווייסן מיר נישט— דאָס איז זייער זאַך. אָבער איצט לעבן מיר נאָך אונטער דער לאַסט פון פּריוואַט-אייגנטום און אין דידאָזיקע באַדינגונגען דאַרפן מיר ליב האָבן, חתונה האָבן און האָדעווען אונזערע קינדער. די קינדער דאַרפן האָבן אַ שטוב, ס'איז נויטיק סיי אַ מענלעכע, סיי אַ ווייבלעכע ווירקונג, דאָס באַדייט, אַז מאַן און פרוי דאַרפן ווירקן צוזאַמען און דאַרפן זיך נישט קריגן צווישן זיך אין דער שטיל. אַ ריין-פּראַקטישע פראַגע: ביי אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן נישט געלעבט אין מאָנאָגאַמיע, האָב איך באַמערקט, וויאַזוי עקאָנאָמישע פאַקטאָרן האָבן צעשטערט זייער גליק און דערפאַלג.

קעמפן קעגן דעם איז אַן אומזיסטע זאַך, ווען דאָס זאָל אַפילו זיין אַ העלדישקייט, כאָטש אין תוך גענומען איז דאָס נאָר אַן איבערשאַצונג פון די אייגענע כחות.

די אָנהענגער פון פּאָליגאַמיע וועלן מיר פאָרוואַרפן, אַז כ'נויג זיך אָפּ פון דער עיקרדיקער פראַגע און כ'פאַרזיכער, אַז ליבע און דער דראַנג צו ליבע זענען נישט ווערט־פול פאַר זיך אַליין, נאָר זענען בלויז אַ מיטל צו דערגרייכן דעם ציל. צי איז אָבער אמת, אַז די פריידן פון ליבע זענען דאָס שטאַרקסטע, טיפסטע געפיל, וועלכעס אַ מענטש איז ביכולת איבערצולעבן, אַז אַלדאָס איבעריקע צווינגט ער צו דינען דעמדאָזיקן געפיל? אַזוי, לכל הדעות, איז די מיינונג פון דער קונסט און באַזונ־דערס פון די דיכטער, און דידאָזיקע מיינונג דאַרפן מיר נישט גרינגשעצן. די דערפאַרונגען פון ליבע קאָסטן אָפּ צו טייער און מיליאָנען מענטשן האָבן פאַר זיי באַצאָלט מיטן לעבן. אונזער געשלעכט איז שטרענג און הערשעריש: ער פאָדערט פון אונז אי דעם קערפּער, אי דעם גייסט. פאַר אַ סך מענער איז דער געשלעכט־דראַנג אַן אומענדלעכע פּיין און פאַר יעדן פּרייז באַ־מיען זיי זיך פּטור צו ווערן פון אים. און דאָ רעדט זיך דאָך נישט וועגן קיין מאַנאַכן, נאָר וועגן די געוויינלעכסטע מענטשן, וועלכע האָבן גענאָסן אַזויפיל פאַרגעניגנס, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען. דאָס פּירט קיינמאָל נישט צו רו און דעדאָזיקער גייעג נאָך פאַרשיידנאַרטיקייט אין דער ליבע ברענגט תמיד צו איין־און־דעמזעלבן רעזולטאַט: לאַנגווייליקייט.

איך גלויב, אַז אַן אמתע ליבע פאָדערט דויערהאַפטיקייט. אויב איר זענט נישט אויף אַזוי ווייט איינגעליבט, איר זאָלט פילן דידאָזיקע באַדערפעניש, זענט איר בכלל נישט פאַרליבט און איר דאַרפט זיך באַפרידיקן מיט געמיינזאַמע שפּאַצירן, מיט געמיינזאַמער פּלוידעריי און מיט הערן מוזיק. עס ליגט דאָך אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקייט אין דעם, וואָס אַזוי אַ מאַן קען הנאה האָבן פון דער געזעלשאַפט פון פרויען, נישט אַריינפאַלנדיק אין געשלעכט־אינטימקייטן. אמת, איר קענט זיך פריי באַגיין מיט דערדאָזיקער אינטימקייט, אָבער דאַן פאַרלירט איר די מעגלעכקייט פון אַ אמתער טיפער ליבע. וואָרום דאָס פאָדערט דאָך געדולד, אָנ־זאָגונג, פאַרערונג פאַר איר אלטאר. היות פאָרן זיך זייער לייכט

פונויף, אָבער נאָכן דאָזיקן אַקט איז פאַר זיי אַלץ געענדיקט; אָבער די גרויסע אַנטדעקונגען פון דער עקזיסטענץ פון דער ליבע און פון דער ליבנדיקער מענטשלעכער נשמה זענען געמאַכט געוואָרן דערפאַר, ווייל מענער און פרויען זענען גרייט געווען צו ברענגען קרבנות זייער ליבע — און דער עיקר דערפאַר, ווייל זיי זענען גרייט געווען ערנסט זיך צו באַציען צו די רעכט און באַדערפעניש פון געליבטן מענטשן. אַזאַ לעבן לערנט אונז, אַז די ליבע איז געשאַפן געוואָרן דורך דער נאַטור, כדי אונז דערהויבן איבער אונז אַליין און מאַכן פון אונז סאָציאַל-ווערט-פולע מענטשן.

## XV

# די פראָבלעם פון אייפערזוכט

כ'האָב געקאָנט איינעם אַ שוסטער אַן אַנאַרכיסט, מיט וועלכן כ'פלעג אָפט רעדן וועגן געשלעכטס-פראַגעס, און וועמעס קוקן עס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט עקסטרעמער פרייהייט. מיר דאַכט זיך, אַז כ'הער נאָך זיין קול, ווען ער פרעגט מיר: „און ווי האַלט עס מיט אייפערזוכט?" כ'האָב אים גאָרנישט געקענט ענטפערן אויף דעם. באמת, אייפערזוכט איז אַ העכסט מיאוס, צעשטערעריש, גראָב געפיל, וועלכן מ'קאָן לחלוטין נישט אויסמיידן, אויב מ'וויל איינהאַלטן מאָנאָגאַמיע. מיין שוסטער, דער אַנאַרכיסט, האָט געהאַלטן, אַז מ'דאַרף אַראָפּוואַרפן אַלע פאַראורטיילן בנוגע די פרייע געשלעכטלעכע באַציאונגען. יעדער מענטש האָט אויף דעם רעכט, און אויב איר קריטיקירט עס, איז עס נאָר צוליבן אַלטמאָדישן אַבערגלויבן און ס'איז אַ סימן, אַז איר ווילט פאַרקנעכטן מענטשן. אָבער די קראַפט פון אַבער-גלויבן איז אין אונזער וועלט זייער גרויס, און דער שוסטער האָט זיך געמוזט איבערצייגן, אַז די מענטשן האָבן נישט ריכטיק אויסגעטייטשט זיין לערע און זענען גרייט געווען צו פאַרשמע-לערן די געשלעכטלעכע רעכט פון זייערע ווייבער און טעכטער.

מיט דער אייפערזוכט-פראָבלעם האָבן זיך פאַרנומען אויך אַנדערע מענטשן, א חוץ דעם שוסטער. ה. ד. אועלס שילדערט

אין זיין בוך „אין די טעג פון קאַמף" צווייִ מענער, וועלכע ליבן ערלעך און טיף איין־און־דיזעלבע פרוי. איינער פון זיי איז פון אייפערזוכט גרייט צו טייטן דעם צווייטן, אָבער אין יענער צייט קומט פאָר אַ גרויסע סאָציאַלע איבערקערעניש, און ער ווערט איינגעשלונגען פון דער ליבע צו דער גאַנצער מענטשהייט, און ביידע טיילן זיך פריינטלעך דידאָזיקע פרוי. שעללי האָט אויך געטרוימט וועגן דעם, ער האָט געפאָדערט פון צוויי פרויען, זיי זאָלן זיך ביידע טיילן מיט אים צווישן זיך. עס זענען אויך געווען אַנדערע, וועלכע האָבן פרובירט דורכמאַכן אַזאַ עקספערימענט, אָבער ער האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן אויף אַ לאַנגע צייט. כ׳וויל מיט דעם לחלוטין נישט זאָגן, אַז ער וועט קיינעם נישט געלינגען, אָבער אין מיין בוך וואָלט איך נישט וועלן רעדן וועגן דער צוקונפט, נאָר בלויז איבערגעבן עטלעכע פראַקטישע עצות, און מיין דערפאַרונג איבערצייגט מיר, אַז פאַר פאָליגאַמיסטישע און פּאָליאַנדריסטישע עקספערימענטן קומט אויס צו צאָלן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אַן אומגעהויער גרויסן פרייז.

ווי זענען אויס די אמתע און ריכטיקע פאָדערונגען, וועלכע עס שטעלט די מאָנאָגאַמיסטישע ליבע? די קאַטוילישע קירכע, פאָדערנדיק מאָנאָגאַמיע, פאַרשטייט אונטערן דאָזיקן באַגריף, אַז דער מאַן און די פרוי שווערן זיך צו בלייבן צוזאַמען, ביז „דער טויט וועט זיי נישט צעשיידן". אויב זיי טוען דאָס נישט – באַגייען זיי אַ טויט־זינד. איך האָף, אַז קיינער פון מיינע לייענער נעמט נישט אויף די מאָנאָגאַמיע אַלס אַזאַ סיסטעם פון גייסטלעכער פאַרקנעכטונג. איך אַליין פאַרשטיי אונטער דעם דאָס, וואָס איינער פון די קירכע־מענער רופט אָן מיט חוזק „פּראָגרעסיווע פּאָליגאַמיע". מאַן און פרוי דאַרפן שווערן טריישאַפט דער ליבע, זיך באַמיען אויפצוהיטן די טרייִשאַפט, פאַרשטיין דעם צווייטנס באַדערפענישן, און אויף וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך, זיי אַנטקעגנקומען. אויב עס וועט זיך אָבער אַרויסשטעלן, אַז דער דאָזיקער בונד ברענגט נישט קיין גליק, נישט קיין געזונט, איז יעדער פון די צדדים פריי אים צו צערייסן; אויב די קירכע אָדער די מלוכה, אָדער אַ וועלכע נישט איז אַנדער מאַכט זאָגט זיי דערין אָפּ, איז דאָס אומזיניק און אכזריותדיק.

באַזירנדיק אויף אַזאַ באַגריף פון מאָנאָגאַמיע, אָדער, אויב איר ווילט, פון אַ פּראָגרעסיווער פּאָליגאַמיע, קענען מיר רעדן אויך וועגן אייפערזוכט. ווען צוויי מענטשן שווערן זיך צו איינער דעם צווייטן טריישאַפט, און איינער פון זיי איז עובר אויף דער שבועה, און דער צווייטער רעדט וועגן דעם, איז דאָס לחלוטין נישט קיין אייפערזוכט, נאָר אַ פּשוטע אָנשטענדיקייט. אויך דאָס קען נישט אָנגערופן ווערן אייפערזוכט, ווען אַ מענטש פאָדערט פון צווייטן, אַז יענער זאָל נישט געבן קיין גרונט צו באַשולדיקונגען, ווייל די ליבע איז אַ זאַך אַן ערנסטע, און דער מענטש וועט טאַקע טאָן אַלץ, כּדי דערווייזן דעם צווייטן, אַז ער איז אים טריי.

אייפערזוכט איז עפּעס „עקלהאַפטס". דאָס איז דאַן, ווען איין מענטש וואַרפט פאָר דעם צווייטן אומגערעכטע באַשולדי־קונגען. דער עיקר טרעפט זיך דאָס ביז דער חתונה. אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט און פון דער ראַסע דאַרפן מאַן און פרוי גוט דערקענען איינער דעם צווייטן, איידער זיי ווילן עמעצן אויס און שווערן זיך אים אין ליבע.

דער צווייטער מין אייפערזוכט טרעפט דאַן, ווען מ'האַלט געשמידט אַ מענטשן אין די חתונה־קייטן, וועלכע ער וואָלט געוואָלט צעריסן, ווייל ער פילט זיך אומגליקלעך מיטן צווייטן. דער געזעץ שיצט דעמאָלט בלינדן עגאָאיזם, די מענער שיקן נאָך פּאָליצײ־אַגענטן צו כאַפּן די אַנטלאָפענע ווייבער און ברענגען זיי צוריק אַהיים. די פרויען דינגען אָפט שפּיאָנען, וועלכע פאַר־פאָלגן די מענער ביז זייער „ליבע־נעסט", די גאַנצע שרעקלעכע געשיכטע ווערט אַ געזעלשאַפטלעכע אייגנטום און די זאַך ענדיקט זיך מיט אַ „גט". די טוגנטהאַפטע פרוי, וועלכע האָט נאָר איר, נאַרישקייט, גאווה אָדער גלייכגילטיקייט אָפּגעשטויסן איר מאַן, באַקומט איר לעבנס־לאַנגן חלק אין מאַנס פאַרמעגן און אַט זענען שוין דאָ נאָך צוויי מענטשן, וועלכע דער געזעץ פאַרווערט צו געפינען זייער געזעלשאַפטלעך גליק און וועלכע ווערן דעריבער פאַרברעכער. קעגן דעם איז דאָ בלויז איין מיטל. מיר האָבן פאַרניכטעט מענטשנפרעסעריי, קנעכטשאַפט, שקלאַפעריי און דועלן — דאַרפן מיר אויסוואָרצלען אויך דאָס־דאָזיקע שלעכטס, נישט דערלאָזן, אַז עפּעס אַנדערש, אַ חוץ

ליבע, זאָל צושמידן מענטשן איינעם צום צווייטן. איך ווייס, אַז דורכלייענענדיק דאָס, וועלן מיך די רעאַקציאָנערן פאַרשרייען אַלס אָנהענגער פון „פרייער ליבע". אָבער היות איך אַליין בין נישט מסכּים צו לעבן אין קנעכטשאַפט, קען איך דאָס אויך נישט פֿאָדערן פון אַנדערע. אַ נאָרמאַלער, געזונטער מענטש דאַרף אַליין באַשליסן, אין וואָס עס באַשטייט פאַר אים די ליבע און אין וואָס — דאָס גליק, קיינער האָט נישט קיין רעכט צו פֿאָדערן מיט געוואַלד קיין ליבע, און אַלע ליבנדיקע פון דער וועלט דאַרפן זיין גרייט צו פאַרלירן דעם געליבטן מענטשן, אויב ער פֿאָדערט דאָס. דאָס איז שטרענג, דאָס איז אַ שווערע פליכט, אָבער זי ווערט אַרויפגעלייגט אויף אונז דורכן לעבן און מיר קענען זי נישט אויסמיידן.

די קונסט פון לעבן. — די אנטשטייאונג פון גלויבן. — ווי עס ווערט אנגעווענדט דער פארשטאנד. — די אנט־שטייאונג פון דער מאראל. — די נאטור און דער מענטש. — דער מענטש — דער מורד. — די שאפונג פון א נייער מא־ראל. — די טוגנט פון דעם דורכשניט. — דער אידעאל פון לעבנסוועג. — איך און מיין נאטער. — גייסט און קערפער. — דער שטודיום פון אונטערבאוווסטזיין. — די פראבלעם פון אומשטערבלעכקייט. — די באווייזן פון לעבן נאכן טויט. — די מאכט פון אינטעלעקט. — די צוימונג פון אינטעלעקט.

I

# די קונסט פון לעבן

ווען איך זאל דאס קענען, וואלט איך דאסדאזיקע בוך אנגעהויבן מיט דעפינירן דעם מהות פון לעבן. צום באדויערן ווייס איך דאס נישט, און מיין איינציקע טרייסט באשטייט אין דעם, וואס קיינער ווייס דאס נישט.

מיר פרעגן וועגן דעם דער קירכע, און זי ענטפערט, אז גאט האט באשאפן דעם מאן און די פרוי, זיי באזעצט אין גן־עדן, און ביידע וואלטן געווען גליקלעך, ווען דער שטן זאל זיי נישט האבן געבראכט צו א נסיון. דאן פרעגסטו, טא וואר־ושע האט געשאפן דעם שטן, און דא באקומסטו שוין נישט

קיין קלאָרן ענטפער. דו פרעגסט: אויב גאָט האָט באַשאַפן דעם שטן און האָט געוווסט, וואָס דער שטן וועט טאָן, צי איז דאָס דאַן נישט אַלץ איינס, ווי ער אַליין וואָלט דאָס געטאָן. די דערקלערונג פון שלעכטס רוקט זיך אַזוי־אַרום פאָראויס, נישט ווייטער פאַר דער אינדיאַנישער שילדערונג פון דער וועלט, וועלכע רוט אויף דער פלייצע פון אַ שילדקרעט, וואָס שטייט אויפן קאָפּ פון אַ שלאַנג — און קיינער האָט נישט דערקלערט, אויף וואָס עס שטייט די שלאַנג.

לאָמיר זיך ווענדן צום וויסנשאַפטס־מאַן. כ'קען איינעם פון די גרעסטע פיזיאָלאָגן אויף דער וועלט, כ'זע פאַר זיך זיין לעבעדיק פּנים און כ'הער, ווי ער פאַרזיכערט מיט זיין ווייכן קול, אַז ער ווייס, וואָס אַזוינס איז דאָס לעבן, ער האָט געשריבן וועגן דעם אין אַ סך גראָבע ביכער און איך דאַרף בלויז איבערלייענען זיינע ווערק. דאָס לעבן איז—אַ טראָפּין, וועלכער איז אַנטשטאַנען דורך געוויסע כעמישע פאַרבינדונגען; מיין פריינט ווייס דאָס אויף זיכער, ווייל ער אַליין האָט געשאַפן דעמדאָזיקן טראָפּין אין זיינע רעטאָרטעס. ער פאַרזיכערט, אַז די אַנטשטייאונג פון דער עקזיסטענץ אין די ענערגיען, וועלכע זענען געוואָרן — מאַטעריע, באַזירט אויפן מאָניזם; ער דערווייזט, אַז אַלדאָס לעבעדיקע שטאַמט אָפּ פון דאָרט און קערט זיך אום אַהין. לאָמיר אָבער פרעגן דעמדאָזיקן וויסנשאַפטס־מאַן וועגן דעם, וואָס־זשע אַזוינס איז אין תּוך גענומען דידאָזיקע מאַטעריע, וואָס אין איר עקזיסטענץ איז ער אַזוי זיכער? ווי אַזוי דערקענט מען זי? קלאָר, אַז מיט דער הילף פון אונזערע חושים. די מאַטעריע גופא קען מען נישט זען, מ'קען בלויז זען איר ווירקונג אויפן מענטשן און פון דערדאָזיקער ווירקונג דאַרף מען מאַכן דעם אויספיר, אַז די מאַטעריע, וואָס האָט זי אַרויסגערופן, מוז עקזיסטירן, אָבער ווען אַ וועלכן נישט איז גייסט אַ שפּאַס־מאַכער וואָלט זיך פאַרגלוסט אָפּצוחוזקן פון די פיזיאָלאָגן און ער וואָלט אַרויסגערופן דידאָזיקע ווירקונג, דאַן וואָלטן אויפן אָרט פון דער מאַטעריע געווען בלויז גייסטער. און מיר זעען, אַז דער מאַטעריאַליסט אין פילאָזאָפישן זינען פון דאָזיקן וואָרט נויטיקט זיך אין גלויבן און האַלט זיך ביי אַ געוואַגטער דאָגמע נישט ווינציקער ווי די קירכן־דינערס.

דאָס איז אַן אַלטע טעמע; ביז דער מוטערל עדדי[1] איז געווען דער בישאָף בערקליי, ביז דעם בישאָף בערקליי — פּלאַטאָן, זיי אַלע זענען אַרויסגעטראָטן קעגן די מאַטעריאַליסטן ביז זייערע צוהערער האָבן נישט גענומען שרייען פאַרצווייפלט: „וואָס איז אַזוינס אַ גייסט? אַלץ איינס! וואָס אַזוינס איז מאַטעריע? אַלץ איינס"! אָבער מיט מער ווי הונדערט יאָר צוריק האָט אין איין קליינער פּרייסישער שטאָט געלעבט אַ קלייניקער אויסגעדאַרטער פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע. ער איז געזעסן אין זיין צימער, אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער אויפן גלאָקן-טורעם פון דער קירכע און יאָרנלאַנג געפאָרשט די געצייג פון געדאַנק, און זיך דערוווּסט, וויפל און וועלכע אַרבעט זיי קענען אויספירן. אַזוי אַרום האָט ער דערוויזן, אַז אונזער גייסט איז נישט ביכולת צו דערגיין דעם גאַנצן אמת, ער קען בלויז אָנשפּאַרן ביז צו דערקענען דעם פענאָמען, ד. ה. ביז צו דער פאָרשטעלונג, וועלכע ער שאַפט זיך. דערדאָזיקער קעניגסבערגער פּראָפעסאָר האָט דאָס דערוויזן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ער האָט אויפגעשטעלט פאַרן פולן אמת פיר טעזיסן, געניי און אומבאַדינגט לאָגיש זיי דערוויזן, אָבער דערנאָך האָט ער פונקט אַזוי גענוי און אומבאַדינגט לאָגיש דערוויזן דאָס קעגנזעצלעכע. יעדער וועט עס האָט נאָר געלייענט און פאַרשטאַנען קאַנטס פיר „אַנטינאָמיעס" ווייס, אַז מעטאַפיזיק איז פונקט אַזאַ טויטע זאַך, ווי די אַסטראָלאָגיע און אַז יענע אַלע קאָמפּליצירטע טעאָריעס, וועלכע עס האָבן אויסגעוועבט די פילאָזאָפן פון הערא-קליטן ביז אַרטור באַלפורן, האָבן אינדערעמתן נישט קיין גרעסערן ווערט, ווי שאַך-זעלנער.

כ'לאָז נישט גערן צו דעמדאָזיקן געדאַנק, ווייל כ'האָב צו פיל צייט פאַרשווענדט אויף לייענען פילאָזאָפישע ווערק און אויף אויסשטודירן די פילאָזאָפישע פיינקייטן, כ'האָב אויסגעלערנט אַ גאַנצע שפּראַך מיט לאַנגע ווערטער און יענע באַזונדערע באַדייטונגען, וועלכע עס גיבן זיי צו יעדער פילאָזאָף באַזונדער און יעדע פילאָזאָפישע שולע. ווען איך האָב זיי גענוי דיקט שטודירן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז כ'האָב זיך גאָר נישט אויסגעלערנט. און מיר איז מער נישט געבליבן ווי

[1] די גרינדערין פון „קריסטלעכער וויסנשאַפט"

אין באַמיען אויסקערן פון מיין זכרון די אומצייליקע וואָרט-
שפּינוועבסן. דאָס איז אַפילו נישט געווען קיין גוטע גימנאַסטיק
פאַרן מאַרך, ווייל דער מעטאַפיזישער מעטאָד פון דענקען איז
נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ פּאַסטקע. דער מענטש, וואָס פאַר-
טראַכט זיך איבער אבסאָלוטע אמתן, ווערט פאַרשלעפּט אין אַ
פּאַסטקע, און אים דאַכט זיך, אַז ער האָט דערגרייכט דעם וויסן
פון אַנטגילטיקן אמת, בעת ער האָט גאָר דערוויזן בלויז דאָס,
אין וואָס ער האָט געוואָלט גלויבן; ווען מ׳וואָלט פון אים גע-
פאָדערט צו גלויבן אין דאָס קעגנזעצלעכע, וואָלט ער דאָס אויך
דערוויזן פונקט אַזוי גוט.

כּפלנדיק צוויי פוס אויף צוויי פוס, באַקומען מיר אַ
פלאַך — אַ קערפּער פון צוויי אויסמעסטונגען, כּפלנדיק צוויי
פוס אויף צוויי פוס און אויף צוויי פוס באַקומען מיר אַ
קערפּער פון דריי אויסמעסטונגען — ענלעך צו דער וועלט אין
וועלכער מיר לעבן. וואָס-זשע באַקומען מיר, כּפלנדיק צוויי פוס
און אויף צוויי פוס אויף צוויי פוס, אויף צוויי פוס? שוין יאָר-
הונדערטער ווי די פּראָבלעם פון דער „פערטער אויסמעסטונג"
באַשעפטיקט די מאַטעמאַטיקער און פילאָזאָפן. אויפן וועג פון
אַנאַלאָגיע האָבן זיי פעסטגעשטעלט, ווי אַזוי עס וואָלט אויס-
געזען אַן ענלעכע וועלט. פון דער וועלט פון די פיר אויס-
מעסטונגען וואָלטן מיר זיך געוועסט אומקערן אויף אַזאַ אופן, אַז
קיינער פון אונזערע פריינט פון די דריי אויסמעסטונגען וואָלט
נישט געוווּסט, ווי אַזוי מיר טוען דאָס, און ער וואָלט אונז
נישט געקענט אָפּשיקן צוריק. אָט דאָס איז אַ פולע אנאלאגיע
צום מעטאפיזישן דענקען. זי איז די פערטע אויסמעסטונג פון
געדאַנק און ווירקט אויפן גייסט פונקט אַזוי, ווי עס וואָלט
געווירקט אַ פיזישע פערטע אויסמעסטונג אויף די תּפיסות. דער
מענטש, וואָס קלאַמערט זיך אָן עפּעס אַבסאָלוטעס: אָן גאָט,
אומשטערבלעכקייט, די אַנטשטייאונג פון דער עקזיסטענץ, די
אור-סיבה, ווילנס-פרייהייט, אַבסאָלוטע רעכט, אומענדלעכקייט פון
צייט און רוים, אַבסאָלוטער אמת, אור-מאַטעריע — דערדאָזיקער
מענטש פאַרשווינדט אין דער פערטער אויסמעסטונג, צאַפּלט זיך
אין איר, שטעלט זיך אויפן קאָפּ, פאַרפּלאָנטערט די פּאָדערשטע
זייט מיט דער הינטערשטער און באַווייזט זיך אַ טריאומפירנ-

זיקער, כדי ווידער צו פאַרשווינדן, ווידער זיך ענדערן און זיך אומקערן אויף דער ערד אַלס פּשוטער מענטש.

די וועלט איז פול מיט שולעס, טעאָלאָגן, מעטאַפיזיקער, טראַנסצענדענטאַליסטן און טעאָסאָפן, און זיי אַלע מאַכן דורך פאר אונזערע אויגן ענלעכע שטיק. זיי דערווייזן, וואָס איר ווילט נאָר און דאָס, וואָס צוויי פון זיי זענען זיך נאָך קיינמאָל נישט צונויפגעקומען אין זייערע באַווייזן, פּירט אונז אַרויף אויפן געדאַנק, אַז זיי האָבן גאָרנישט דערוויזן. „פרומע מענטשן לייקענען אָפּ די מאטעריע און באַטראַכטן דעם ווייטאָק אַלס געגנאַרעריי פון שטערבלעכן גייסט. זיי האַלטן זיך ביי דערדאָזיקער מיינונג אַזוי לאַנג, ביז זיי שטויסן זיך נישט צונויף מיט אַן אויטאָמאָביל און צעברעכן זיך נישט אַ פּאָר ריפּן. דאַן האַנדלען זיי, ווי אַלע אַנדערע מענטשן, ווענדן זיך צום כירורג און לאָזן אָפּשניידן אַ פוס".

עס זענען דאָ עטלעכע ביכער, וועלכע עס לוינט דורכצוליינען, כדי אָפּצוווישן דידאָזיקע גייסטיקע שפּינוועבסן; דאָס זענען: „די פילאָזאָפיע פון געזונטן מענטשנפאַרשטאַנד" און „דער גלויבן פון אַ וועלטלעכן" פון פרידעריק האַרריסאָן, דעם פירער פון די ענגלישע פּאָזיטיוויסטן, — פון יענער שולע, וועלכע אָגיוסט קאָנט האָט געגרינדעט. אָבער אין דער צייט, ווי איך רעקאָמענדיר דידאָזיקע ביכער, דערמאָן איך זיך, אַז אויך זיי האָבן מיר נישט באַפרידיקט, און כ'האָב זיי אָפּגעלייגט אין אַ זייט, ווייל אויך די פּאָזיטיוויסטן שטעלן אַרויס אייגענע דאָגמאַטן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע. פרידעריק האַרריסאָן באַנוגנט זיך נישט דערמיט, וואָס ער דערקלערט, אַז די מענטשהייט פאַרמאָגט נישט קיין גענוג-צוגעפּאַסטע שכל-אינסטרומענטן, כדי צו דערקענען דעם אַבסאָלוטן אמת, — ער פאַרזיכערט, אַז זי וועט זיי קיינמאָל נישט האָבן און וועט זיי קיינמאָל נישט קענען האָבן. כ'קוק זיך אַרום הינטער זיך אויף לאַנגע עוואָלוציע-פּראָצעס און כ'פרעג זיך: וואָס וואָלט זיין געטראַכט אַן אויסטער וועגן פּאָזיטיוויזם? וואָס וואָלט געזאָגט אַ יונגע ברוקווע וועגן האַרריסאָנס טעזיסן? ס'קען זיין, אַז דער חלוק צווישן דער ברוקווע און פרידעריק האַרריסאָנען איז נישט אַזוי גרויס, ווי דער חלוק צווישן האַרריסאָנען און יענעם דור

אויבערמענטשן, וועלכע וועלן מיט דער צייט באַפעלקערן די ערד. ס'איז נישט וויסנשאַפטלעך און נישט קלוג צו דאגמאטיזירן אין אונזער צייט וועגן דעם, וואָס עס וועט וויסן יענער דור, און וועלכע שכל-געצייג ער וועט פאַרמאָגן. ס'איז אָבער וויסנשאַפטלעך און קלוג אָנצווענדן די געצייג, וועלכע מיר באַזיצן שוין היינט.

וואָס ווייסן מיר וועגן לעבן? מיר ווייסן וועגן אַן אומענדלעכן שטראָם עמפינדונגען, וואָס זענען אייגן זאַכן און באַשעפענישן, און וועלכע דריקן זיך אויס אויף אַ געוויסן אופן. אין דידאַקטיקע פענאָמענען באַמערקן מיר אומאויפהערלעכע ענדערונגען, מיר באַאָבאַכטן זיי און אַנטדעקן, ווי אַזוי זיי קומען פאָר. דער אופן, ווי אַזוי דאָס קומט פאָר, זעט אויס צו זיין אומפאַרענדערלעך, דעריבער נעמען מיר דאָס אָן, צוליב פראַקטישע טעמים, פאַר אַ פאַקט און מיר בויען אויף אים אונזערע אַלע אויסרעכנונגען און האַנדלונגען. אַנדערש וואָלטן מיר גאָרנישט געקענט לעבן; די פאַרשפרייטונג פון וויסנשאַפטלעכן וויסן איז גלייך ביי אונז צו דער דערקענטעניש פון ענלעכע „געזעצן", און אונזער גלויבן אין דער אומפאַרענדערלעכקייט פון דידאַקטיקע געזעצן ווערט אַלץ מער און מער פאַרטיפט.

אַמאָליקע צייטן האָט מען אונז געלערנט: דער ווינט בלאָזט, ווי אים ווילט זיך. איצט אָבער ווייסן מיר אויף זיכער, אַז באַשטימטע סיבות פירן אָן מיטן ווינט; און ווען אונזערע אויספאָרשונגען וועלן נאָך גיין אַ סך ווייטער, וועלן מיר קענען דערקלערן די אַנטשטייאונג פון מינדסטן ווינטל-בלאָז און איבערפאָראויסזאגן. אַמאָל פלעגט מען אונז זאָגן, אַז חלומות שטאַמען פון עפּעס אַן אומנאַטירלעכער וועלט, איצט אָבער הויבן מיר אָן צו אַנאַליזירן די חלומות און דערקלערן, פונוואַנעט זיי נעמען זיך און וואָס זיי באַטייטן. ס'קען זיין, אַז איצט איז נאָך דער מענטש עפּעס נישט אויסגעפאָרשטס און פאַרפלאָנטערטס, אָבער מיט דער צייט וועלן מיר וויסן גענוג וועגן קערפּער און גייסט פון מענטשן, וועגן זיין עבר און הוה און מיר וועלן קענען דערקלערן די מענטשלעכע נאַטור און דעם מענטשן פונקט אַזוי, ווי עס ווערן איצט צוגעגרייט אין די רעטאָרטעס די מעגלעכסטע רעאַקציעס. ס'קען זיין, אַז דאָס וועט זיך אונ-

איינגעבן אויף אַזוי ווייט גוט, אַז דער פּאַרזיכטיקסטער פינאַנסיסט וועט זיך נישט וואַקלען צו באַצאָלן דערפאַר צען מיליאָן דאָלאַר און וועט נישט אַ טראַכט טאָן דערביי וועגן דער נישט באַשטענ-דיקייט פון דער נאַטור.

אויף אַ סך געביטן פון געדאַנק אַרבעטן איצט גרויסע ספּעציאַליסטן, זיי פירן דורך עקספּערימענטן, זיי באַאָבאַכטן. אויב איך רעד אין דאָזיקן בוך וועגן עפּעס „זיכערס", טראַכט איך נישט דערביי, פאַרשטייט זיך, וועגן דער אַבסאָלוטער זיכערקייט פון מעטאַפיזישן דאגמאַט, נאָר בלויז וועגן דער פּראַקטישער זיכערקייט פון טאָג-טעגלעכן געזונטן פאַרשטאַנד; אַ זיכערקייט, וועלכע לערנט אונז, אַז עסן שטילט דעם הונגער און אַז צוויי מאָל צוויי וועט סיי היינט סיי מאָרגן זיין פיר.

## II

## די אַנטשטייאונג פון גלויבן

אַנטוויקלונג — דאָס איז אַ באַקאַנטער פאַקט, וואָס חזרט זיך איבער. ספּענסער האָט דעפינירט דידאָזיקע אַנטוויקלונג אָדער עוואָלוציע אין לאַנגע אויסדרוקן, וואָס זייער קורצער זינען זאָגט: אַנטוויקלונג דאָס איז יענער פּראָצעס, אַ דאַנק וועלכן פּשוטע, פאַרשיידענע שטאָפן ווערן טיילן פון אַ קאָמפּליצירטן שטאָף. ווען מיר באַאָבאַכטן דעמדאָזיקן פּראָצעס אויף זיך אַליין אָדער אויף אַנדערע, דאַן זעען מיר, אַז אַ דערפאָלגרייכע, פרייע אַנטוויקלונג רופט אַרויס פריילעכע עמפּינדונגען, וועלכע מיר רופן אָן פרייד אָדער גליק, פאַרקערט, אַ געשטערטע אַנטוויק-לונג רופט אַרויס טרויעריקע עמפּינדונגען, וועלכע מיר רופן אָן ווייטאָק. די קלוגע מעטאַפיזיקער, סיי די גייסטלעכע, סיי די וועלטלעכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַווייזן, אַז עס מוז עקזיסטירן אַן אַנדער ציל פון לעבן אַ חוץ דער כסדר-דיקער אַרויסרופונג פון פריילעכע עמפּינדונגען, די באַגלייטער פון דער פרייער אַנטוויקלונג. צו זייער אייגענעם פאַרגעני-

האָבן זיי דערוויזן, אַז די מאָראַל וועט אומקומען און די מענטשהייט וועט זיך אָפּשטעלן אין איר פּראָצעס, אויב עס וועט נישט געפונען ווערן קיין אַנדער לעבנס־זין, לויט זייערע רייד אַ דויערהאַפטיקערער, אַ מער אָנשפּאָרנדיקער, אַ „העכערער”. איך מוז ערלעך מודה זיין, אַז לאַנגע יאָרן האָב איך זיך באַצויגן מיט אַ אַכטנדיקער אויפמערקזאַמקייט צו די מאָראַליסטן און טעאָלאָגן און אַ לאַנגע צייט געגלויבט אין זייערע דאָקטרינעס; אָבער איצט גלויב איך זיי נישט מער.

פאַר מיר באַשטייט דער זין פון לעבן אין דער אומאויפהערלעכער אַנטוויקלונג פון די אייגענע כּוחות און אין דער שטרעבונג צו העכערע, פיינערע און קאָמפּליצירטערע פאָרמען, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך אַן אינטענסיווערע, אַ דויערהאַפטיקערע עמפּפינדונג פון פרייד, יענע עמפּפינדונג, וואָס איז דער באַווייז פון לעבן. אויב איר ווילט דאָס אָפּפרעגן, טאָ לייענט, זייט מוחל, אין איינעם פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען: „די נאַטור און דער מענטש” וועגן מיין קוק אויף דעם חלוק צווישן אַ אינסטינקטיוון און שכלדיקן לעבן, ווייל „אַנטוויקלונג” באַטייט נישט פאַרן מענטשן קיין בלינדע, גלייכגילטיקע אַנטוויקלונג. דאָס איז נישט דאָסזעלבע, וואָס די אַנטוויקלונג פון אַ טובערקולאָז־באַציל, אָדער פון אַ פליג, אַ שפּין אָדער אַ לויז, און דער זין פון מענטשלעכן לעבן מאַכט אויס נישט סתּם פרייד, נישט אַבי־וואָסער פרייד, נישט קיין בלינדע, נישט־אויסקלייבערישע פרייד, די פרייד פון אַלקאָהאָל, מענטשנפרעסעריי אָדער פון יענער פאָרם קולטורעלער מענטשנפרעסעריי, וועלכע מיר רופן אָן „געשעפטן”. פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ זענען מיר אַרויס מיטן לעבן בלויז אַדאַנק דער קאָאָפּעראַטיווער און סאָציאַלער אָנווענדונג פון שכל; דערדאָזיקער שכל אונזערער קלויבט אויס די פאָרמען פון אַנטוויקלונג, ער קלויבט אויס ווייך און גערשטן אָנשטאָט ווילד־גראָז און שאַצט זעלבסטבאַהערשונג און ערלעכקייט מער, ווי גיריקייט און ליגנט.

דעריבער, ווען מיר זאָגן, אַז דער זין פון לעבן איז אין גליק, שטעלן מיר דורכדעם נישט אַוועק די מענטשהייט פאַר חזירים־קאָריטעס, נאָר מיר פאַרזיכערן, אַז אונזער חוב, דער חוב פון שכלדיקע וועזנס באַשטייט אין דעם, כּדי אַכטונג צו

נעבן אויפן לעבן, אויסקלויבן איינע פון זיינע פאַרשיידנאַרטיקע פאָרמען און זאָגן: דידאַקטיקע אַנטוויקלונגס-פאָרם איז דויערהאַפֿטער, פּרוכטבאַרער און באַפרידיקנדיקער, דעריבער ווילן מיר אויס דידאַזיקע. אַלע איבעריקע פאָרמען אָנערקענען מיר פאַר פאַראיבערגייענדיקע און אילוזאָרישע, דעריבער פאַרשפאַרן מיר אין תפיסה דעמיעניקן, וואָס פאַרקויפט אַלקאָהאָל, מיר לאָדן נישט איין צו זיך קיין זנות-מענטשן און מיט דער צייט וועלן מיר פאַרווערן אונזערע קינדער צו באַזוכן יענע קינאָס, אין וועלכע עס ווערט געלויבט די קולטורעלע מענטשנפרעסעריי.

דער לייענער ווייס, אָן ספק, דעם חלוק צווישן וויסן און גלויבן; ס׳קען זיין, אַז ער וועט פרעגן: „צי דען טראַכט איר, אַז אַלץ ווערט באַשטימט דורכן מענטשלעכן שכל? צי דען פאַרלייקנט איר דעם גלויבן”? וועל איך ענטפערן: ניין, איך לייקן נישט אין גלויבן, אָבער איך ווענד אים נישט אָן צו די פראַגעס, מיט וועלכע ער האָט נישט קיין שום געמיינזאַמעס. אָט גלויבט איר דאָך נישט, למשל, אַז דער פּעקל צוקער וועגט אַ פונט, נאָר איר לייגט אים אַרויף אויף דער וואָג און איר קאָנטראָלירט די וואָג, מיט אַנדערע ווערטער, איר פירט דורך אַן עקספּערימענט. איצט אָבער זענען אַלע רעליגיעס פול מיט באַהויפּטונגען, וועלכע האָבן פּונקט אַזויפיל געמיינזאַמעס מיטן גלויבן, ווי דערדאַזיקער מיט דער וואָג פון צוקער. למשל: צי איז נוצלעך פאַרן מענטשלעכן געזונט חזיר-פלייש? אַלע קריסטן וועלן איינשטימיק דערקלערן, אַז דידאַזיקע פראַגע דאַרף געלייזט ווערן מיט דער הילף פון אַ מיקראָסקאָפּישער און אַנדערע וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען, אָבער אָט הויבט זיך אויף פון צווישן די פאַרזאַמלטע אַ ייד און שטעלט אַ פראַגע: צי האָבן דען טענץ אַ שלעכטע ווירקונג אויפן כאַראַקטער, און אַלע מעטאָדיסטן וועלן גלייך נאָכדעם פאָדערן, מ׳זאָל שליסן די פאַרזאַמלונג.

וואָס אַזוינס איז גלויבן? גלויבן דאָס איז יענער אינסטינקט, וועלכער ליגט אין יסוד פון דער עקזיסטענץ, וועלכער דינט אונז אַלס ערבות, אַז דאָס לעבן איז עפּעס ערלעכס און ווערטפולס, ער איז די זיכערקייט אין דעם, אַז די פרייע אַנטוויקלונג ווערט תמיד באַגלייט דורך אַ פריילעכער עמפּינדונג. דער

קעפטישסטער וויסנשאַפטסמאַן, אַפילו מיין פריינט דער פיזיאָלאָג, וועלכער פאַרזיכערט, אַז לעבן דאָס איז — טראָפין, וואָס ווערט צוגעגרייט דורך כעמישע פאַרבינדונגען אין דער רעטאָרטע, אַפילו ער איז איינער פון די גלויביקסטע מענטשן, וועלכע וועגען מיר באַקאַנט. אין אים פלאַקערט אַ גלויבן אין דער וואָרטפולקייט פון וויסן און אין דער מעגלעכקייט אים צו באַקומען: ווי גרינגשעציק ער וואָלט זיך באַציוגן צו אַן אַנדער קוק אויפן לעבן — לאָמיר אַפילו זאָגן צום געדאַנק, אַז דאָס לעבן איז אַ ריי עמפינדונגען, וועלכע ווערן אַרויסגערופן דורך אַן אָפּשפּעטנדיקן גייסט, וועלכער האָט באַשלאָסן צו פאַרפייניקן דעם מענטשן. נאָכמער, אין מיין פריינט ברענט אַ זיכערקייט, אַז זיין וויסן קען פאַרשפרייט ווערן, אַז די אַנדערע מענטשן וועלן אים אָננעמען, וועלן אים אָנווענדן פּראַקטיש און אַדאַנק דעם — ווערן גליקלעכער. ווען נישט, טאָ צו וואָס האָט ער אָנגעשריבן זיינע געלערנטע ביכער אויף צו פאַרטיידיקן די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע?

דערזעלבער גלויבן ווי אין גרויסן מאָניסט, לעבט אויך אין יעדן קינד, וועלכעס גייט אין שולע אַריין, אין יעדן קור-טשאַק, וועלכער קריכט אַרויס פון דער איי, אין יעדן גרעזעלע, וועלכעס ציט זיך צו דער זון. אמת, נישט יעדער קורטשאַק בלייבט לעבן און דאָס גרעזעלע פאַרוועלקט האַרבסטצייט, אָבער זיין זאָמען פאַרשפרייט זיך, און די קורטשאַקעס דינען אַלס שפּייז פאַר די פילאָזאָפן, און דער מעכטיקער לעבנס-פּראָצעס ברענגט צום אויסדרוק זיין גלויבן. אין לעצטן סך-הכל דערהויבט דער לעבנס-פּראָצעס יענעם מענטשן, וועלכער (ווי מיר וועלן זען ווייטער) באַאָבאַכטעט אים, שאַצט אים אָפּ און ווענדט אים אָן צו זיינע באַדערפענישן.

איר האָט שוין, מסתמא, באַמערקט, אַז איך בין אַן אָפּטימיסט. עס זענען געווען אַסך גרויסע פילאָזאָפן, וועלכע האָבן זיך אָנגערופן פּעסימיסטן, אָבער איך פלעג מיט אַ פאַרי-טייעטן שמייכל באַמערקן, אַז גראָד דידאָזיקע מענטשן האָבן נעאַרבעט עקשנותדיקער אויף צו פאַרשפרייטן זייערע אידעען און אַזוי אַרום האָבן זיי אָנערקענט די באַדייטונג פון אמת און די מעגלעכקייט פאַרן מענטשן צו פאַרפולקאָמען זיך. די אַרבע-

טער און דאָקטוירים, וועלכע אַרבעטן אין די אָרימע קוואַרטאַלן, פּאַרזיכערן, אַז עס זענען נישטאָ קיין גוטע און שלעכטע קינדער, עס זענען בלויז דאָ געזונטע און קראַנקע קינדער, און איך וועל זאָגן: — נישטאָ נישט קיין פּעסימיסטן, נישט קיין אָפּטימיסטן; עס זענען בלויז דאָ גייסטיק-קראַנקע און גייסטיק-געזונטע מענטשן. אומעטום אין לעבן, זאָל זיין אין דער וועלט פון צמחים, איז געזונט גלייכבאַדייטנדיק מיט גליק. ווען איך בין געווען אין אוניווערזיטעט, פלעגט איין פּראָפעסאָר, געדענקט זיך מיר, ליב האָבן צו פרעגן: „וואָס וואָלט איר געוואָלט זיין, אַ גליקלעכער חזיר אָדער אַן אומגליקלעכער פילאָזאָף?" איך פלעג שטענדיק ענטפערן: „איך וואָלט וועלן זיין אַ גליקלעכער פילאָזאָף", אויף וואָס דער פּראָפעסאָר פלעגט באַמערקן: „דאָס איז אוממעגלעך" און איך פלעג זאָגן: „איך וועל דערווייזן, אַז דאָס איז מעגלעך".

## III

## ווי וועט אַנגעווענדט דער פאַרשטאַנד

די מערהייט פון דער מענטשהייט איז אויסגעוואַקסן אין דער איבערצייגונג, אַז געוויסע דאגמעס געהערן אומבאַדינגט צום גלויבן און עס איז נישט רעכט אָנצווענדן אויף זיי די מאָס פון פאַרשטאַנד. אין וועלכע דאגמעס אַ מענטש גלויבט, דאָס הענגט, קען זיין, אָפּ פון דער געאָגראַפישער לאַגע פון זיין וווין-אָרט; אין אַזאַ איבערבאַפעלקערטער שטאָט, ווי ניו-יאָרק, ווערט דאָס אָפט באַשטימט דורכן קוואַרטאַל, אין וועלכן דאָס קינד ווערט געבוירן. אַ קינד, וואָס ווערט געבוירן אין טשעסטער-סטריט גלויבט, אַז זיין גליק הענגט אָפּ דערפון, עס זאָל קיינמאָל נישט עסן פון איין טעלער קיין פליישיקס און מילכיקס, דאָס געבוירענע אויף דער צענטער אַוועניו באַטראַכט אַלס גרעסטע סכנה פאַר זיין גליק דאָס עסן אין די פרייטיקן פלייש דעם קינד, וואָס ווערט געבוירן אויף דער מעדיסאָן-אַוועניו לערנט מען, אַז עס עקזיסטירט אַ באַשטימטער מעטא-

פיזישער פּראָצעס, אַדאַנק וועלכן ברויט ווערט פאַרוואַנדלט אין מענטשלעך פלייש, און וויין אין מענטשלעך בלוט; יעדעס פון דידאָזיקע קינדער איז איבערציוגט, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין טעותן און דעריבער איז אויף דער העכסטער מדרגה געפערלעך אָנצווּוענדן זיין קריטיק אויף די „הייליקע" זאַכן און אַז וואָס שייך זיי, דאַרף מען זיך אונטערוואַרפן דעם אויטאָריטעט פון אַלטע מסורות, פון אַ וועלכן נישט איז אינסטיטוט, אַ פערזענלעכקייט אָדער אַ באַזונדערס הייליקן בוך.

צי דען האָט ווען נישט איז עקזיסטירט אויף דער וועלט אַ אַנטפּלעקונג, וועלכע זאָל שטיין איבער אָדער מחוץ דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד? צי דען איז בכלל מעגלעך עפּעס ענ־לעכס? כדי צו קאָנטראָלירן דידאָזיקע מעגלעכקייט, קלויבט אויס, חברים, דעם איבערצייגנדיקסטן אופן, דורך וועלכן די אַנטפּלעקונגען זענען געגעבן געוואָרן דער מענטשהייט. לאָמיר נעמען דעם קריסטלעכן אופן: דאָס געפינען די לוחות אויפן באַרג, אַ קול, וואָס רעדט פון אַ ברענענדיקן סנה, אַ מלאך, וועלכער דערשיינט פאַר אַ סך מענטשן און גיט זיי איבער די הייליקע שריפט. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז דער לעצטער פאַל איז פאָרגעקומען בעת אַ פוטבאָל־מאַטש אין האַרוואַרד; ביזן סוף פון דער וועלט וואָלט איבערגעגאַנגען פון איינעם צום צווייטן דידאָזיקע שריפט — גאָט האָט אויף אַזאַ אופן פּראָקלאַמירט דער מענטשהייט אַ גאַנץ נייע רעליגיע. ווי אַזוי וואָלטן די איינוווינער פון לאָנדאָן אָדער קאַלקוטע געקענט משפּטן וועגן דערדאָזיקער התגלות? ערשטנס, וואָלט זיך געשטעלט די פראַגע, צי דאָס אַלץ איז נישט קיין אויסטראַכטונג פון די אַמעריקאַנער צייטונגען. און דערנאָך וואָלט מען געפרעגט, צי איז דאָס אַלץ נישט בלויז אַן אָפּטישער טעות. אויב צען טויזנט דערוואַקסענע מענטשן, וואָס פאַ־דינען צוטרוי, וואָלטן געשוואָרן אויף דעם, וואָלט נאָך אַלץ מעגלעך געווען צו פרעגן, צי האָט ווער נישט אויסגעטראַכט אַן אומזעבאַרן אַעראָפּלאַן? לאָמיר אָננעמען, אַז ס'איז פעסטגעשטעלט, אַז דאָ האָט זיך טאַקע געהאַנדלט וועגן אַן איבערנאַטירלעך וועזן, וואָלט דאָך נאָך אַלץ נויטיק געווען צו דערווייזן, אַז דאָסדאָ־

זקע וועזן איז נישט געווען קיין איינוווינער פון מארס, א וועזן פון דער פערטער אויסמעסטונג אָדער פון דער סטרא אחרא. און די שריפטלעכע אנטפלעקונג וואָלט געדארפט שטרענג אויסגעפאָרשט ווערן אין איר ליטעראַרישער און מאָראַלישער באַדייטונג. ווארום וואָס פאַר א פאָלגן וואָלט דאָס געהאַט, ווען די גאַנצע מענטשהייט וואָלט גענומען גלויבן אין דערדאָזיקער אתגלות.

דאָס אַלץ זענען פראַגעס, וועלכע ס'איז מעגלעך צו לייזן בלויז מיטן פאַרשטאַנד. דער פאַרשטאנד וואָלט געווען דער ריכ־טער, און די התגלות דער געמשפּטער. די מענטשהייט וואָלט געקענט זאָגן: דידאָזיקע אנטפלעקונג איז אמתדיק, מיר וועלן גלויבן אין איר און מיר וועלן קיינעם נישט דערלויבן צו צוויי־פלען אין איר ; עס וואָלטן זיך געפונען אויך אזעלכע מענטשן, וועלכע וואָלטן פאַרזיכערט, אז דאָס אַלץ זענען נאַרישקייטן, און נאָך אנדערע, וועלכע וואָלטן דערקלערט, אז דידאָזיקע אנטפלע־קונג דינט דער רעאַקציע און פענטעט דעם גייסט. דידאָזיקע מענטשן וואָלטן געקעמפט פאַר זייערע איבערצייגונגען און וואָלטן געווען מאַרטירערס. און ווער וואָלט געדאַרפט משפּטן צווישן זיי און דער ברייטער מאַסע ? דער ריכטער איז דער פאַרשטאַנד.

אמת, דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז נישט פריי פון טעותן. די אומפעלבאַרקייט איז עפּעס אבסאָלוטעס, ד. ה. א נישט רעאַלער באַגריף. דאָס לעבן האָט אונז נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אומפעלבאַר, פונקט ווי עס האָט אונז נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אַלמעכטיק און אומעטום אָנ־וועזנדיק. דאָס לעבן האָט אונז באַשאָנקען מיט מער אָדער ווי־ניקער קראַפט, וועלכע מ'קען נאָך מער אנטוויקלען און פאַרפעס־טיקן. אונזער פאַרשטאַנד איז יענער כלי־זין, מיט דער הילף פון וועלכן מיר האָבן אויסגעקעמפט די הערשאַפט איבער דער גאַנ־צער חיות־וועלט און מיט דער הילף פון וועלכן מיר לערנען זיך בהדרגהדיק אָנצופירן מיט די כחות פון דער נאַטור. אונזער פאַרשטאַנד איז אונזער בעסט געווער און מיר וואָלטן אים געדאַרפט תמיד באַנוצן. אויב דו וועסט זיך טרעפן מיט א יעזואיט, וועט ער דיר נעמען איינרעדן, אז דער פאַרשטאַנד איז הילפלאָז לגבי דעם גלויבן און דעריבער דאַרף ער זיך אונטערוואַרפן דעם

אָזיקן לעצטן. דו דאַרפסט ענטפערן: „יאָ, פאָטער, איך האָב זיך איבערצייגט, איך אָנערקען די נישטיקייט פון מיינע מענטשלעכע כחות. איך בין איבערצייגט, אָבער, פאַרשטייט זיך, אַז איך קען נישט זיין איבערצייגט אין דעם, אין וואָס כ׳האָב זיך איבערצייגט מיט מיין פאַרשטאַנד, וואָס איז אויסגעשטעלט אויף מענטשלעכע טעותן. און אָט געפין איך זיך ווידער אויפן זעלבן אָרט, ווו כ׳האָב זיך פריער געפונען, מער נישט, איצט קען איך שוין אין קיין איין זאַך נישט זיין זיכער."

דו וואָלסט געערדט ערלעך, וואָלסט גענומען דיין הוט, אַרויסגעגאַנגען און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. אָבער פלוצלונג וואָלסטו זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייל. פאַרוואָס האָסטו פאַרמאַכט די טיר? דו האָסט פאַרמאַכט די טיר דערפאַר, ווייל דיין פאַרשטאַנד האָט דיר געזאָגט: „אויב דו וועסט נישט פאַרמאַכן די טיר, וועט דער קאַלטער ווינט אַריינדרינגען אין צימער און וועט באַלעסטיקן דעם גוטן פאָטער". ווען דו גייסט איבער דער גאַס און הערסט פלוצלונג הינטער זיך אַ גערויש, פאַרנעמסטו זיך צום טראָטואַר, ווייל דיין פאַרשטאַנד האָט דיר אונטערגעזאָגט, אַז עס דערנענטערט זיך אַן אויטאָמאָביל און אויפן טראָטואַר וועסטו זיין אין גרעסערער זיכערקייט. אַזוי לעבסטו, זיך איינהערנדיק אין מיליאָנען געוווינהייטן און האַנדלונגען צום קול פון דיין פאַרשטאַנד, און ווען אַ וועלכער נישט איז מענטש זאָל דיר עצהן בלייבן שטיין פאַרן אויטאָמאָביל, וואָס פאָרט אויף דיר, ווייל דיין שכל קען דאָך אַ טעות האָבן, וואָלט דיר אין דאָזיקן פאַל דער שכל אונטערגעזאָגט, און אינגאַנצן ריכטיק, אַז דערדאָזיקער מענטש איז אַראָפּ פון זינען. און איך פאַרזיכער: פונקט אַזויפיל משוגעת, וויפל ס׳איז דאָ אין אַזעלכע טאָג-טעגלעכע באַהויפּטונגען, איז דאָ אויך אין דער פילאָזאָפיע, אין דער מעטאַפיזיק און אין דער רעליגיע; די סיבה דערפון איז דער געדאַנק, אַז דער מענטש דאַרף גלויבן אין עפּעס, וואָס ער האַלט, אפשר, פאַר נישט שכלדיק.

ביי איצטיקער צייט, ווען עס זענען פאַרשפרייט פאַרשיידענע אידייען, געפינען זיך אָפט די פרעדיקער פון דאגמאַטן אין אַ שווערער לאַגע. אומזיסט רופט דער רב צו הילף די היגיענע, כדי צו דערווייזן, אַז אויף איין און דעמזעלבן טעלער

טאָר מען נישט עסן פלייש און פוטער, דער קסיאָנדז פאַרזיכערט, אַז פיש איז זייער אַ נוצלעך דערנער-מיטל און אַ שאָד, וואָס מיר עסן עס אַזוי ווינציק, דער מעטאָדיסט, דער באַפּטיסט און דער פּרעסוויטאָריאַנער דערקלערן, אַז דער מענטש וואָלט געפאַלן פון די פיס פון דער אַרבעט, ווען ער זאָל נישט רוען איין טאָג פון זיבן. אַזוי פאַראייניקן זיי גלויבן מיט פאַרשטאַנד, וויסנ-שאַפט אין טעאָלאָגיע. איך אָנערקען אָבער, אַז מיין פאַרדיי-אונג ווערט בעסער און מיין אַרבעטס-פעאיקייט ווערט פאַרגרע-סערט, אויב איך שפיל אין די זונטיקן טעניס. אַזוי אַרום פאָלג איך דעמדאָזיקן שכלדיקן געדאַנק און פונדעסטוועגן דאַרף איך זיצן אין תפיסה פון שטאַט דעלאַוואַר, ווייל איך האָב אומבאַ-ווּסטזיניק און אומגערן געשטערט די הייליקייט פון זונטיק.

לייענט דורך דאָס קליין ביכעלע פון פּראָפעסאָר בערי: „די געשיכטע פון פרייהייט פון געדאַנק" און איר וועט זיך דערוויסן וועגן יענעם קאַמף, וועלכער קומט פאָר פאַר דאָס רעכט אָנצוווענדן די אויספירן פון שכל און אַז קיין ענטגילטיקער נצחון איז דאָ נאָך נישט דערגרייכט געוואָרן. די ווערטער „אַ פריידענקנדיקער מענטש" זענען נאָך אין גאַנץ אַמעריקע אַ מין אָפּשרעקעניש, און זיי וואָלטן דאָך געדאַרפט זיין דער העכסטער, בכבודיקסטער טיטל. אין שטאַט קאַליפאָרניאַ עקזיסטירט נאָך ביז היינט אַ געזעץ, לויט וועלכן יעדער איינער, וואָס פאַרטיי-דיקט אין וואָרט אָדער שריפט דעם געדאַנק אַראָפּצוּוואַרפן רע-גירונגען מיט געוואַלט, ווערט פאַרמשפט אויף פערצן יאָר תפיסה. נישט לאַנג צוריק האָט דער מחבר פון דידאָזיקע שורות געהאַט די ערע צו זיצן צוויי טעג אויף דער עדות-באַנק, אויף וועלכער מ'האָט אים אויסגעפרעגט, אויסגעפאָרשט וועגן זיינע פאַרבלאָנ-דזשענישן; כיטרע צוגעקליבענע ציטאַטן פון זיינע ביכער זענען דורכגעלייענט געוואָרן, כדי אויפצורייצן קעגן אים די געשווּוי-רענע. דער באַשולדיקטער אין דאָזיקן פּראָצעס איז געווען אַ זעלנער, וועלכער איז צוויי מאָל פאַרווונדעט געוואָרן און איז פאַרסמט געוואָרן דורך גאַזן; מ'האָט אים באַשולדיקט אין דעם, אַז ער האָט זיך גינסטיק אָפּגערופן וועגן דער סאָוועט-רעגירונג און אַז אין זיינע בריוו האָט ער גערעדט שלעכט וועגן דער רע-ליגיע און גייסטלעכע פערזאָנען.

ביי איצטיקן טאָג געפינט זיך די מאַכט אין די הענט פון די באַזיצנדיקע קלאַסן, וועלכע זענען געוואָרן אין נאָמען פון די אייגענע אינטערעסן צענזארן איבער די מענטשלעכע געדאַנקען אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די גייסטלעכקייט אָדער דער קאַפּיטאַליזם שמידן דעם מענטשלעכן גייסט, איז פאָרט פעלזן־פעסט די איבערצייגונג, אַז נישט געקוקט אויף אַלע טעותן און בלאָנ־דזשענישן פון דער מענטשהייט, קענען מענטשן נאָר דאַן שטרעבן פאָרויס, ווען זיי ריכטן זיך לויטן שכל און גיבן איבער זיין דערפאַרונג אַנדערע. רעדנדיק מיט דער שפראַך פון אַ טעאָלאָג: גאָט האָט אונז געגעבן די קראַפט פון פאַרשטאַנד און אונז אויסגעלערנט זי אָנצווענדן; זי באַגרעניצן אָדער פאַרווערן איז אוממעגלעך

## IV

## די אַנטשטייאונג פון מאָראַל

מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק האָט טשאַרלז דאַרווין פאַר־עפנטלעכט זיין ווערק „די אָפּשטאַמונג פון מענטשן", אין וועלכן ער איז אויפן אַנטשידנסטן אופן אַרויסגעטראָטן קעגן דער טעאָ־לאָגישער לערע פון זיין צייט און האָט דערקלערט, אַז דאָס לעבן איז אַנטשטאַנען פון די דאַמאַטן און דורך צאָלרייכע אַנט־וויקלונגס־סטאַדיען דערגאַנגען ביז צום מענטשן. פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע מיינונג איז געווען אַ פולשטענדיקער היפוך צו דער געשיכטע וועגן גן־עדן. דעריבער איז דער דאַרוויניזם פאַרפאָלגט געוואָרן, ווי אַן אַפּיקורסישע לערע, און ביז אויף היינטיקן טאָג זענען נאָך אין טיף פון אַמעריקע דאָ הויך־שולעס, ווו דאָס שרעקלעכע וואָרט „עוואָלוציע" ווערט אַרויס־גערעדט מיט אַ דערשראָקענעם פליסטער. נאָך גאָרנישט לאַנג צוריק האָב איך אין אַ צייטונג געלייענט אַ פייערלעכע דער־קלערונג פון איינער אַ גייסטלעכער פערזאָן, אַז דאַרווינס לערע איז אָפּגעלייקנט געוואָרן. אָבער דער הויך־חשובער מהבר פון דערדאָזיקער דערקלערונג איז אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ טעות

דורך אַן אַמפּעריי פון אייניקע ביאָלאָגן וועגן די איינצלהייטן פון דער עוואָלוציע-לערע. צי פאַרענדערט זיך דער מין דורך דער אויסשטאַרבונג פון נישט לעבנס-פעאיקן עלעמענט, אָדער ער פאַרענדערט זיך אומאָפּהענגיק דערפון, דורך שפּרונגען, ווי עס לערנט די טעאָריע פון דע-פריז? צי ווערן איבערגעגעבן די אייגנשאַפטן פון אינדיווידואום דעם נאָכוווקס אָדער דער אורשפּרינגלעכער קעמערל בלייבט מחוץ דער ספערע פון דער אַרומרינגלענדיקער ווירקונג? וועגן ענלעכע פראַגעס אַמפּערן זיך נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג די וויסנשאַפטס-מענער. אָבער דאָס, אַז דאָס לעבן האָט זיך אַנטוויקלט דורך בהדרגהדיקע צווישנשטופעס פון די נידעריקסטע פאָרמען צו די העכערע און אַז יעדער אינדיווידואום מאַכט דורך אין עמבריאָנאַלן צושטאַנד און אין דער קינדהייט די גאַנצע געשיכטע פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג — דערדאָזיקער פאַקט איז געוואָרן דער באַזיס פון מאָדערנעם דענקען און ווערט נישט אָפּגעפרעגט, ווי עס ווערט נישט געלייקנט די באַוועגונג פון דער ערד.

דעמדאָזיקן עוואָלוציע-פּראָצעס קען מען נאָכפּאָלגן פון אויסן אין דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די פאָרמען, וועלכע זענען דערביי פאַרכאַפּט געוואָרן, און אין זייער קעגנזייטיקער ווירקונג, אָדער מען קען אים נאָכפאָלגן פון אינעווייניק אויף דער אייגענער נשמה, — יענער דראַנג, יענע נויטווענדיקייט, יענער „עלאַן וויטאַל" (לעבנס-דראַנג, לעבנס-שווונג), ווי עס רופט אים אַן דער פראַנצויזישער פילאָזאָף בערגסאָן. די קריסטן רופן אָן דעמדאָזיקן דראַנג ליבע, ניטשע, וועלכער האָט פיינט געהאַט דעם קריסטנטום, האָט אים גערופן שטרעבונג צו מאַכט און האָט זיך באַמיט זיך אַליין צו איבערצייגן, אַז דאָס איז אַ קעגנזאַץ צו ליבע.

ביי העקסלין איז דאָ אַן עטיוד, „עוואָלוציע און עטיק", אין וועלכן ער ווייזט אויף די אַמאָראַלישקייט פון דער נאַטור. העקסלי שטעלט אויף אַ טעזיס, אַז דאָס, וואָס די מענטשהייט רופט אָן „מאָראַל", איז נישט אַנטשטאַנען אויף אַ נאַטירלעכן וועג און קען קיינמאָל נישט געבראַכט ווערן אין הסכם מיט די געזעצן פון דער נאַטור. דידאָזיקע פאַרזיכערונג פון איינע פון די אויסגעצייכנטסטע אַגנאָסטיקער איז שטאַרק געפעל

געוואָרן די טעאָלאָגן. כ׳האָב דורכגעלייענט העקסליס עטיוד נאָך זייענדיק אַ שילער צו זעכצן יאָר, און ער האָט מיר אויסגעזען ענג, באַגרעניצט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך קען געפינען אַן אַנדער שטאַנדפּונקט און באַזייטיקן די סתירות צווישן דער נאַטור און דער מאָראַל. דער חילוק צווישן דער מאָראַל פון קריסטוסן און דער מאָראַל פון דער נאַטור איז גלייך צום חילוק צווישן אַ העכערער און נידעריקערער גייסטיקער אַנטוויקלונג. די חיה קען ליב האָבן, זי פאַרטיידיקט די לעבנס, וועלכע זי קען, ד. ה. איר אייגן לעבן און דאָס לעבן פון איר קינדער. דעם וואָלף זענען נישט באַקאַנט די געפילן פון דער קאָזע, אָבער דער מענטש האָט אַפילו אין זיין פּרימיטיוון צושטאַנד פאַרמאָגט גענוג איבערלייגונגס-קראַפט, כדי צו וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון ענלעכע צו זיך, דעריבער שטעלט ער אויף פאַר זיך אַ געזעץ נישט צו טויטן און נישט אויפצועסן זיינע שטאַמברידער. ביי היינטיקן טאָג האָט די מענטשהייט אַזוי ווייט אַנטוויקלט איר פאַרשטאַנד און איר אורטיילס-קראַפט, אַז איר „שטאַם" נעמט שוין אַריין אין זיך אַרום צוויי הונדערט מיליאָן מענטשן; אמת, מיט די, וועלכע געהערן נישט צו איר „שטאַם", באַגייט זיך די מענטשהייט ווי וועלף צווישן זיך.

וויאַזוי-זשע האָט העקסלי געקענט אַריינפאַלן אין אַזאַ טעות? דער ענטפער איז: ער האָט געלעבט אין ענגלאַנדס אינדוסטריעלן יאָרהונדערט און אַ גרויסער געלערנטער, אַ רעוואָלוציאָנער אין טעאָלאָגישע פראַגעס, איז ער געווען אַ קינד פון זיין צייט אין עקאָנאָמישע פראַגעס. ער האָט צו הויך איינגעשאַצט די פאָרמולעס פון דער בורזשואַזער ביאָלאָגיע, כדי צו דיסקרעדיטירן הענרי דזשאָרזש און זיין פאָדערונג צו צעטיילן די ערד. דער לאָזונג פון ניינצנטן יאָרהונדערט איז געווען: „קאָנקורענץ איז דער נערוו פון האַנדל" און די קאָנקורענץ איז געווען דער ביאָלאָגישער גאָט פון דאָזיקן יאָרהונדערט.

טעניסאָן האָט פאַר דעם געפונען אַן אויסדרוק: „די נאַטור, וואָס איז גיריק צו רויב, מיט רויטע ציין און רויטע נעגל", און דערדאָזיקער אויסדרוק איז זייער געפעלן געווען די פאַבריקאַנטן פון מאַנטשעסטער, וועלכע פלעגן אַריינטרייבן

קלייניניקע קינדער אויף פערצן שעה אַ טאָג צו דער אַרבעט אין די שפּינערייען און די פּרויען אין די שאַכטעס. זיי האָבן געהערט די לערעס פון די געלערנטע אין די העכסטע לערן-אַנשטאַלטן און פון די גייסטלעכע אין די קירכעס, אַז דאָס איז די „צופּאַסונג צום לעבן פון די אַממיינסטן לעבנס-פּעאיקע", דער מעטאָד, דורך וועלכן די נאַטור זיכערט די פאַרבעסערונג פון דער ראַסע.

איצט אָבער גרייטן מיר זיך צום יאָרהונדערט פון קאָאָפּעראַציע, אונזערע געלערנטע קערן זיך אום צו דער נאַטור און פאָרשן אויס אירע אמתע מעטאָדן. אויב איר וועט דורכלייענען קראָפּאָטקינס „קעגנזייטיקע הילף ביי מענטשן און חיות", וועט איר דאָרט געפינען אַ פולשטענדיקע אָפּלייקענונג פון דער אַלטער בורזשואַזער ביאָלאָגיע. איר וועט דערזען די נאַטור אין אַ גאַנץ נייעם ליכט און איר וועט אַנטדעקן דעם מקור פון דער מענטשלעכער מאָראַל. קראָפּאָטקין ווייזט אויף, אַז די סאָציאַלע חיות זענען אומעטום אין דער נאַטור צאָלרייכער און דערפאָלגרייכער ווי די איינזאַמע. אויף יעדן שפּאַנער און אויף יעדן אָדלער זענען דאָ מיליאָנען מוראַשקעס און בינען און ס'איז קיין ספק נישט, אַז אין דער פּרימיטיווער וועלט האָבן זיך אויף יעדן לייב און טיגער געפונען טויזנט קאָזעס. דידאָזיקע אַלע סאָציאַלע חיות האָבן זייער אייגענעם לעבנס-שטייגער און מ'דאַרף נישט האָבן קיין סך פאַנטאַזיע, כדי אים צו פאַרגלייכן מיט די מנהגים פון פּרימיטיוון שטאַם און מיט די מאָראַלישע געזעצן פון דער פּרימיטיווער מענטשהייט. פאַרשיידענע מינים חיות פירן אַ קאַמף צווישן זיך. אָבער קיינמאָל נישט אין די ראַמען פון איין-און-דעמזעלבן מין (אַחוץ ווייניקע אויסנאַם-פאַלן). די איינציקע חיה, וואָס ברענגט אום איר גלייכן, איז דער מענטש.

אויף טויזנט ביישפּילן ווייזט קראָפּאָטקין אויף, אַז די קעגנזייטיקע הילף און די קעגנזייטיקע פאַרטיידיקונג זענען די מיטלען מיט דער הילף פון וועלכע עס ווערט דערגרייכט די העכערע אַנטוויקלונגס-פאָרמען. אינזעקטן, פויגלען, פיש, כמעט אַלע גראָזפרעסער, זויגערס און אַפילו די מערהייט פליישפרעסער העלפן און באַשיצן איינעם דעם צווייטן. ברילנדיקע מאַלפעס האָבן געקענט פאַריאָגן דעם טיגער, ווען זיי זענען

געוועזן אין אַ גרויסער צאָל. דערנאָך, ווען ביי דידאָזיקע מאַל־פּעס האָט זיך באַוויזן דער פריי־באַוועגלעכער גרויסער פינגער, פלעגן זיי אָפּברעכן צווייגן, באַפעסטיקן צו זיי שאַרפע שטיינער, אָנפאַלן אויף די טיגערס און זיי פאַרניכטן; דאָס פלעגט זיך זיי איינגעבן, ווייל זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צו זיין סאָלידאַר פּונקט אַזוי ווי די פּראָלעטאַריער פון דער גאַנצער וועלט לערנען זיך הײַנט צו זיין סאָלידאַר אין געמיינזאַמען קאַמף מיט דע קאַפּיטאַליסטישער פאַרזעעניש.

מ'פאַרזיכערט, אַז דעם מענטשן איז געלונגען צו בלייבן ביים לעבן אַ דאַנק זיין כיטרעקייט. אָבער דער ערשטער אויפּבליץ אין דאָזיקן כיטרען מאַרך איז געווען דער באַוווסטזיין, אַז דער מענטש אַלס יחיד איז די הילפלאָזסטע, שוואַכסטע באַשעפעניש. אָבער ווען ער וועט זיך פאַראייניקן מיט אַנדערע מענטשן און וועט שאַפן די נויטיקע מאָראַל, וועט ער ווערן דער הערשער איבער דער וועלט. דידאָזיקע לערע האָט נאָך די מענטשהייט נישט אויסגעלערנט ווי געהעריק, און יעדער איינצלנער מענטש פאַרשפרייט זי אויף זיין אייגענער נאַציע. דעריבער נוצט ער אויס די העכסטע קונסט און די בעסטע אינטעלעקטועלע כחות אויף אויסצואַרבעטן גיפטיקע גאַזן. און אָט מוז ער זיך מודה זיין מיט אַ ווייטאָק אין האַרצן, אַז זיינע פאָרמולעס פון די גיפטיקע גאַזן ווערן באַקאַנט אויך יענע פעלקער, וועלכע ער באַטראַכט פאַר זיינע שונאים׳ און אַזוי אַרום העלפט ער צו צוגרייטן די אייגענע פאַרניכטונג. דער מענטש האָט דערגרייכט אַזאַ שטופע, ווען זיין הערשאַפט איבער די נאַטור־כחות איז גרעסער פאַר זיין מאָראַל. זיין מעגלעכקייט צו צעשטערן דאָס לעבן איז געוואָרן מעכטיקער, ווי דער פאַרלאַנג עס אויפצוהיטן. אויף אַזאַ אופן שטייט ער פאַרן שיינעם פּנים פון דער נאַטור, ווי אַ האַלב־משוגענע באַשעפעניש, וואָס צעשטערט נישט נאָר דאָס, וואָס זי האָט אַליין באַשאַפן, נאָר אויך דאָס, וואָס די נאַטור האָט געשאַפן אין משך פון יאָרטויזנטער. אין דער היינטיקער צייט מאַטערט זיך פיינלעך דער מענטש צו באַגרייפן דעמדאָזיקן פאַקט און בעסער ווערן, דער ערשטער טריט דערצו איז די באַפרייאונג פון דער לערע, אַז

דער חילוק אין פאַקט, וואָס די נאַטור זעט אונז אויס צו זיין בלינד אין אירע האַנדלונגען; זי שאַפט מיליאָנען אייעלעך, כדי צו געבן לעבן איין לאַקס, זי שאַפט מיליאָנען לאַקסן, וועלכע ווערן אויפגעפרעסן דורך אנדערע פיש, נישט קיין ווערטפולערע, דאַכט זיך, ווי זיי. די דיכטער מעגן זיך וויפל זיי ווילן אָנקליידן די לערע וועגן עוואָלוציע אין טעאָלאָגישע בגדים און מבשר זיין דעם צוקונפטיקן „צלם אלקים, צו וועלכן עס שטרעבן אַלע באַשעפענישן", אָבער מיר מוזן אָנערקענען, אַז די נאַטור באַנוגנט זיך מיט אַ קרייז-באַוועגונג און קערט זיך אום צו איר אויסגאַנגס-פונקט. אין די טראָפּישע זומפּן פון צווייטן פעריאָד האָט די נאַטור געשאַפן אַ גאַנצע וועלט קאָמפּליצירטע באַשעפענישן, אָבער דערנאָך, אייגזעענדיק, אַז ריזיקע קערפּערס און קליינע מוחות טויגן אויפן פייער, האָט זי זיי אַלע איינגעפרוירן אין אייז-פעריאָד. און בלויז לויט די איבערגעבליבענע ביינער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן זייער עקזיסטענץ.

קיינער קען גאָרנישט פאַרשטיין וועגן דער עוואָלוציע, ביז ער וועט נישט באַגרייפן, אַז דאָס, „וואָס עס לעבט אויס דער מער צוגעפּאַסטער", באַדייט נישט אין דעם אַלגעמיין-אָנגענומענעם מענטשלעכן זין, אַז עס לעבט אויס דער בעסטער, נאָר דער, וועלכער האָט געקענט בלייבן לעבן, צופּאַסנדיק זיך צו אַ באַשטימטער סביבה, וואָס רינגלט אים אַרום. מיר באַטראַכטן אונזער היינטיקע קולטור אַלס צוגעפּאַסטע צום לעבן; ווען וועלכע נישט איז אַסטראָנאָמישע געשעענישן וואָלטן אָבער אַרויסגערופן אַ צווייטן אייז-פעריאָד, וואָלטן מיר דאַן באַגריפן, אַז צוגעפּאַסטקייט צום לעבן הענגט אָפּ פון דעם, צי מיר קענען זיך דערנערן מיט מאָך, אָדער מיט עפּעס אַנדערש, וואָס וואַקסט אונטער דער ערד ביי אַ קינסטלעך ליכט.

מיר האָבן שוין גענוג גערעדט וועגן דער נאַטור. ביי היינטיקן טאָג האָט די נאַטור — ווי מיר זאָלן זי נישט רופן, צי געטלעכע השגחה, ווי די טעאָלאָגן טוען דאָס, אָדער אַ צופעליקע צונויפזאַמלונג פון אַטאָמען, ווי די מאטעריאַליסטישע פילאָזאָפן מיינען, — געשאַפן וועזנס, וועלכע קוקן באַוווּסטזיניק אויף נאַטירלעכע פּראָצעסן, באַאָבאַכטן זיי, קריטיקירן זיי און פירן ווייטער זייער אַרבעט אויפן אייגענעם שטייגער (צי צום

ער קען דערגרייכן גליק דאַן דאַן, ווען ער מאַטערט, פּייניקט און פֿאַרניכטעט אַנדערע.

## V

## די נאַטור און דער מענטש

אויב די באַווייזן, וועלכע כ'האָב געבראַכט אין דעם פֿאָריקן קאַפּיטל, זענען ריכטיק, איז די מענטשלעכע מאָראַל נישט קיין באַשטימטע, אומפֿאַרמיידלעכע ריי געזעצן, נאָר, ווי אַלץ אויף דער וועלט — אַ רעזולטאַט פֿון דער נאַטירלעכער עוואָלוציע. איר געשיכטע לאָזט זיך פּונקט אַזוי גוט נאָכפֿאָלגן, ווי די געשיכטע פֿון די געאָלאָגישע שיכטן. די מאָראַל איז נישט געהיימניספֿול און נישט איבערנאַטירלעך, זי איז בלויז דעם מענטשנס רעאַקציע אויף דאָס אַרומיקע און באַזונדערס אויף אַנדערע מענטשן. איר אַנטשטייאונג האָט זי צו פֿאַרדאַנקען דעמזעלבן אינערלעכן אימפּולס, די פֿרייד פֿון אַנטוויקלונג, וואָס מאַכט אויס די נשמה פֿון אַלץ אויף דער וועלט.

דער מענטש איז אַ טייל און אַ באַשעפֿעניש פֿון דער וועלט, אין אַ סך עיקרדיקע האַנדלונגען זענען זיינע וועגן — נאָך אַלץ וועגן פֿון דער נאַטור, זיינע געזעצן — געזעצן פֿון דער נאַטור. עס איז אָבער פֿאָרט דאָ עפּעס אַזוינס, אין וואָס דער מענטש איז ווייט אַוועק פֿון דער נאַטור. כּדי דאָס אויפֿצוקלערן, וועלן מיר דורכפֿירן אַ פּאַראַלעל צווישן דעם מענטשן און דער נאַטור. און דאָס איז רעכט, אויב מיר וועלן נישט פֿאַרגעסן, אַז אונזער קלאַסיפֿיקאַציע איז לחלוטין נישט באַשטענדיק און נישט ענטגילטיק. מיר אונטערשיידן אַ פֿראַש פֿון אַ קאָפּעקל נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אויף אַ געוויסער שטופֿע פֿון זיין אַנטוויקלונג ווערט דער לעצטער האַלב-פֿראַש, האַלב-קאָפּעקל. מיר אונטערשיידן די וועלט פֿון חיות פֿון דער צמחים-וועלט, כאָטש די נידעריקע פֿאָרמען פֿון די ביידע קען מען נישט אָפּטיילן איינע פֿון די אַנדערע. אין וואָס-זשע באַשטייט דער אונטערשייד צווישן דעם מענטשן און דער נאַטור? קודם כּל באַשטייט

גוטן צי צום שלעכטן). צופעליק אָדער בכיון, אָבער אויף אונזער פלאַנעט האָט זיך געשאַפן אַ קאָמבינאַציע פון קלימאַט און ערד, וועלכע האָט אַרויסגערופן צום לעבן אַ נייעם העכערן לעבנס-מין, וועלכן מיר רופן אָן „שכלדיקע וועזנס”, געשאַפענע עפענען זיי די אויגן, באַמערקן די שאַפונג פון שעפער און גיבן אים אַ יישר-כח — אמת, זי איז נישט אַזוי גוט, ווי ס'וואָלט געקענט זיין — און אָט נעמען זיי דאָס באַשאַפענע דורך גאָט אין זייערע הענט, זענען ממשיך זיין אַרבעט און עפּעס-וואָס פאַרניכטן זיי, עפּעס-וואָס ענדערן זיי איינגאַנצן אום. ס'וואָלט געווען אַן אומזיסטע זאַך זיך שפּאַרן וועגן דעם, וואָס עס איז בעסער, אַ סאנעט אָדער אַ שפּין; ס'איז דאָך קלאָר: די נאַטור האָט באַשאַפן אַן אומגעהויערע צאָל שפּינען, אָבער קיינמאָל נישט קיין איין סאנעט אפילו.

צי איז מעגלעך, אַז ס'איז קיינמאָל קיין גאָט נישט געווען, איידער מיר האָבן אים אַליין נישט באַשאַפן אין זיך גופא? דעמדאָזיקן געדאַנק זאָגט אַרויס ה. ד. אועלס, און אַלע בישאָפן און די גאַנצע גייסטלעכקייט פאַלן אויף אים אַרויף מיט גרימצאָרן. שוין דריי אָדער פיר טויזנט יאָר זענען זיי מתפלל צו גאָט, זיי מיינען, אַז ער עקזיסטירט אייביק, אַז ער אַליין האָט באַשאַפן די וועלט, טאָ ווי אַזוי קען זיך דערדזיקער אפיקורס דערוועגן צו זאָגן, אַז אים קען פאַרבעסערן אַ מענטש, מיט זיינע בילקע נאַרישע קליינינקע שפּילצייגן, מיט זיינע סאנעטן און וויסנשאַפטלעכע סיסטעמען, מיט זיינע סימפאנישע קאָנצערטן און מיט די איבעריקע שוואַכע נאָכמאַכונגען לויט דער האַרמאָניע פון דער הימלישער מוזיק.

ה. ד. אועלס, — „דער שעפער”, — האָט באַשאַפן זיין בישאָף און פאַרזיכערט, אַז זיין בישאָף איז אַסך בעסער, ווי יעדער אַנדערער, וועלכן גאָט האָט געשאַפן פאַר דער ענגלישער קירכע. מיר וועלן איבערלאָזן פאַר אועלסעס בישאָף צו אַמפּערן זיך וועגן דעם מיט גאָטס בישאָפן און מיר וועלן בלויז דערמאָנען דעם לייענער, אַז בשעתו האָבן מיר אים געוואָרנט פאַר מעטאַפיזיק. מ'קען צאָלך דערווייזן. אָבער אַמפּערייען דערווייזן בלויז דאָס, אַז יעדן פון אונז איז אייגן זיין אמת, אין דער פאַרב, אין וועלכער ער געפעלט אים. ס'קען זיין, אַז ערגעץ-ווו

עקזיסטירט עפּעס מיט וואָס מ'וואָלט געקענט דערקלערן דער נאַטורס טעותן — אָבער דאָס קען נאָך אונזער גייסט נישט באַגרייפן. פון דער צווייטער זייט איז אָבער מעגלעך, אַז גראָד אין אונזער צייט באַווייזט זיך צום ערשטן מאָל אין דער וועלט באַוווּסטזיניקייט. ס'קען זיין, אַז דאָס איז בלויז אַ צופאַל, עפּעס פאַראיבערגייענדיקס, ווי אַ פרימאָרגן-נעפּל אויף די באַרג-שפּיצן. ס'קען אָבער אויך זיין, אַז אים איז באַשערט צו וואַקסן, אַנטוויקלען זיך, קוקן אויף דער גאַנצער וועלט, ווי אַן ערד-אַרבעטער קוקט אויף זיין פעלד. ס'קען זיין, אַז מיט דער צייט וועלן מיר זיך פאַראייניקן אין איין משפחה, אין איין קלוב, אין איין נאַציע, אין איין וועלט-קולטור. טאַפּנדיק אין דער פינסטער וועלן מיר זיך דערקלייבן ביז צום באַוווּסטזיין פון די אַנדערע פּלאַנעטעס, ביז צום באַוווּסטזיין פון פאַר אונז נאָך אומבאַקאַנטע באַשעפענישן אויף דידאָזיקע פּלאַנעטעס אָדער, ווער ווייס, ביז צום באַוווּסטזיין פון דער קאָסמישער נשמה, ביז צום וועלט-באַוווּסטזיין, וועלכן מיר רופן אָן גאָט.

דערווייל אָבער קענען מיר זאָגן באַשטימט בלויז איינס: דער מענטש, וועלכער איז אַמאָל באַשאַפן געוואָרן דורך דער נאַטור, ווערט אַליין אַ שעפער. ער האָט גענומען אין זיינע הענט דעם העכסטן זין פון לעבן, דיקטירט אים אַ נייעם אינהאַלט, שאַפט געזעצן פון מאָראַל און דיסציפּלינירט דאָס לעבן דורך עפּעס, וואָס ער רופט אָן עקאָנאָמיק. דערדאָזיקער פאַקט איז פאַר מיר דער באַדייטנדיקסטער, ממש אַ צויבער.

אויף וואָסער אופן האָט דער נייער אויסגעצייכנטער ווייסנשאַפטלעכער זין פון לעבן, וועלכן דער מענטש האָט געשאַפן, — אויף וואָסער אופן האָט ער איבערגעקוקט די נאַטירלעכע פּראָצעסן און אַפילו אייניקע פון זיי געענדערט? דידאָזיקע וועגן זענען אַזוי צאָלרייך, אַז עס וואָלט געווען אַ סך פּשוטער דערציילן וועגן יענע געביטן, ווו דער מענטש האָט זיי נאָך נישט אָנגעווענדט. דער היינטצייטיקער מענטש באַפרידיקט זיך שוין נישט כמעט מיט קיין איין זאַך, וואָס די נאַטור שאַפט. ער וויל זיך נישט דערנערן מיט די פרוכט, וועלכע די נאַטור שאַפט, און האָט מער ליב די, וועלכע ער שאַפט אַליין. ער באַנוגנט זיך נישט מיט דער הויט, וועלכע עס האָט אים געשאַפן די נאַטור

און אַרבעט אַליין אויף פאַר זיך פאַרשיידנאַרטיקסטע הילעס. דער נאַטורס געוווינהייט צו באַגיסן אים מיט קאַלט וואַסער געפעלט אים נישט; ער בויט זיך הייזער און שאַפט אין זיי אַ קלימאַט, וואָס באַפרידיקט אים; ער אַרבעט אויס פאַר זיך הייזער, וועלכע באַוועגן זיך איבער דער ערד, פליען אין דער לופטן און שווימען אויפן וואַסער; אויף אַזאַ אופן קען ער זיך אומעטום געפינען אין זיין קלימאַט. די נאַטור האָט געהאַט אַ געוווינהייט שנעל אומצוברענגען דאָס אַלץ, וואָס זי האָט נישט געלונגען געשאַפן; דער מענטש האָט אָבער דערפילט, אַז ער האָט אויף אַזוי ווייט ליב דאָס לעבן, אַז ער איז גרייט עס אויפצוהיטן אויך פאַר אידיאָטן, לאָמע, קרענקלעכע און בלינדע. אויב איינער פון אונזערע ווייטע אבות האָט שלעכט געזען, פלעגט ער ריזיקירן אַריינצופאַלן אין די נעגל פון טיגער, אָבער דער היינטיקער מענטש דערפינדט עפּעס אַזאַ דורכזיכטיקן שטאָף, שלייפט עס אָפּ, טוט אָן אויף דער נאָז און די קראַנקע אויגן זעען פונקט אַזוי גוט, ווי די געזונטע. דורך טויזנט וועגן האָט זיך דער מענטש באַוויזן פריי צו מאַכן פון דער נאַטורס הערשאַפט.

פונדעסטוועגן איז ער אָבער זיין מוטערס אַ קינד אַזוי פונקט ווי זי, טוט ער פריער אָפּ און ערשט דערנאָך באַגרייפט ער, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. דעריבער איז אַפילו די געבילדעטסטע מענטשן נישט אינגאַנצן קלאָר, אויף ווי שטאַרק דער אומרואיקער זון האָט געענדערט די וועגן פון זיין אַלטער מוטער דאָס איז אומגעפער דאָסזעלבע, ווי אין די פאַרשיידענע מלאכות און באַשעפטיקונגען, וואָס זייער צאָל האָט זיך אַזוי אויסטערליש-שנעל אַנטוויקלט אין אונזער צייט: דער אַרבעטער אין דער פאַפּיר-פאַבריק קען אויסאַרבעטן פאַפּיר, דער שוסטער — שטיוול, דער אָפּטיק — שלייפן גלעזער, יעדער ווייס זיין מלאכה און ווייס גאָרנישט וועגן דעם אַנדערנס אַרבעט. און אין אונזערע העכערע לערן-אַנשטאַלטן לערנט מען נאָך די פעלזן-פעסטע „נאַטור-געזעצן", וועלכע האָבן שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין פּראַקטישן לעבן. אין אַלע העכערע לערן-אַנשטאַלטן, אַ חוץ די ווינציקע, וועלכע זענען „אָנגעשטעקט" מיטן סאָציאַליסטישן געדאַנק, שטודירן די צוהערער אויפן סאַמע ערנסטן אופן מאַלטוסעס טעאָריע וועגן דעם, אַז די באַפעלקערונג רייסט זיך

פסדר צו די עקזיסטירנדיקע דערנערונגס-מיטלען, אַז אין יעדער וועלט-טייל איז תמיד אַ גרעסערע באַפעלקערונג, וויפל זי קען דערנערן, און אַזוי אַרום ווען נויט, מלחמה און הונגער קיינמאָל נישט אויפהערן: זיי זענען דאָך דעם מענטשנס צופאַסונגס-מיטלען צום אַרומיקן.

און דאָס ווערט פייערלעך דערקלערט אין דער הויך-שול, דאָרט, ווו גיין סטודענטן פון צען שטאַמען פון יענע פאַמיליעס, ווו די עלטערן ווייסן וועגן דער געבורטן-קאָנטראָל, עס ווייסן וועגן דעם אויך די סטודענטן און ווען זיי האָבן חתונה באַגרענעצן זיי זיך מיט צוויי אָדער דריי קינדער. אומזיסט וועט דער גייסט פון זייער געליבטן מלוכה-מאַן און העלד, רוזוועלט, אַרומבלאָנקען איבערן לאַנד און מבשר זיין וועגן „זעלבסטמאָרד פון דער ראַסע", זיי פאַרשילטן דערפאַר, וואָס זיי אַנטשליסן זיך ראַציאָנעל צו פאַרבעסערן די דורך מאַלטוסעס טעאָריע פראַקלאַמירטע שווערע לאַגע: דורך פסדרדיקע אַבאָרטן, מלחמות און הונגער ווערט רעגולירט די איבער-באַפעלקערונג. אומזיסט וועט בלאָנקען איבערן לאַנד דער גייסט פון זייער ליבלינג, דעם הייליקן און מאָראַליסט קאָמסטאָק, און וואַרפן אין די תפיסות די-יעניקע, וואָס האָבן אויסגעלערנט די פראָלעטאַריער-פרוי זיך באַנוצן מיט יענע מיטלען, וועלכע עס קען יעדע רייכע פרוי, וועט זיי באַשטראָפן, ווען זיי ווילן ענדערן די לאַגע (וועלכע איז אויך געשאַפן געוואָרן דורך מענטשן), צוליב וועלכער דאָס אינטעליגענטע אַנגלאָ-זאַקסישע לאַנד וועט אין דריי דורות אַרום זיך פאַרוואַנדלען אין איין גרויסע חורבה, אין וועלכער ס'וועלן זיין נאָך מער הונגעריקע איטאַליענער, פאלאקן, אונגאַרן, פאָרטוגעזער, קאַנאַדער פראַנצויזן, מעקסיקאַנער און יאַפאַנער. פונקט אַזוי לערנט מען נאָך הייַנט אין יעדער אָרטאָדאָקסאַלער העכערער שול דעם געזעץ, וועלכן די פראָפעסאָרן רופן אָן „דער געזעץ וועגן דער פאַרמינערונג פון דער ערד-פּרוכטבאַרקייט". דערדאָזיקער געזעץ זאָגט, אַז די אינטענסיווע ערד-באַאַרבעטונג פירט נישט צו אַ מער אינטענסיווער פרוכטבאַרקייט, נאָר פאַרקערט, די פרוכטבאַרקייט ווערט קלענער. דאָס איז געווען ריכטיק מיט פופציק יאָר צוריק, אָבער די פראָפעסאָרן לערנען דאָס נאָך אויך אין אונזער צייט, ווייל קיין איין פראָפעסאָר איז נאָך נישט

געקומען דער געדאַנק צו באַזוכן אַ וועלכע נישט איז פירמע. און אין דערזעלבער צייט ווערט די אינטענסיווע ערד-קולטור אָנגעווענדט שוין נישט ווייט פון די אוניווערזיטעט-שטעט מיט אַזאַ דערפאָלג, אַז דער געלערנטער געזעץ ווערט אַ שלעכ-טער וויץ.

קראָפּאָטקין באַווייזט אין זיין ווערק „פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן“, אַז דער היינטיקער גערטנער, וועלכער ווענדט אָן די אינטענסיווע קולטור האָט אין דער כעמישער רעטאָרטע געפינען אַ לחלוטין נייע גערטנעריי-וויסנשאַפט. ער איז נישט אָפּהענגיק פון קלימאַט און ער שאַפט זיין אייגענעם קלימאַט, ער איז נישט אָפּהענגיק פון די ערד-אייגנשאַפטן און קען אויסהאָדע-וועו געוויקסן אויף אַספאַלט. פאַרטאָפּלענדיק דאָס, וואָס ער לייגט אַריין אין דער ערד, באַקומט ער אַ צענפאַכן ריוח. ווען זיינע מעטאָדן וואָלטן אָנגעווענדט געוואָרן אין גאַנץ גרויס-בריטאַניע, וואָלט דערדאָזיקער קליינער אינזל געקענט דערנערן אַ גאַנצע וועלט-טייל.

מיר זעען, אַז דער מענטש קען אויף אַ פשוטן און אומ-שולדיקן וועג פאַרמינערן און פאַרמערן די באַפעלקערונג, ווי אים פאַרווילט זיך. ער קען שאַפן אַ גענוגנדיקן סכום דערנער-פּראָדוקטן, כדי צו דערנערן אַ באַפעלקערונג, וואָס זאָל זיין הונדערט און טויזנט מאָל גרעסער, ווי די איצטיקע. אָבער דער אָבערגלויבן וואַרפט אים אָן פאָטערשאַפט, און דער קאַפּיטאַליזם דיקטירט, אַז די ערד דאַרף אויסגענוצט ווערן פאַר ספעקולאַציע-צוועקן. און דאָס אַלץ קומט פאַר אונטער דער פירמע פון דער באַטור, פון יענער אַלטער, צייין-און-נעגלדיקער באַטור, וואָס איר פּרינציפּ איז געווען, אַז די, וואָס באַזיצן מאַכט דאַרפן אויסנוצן אירע פּריווילעגיעס און די, וואָס האָבן אייגנטום — עס אויפהיטן, אויב זיי קענען; פון דער באַטור, וועלכע איז כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט דורכן קולטור-מענטשן און פאַרביטן דורך עפּעס אַנדערש און וועלכע ווערט אַרויסגערופן, ווי אַ גייסט, ווי אַ סקעלעט, וואָס שטייט אויף פון קבר, אויף אָנצושרעקן די פאַר-קנעכטעטע. ווען דער רויב-גיריקער פינאַנסיסט פאָדערט פאַר זיך אַ פּוטער, כדי ער זאָל נישט פרוירן, ווען ער רופט אַ מאַסאַזשיסט, כדי צו פאַרבעסערן זיין בלוט-צירקולאַציע קימערט

ער זיך דערבײַ גאָרנישט װעגן די נאַטור־געזעצן און װענדט זײ אָן בלױז דאַן, װען אים איז נױטיק אײַנצורײדן די פּראָ־לעטאַריער, זײ זאָלן אים אױך װײַטער צאָלן צינז פֿון דעם, װאָס די נאַטור שאַפֿט.

## VI

## דער מענטש — דער מורד

אין די פּרימיטיװע צײַטן איז יעדע באַשעפֿעניש געװען פּסדר אַרומגערינגלט מיט שונאים און זי האָט זיך קײנמאָל נישט געפֿילט זיכער מיטן לעבן. אין רעזולטאַט דערפֿון האָט זיך אױס־געאַרבעט אַ לפֿי ערך פֿולקאָמענער טיפּ, װאָס זײַנע כּחות זענען כּסדר געװאַקסן. יעדע באַשעפֿעניש איז פֿאַרזאָרגט מיט די נױ־טיקע אינסטינקטן, זי האַרמאָנירט לחלוטין מיט דער אַרומיקער סביבה, זי װײסט װען־װאָס זי דאַרף אָנװענדן, און אַפֿילו מורא און װײטאַק דינען איר אַלס שוץ. אָט באַװײַזט זיך אָבער דער מענטש, ענדערט די אַרומיקע נאַטור, די האַנדלונג און די רעאַקציע.

צוערשט פֿירן אַלע ענדערונגען, װעלכע דער מענטש האָט דורכגעפֿירט, צו אײן ציל: ער זוכט אין אַלץ דעם אײגענעם נוצן, ער מײַדט אױס שטערונגען, װעלכע די נאַטור שטעלט פֿאַר אים, און ער באַמיט זיך אָפּצושטעלן דעם קאַמף פֿון די איבעריקע באַשעפֿענישן. אין דער פּרימיטיװער װעלט איז נישט געװען קײן פּעטע חיות, אין דער קולטורעלער װעלט עקזיסטירן זײ און װערן אױפֿגעפֿרעסן דורך פּעטע מענטשן. אין דער פּרימיטיװער װעלט האָט קײן אײן באַשעפֿעניש נישט געקענט לאַנג פּוסט־און־פּאַסעװען, אַלע האָבן געדאַרפֿט זײַן אױף גענײג, כּדי צו באַקומען פֿאַר זיך שפּײַז; אין דער קולטורעלער װעלט אָבער, צװינגט דער מענטש מיט זײַן הױך־אַנטװיקלטער כּיטרעקײט צו אַרבעטן פֿאַר אים נישט נאָר אַנדערע חיות, נאָר אױך אַנדערע מענטשן. אױף אַזאַ אופֿן געלינגט אים צו דעראָבערן אומצײליקע רײַכטי־מער, און ער קען נישט נאָר עסן, טרינקען און שלאָפֿן װיפֿל

ער וויל נאָר, נאָר ער שאַפט אַ גאַנצע סיסטעם; געזעצן, מאראל-כללים און רעליגיעזע דאגמאטן — אַט אין וואָס עס באַשטייט זיין אַלמעכטיקייט, ער שאַפט זיטן, מנהגים, קונסט, ליטעראַטור, וועלכע דאַרפן אונטערשטרייכן זיין העכער-שטיין איבער אַנדערע מענטשן און זיין ווילן זיי צו פאַרקנעכטן און עקספּלואַטירן. לטובת זיין הערשערישן „איך" וואַרפט ער אָפּ די אפּוטרופּסות פון דער נאַטור און ווערט דער קרבן פון-טויזנטער קאָמפּליצירטע קראַנקהייטן, טויזנטער שרעקלעכע אומנאַרמאַלקייטן פון קערפּער און גייסט. און יעדע פון דידאָזיקע קראַנקהייטן און אומ-נאַרמאַלקייטן באַזירט אויף וויסנשאַפט, וויסן און קונסט; זי ווערט אַ מיטל צום לעבן און דער גורל פון טויזנטער און אַפילו מיליאָנען מענטשן. אויף אַזאַ אופן אַנטוויקלט זיך יענער קאָלאָסאַלער בנין, וועלכן מיר רופן אַן קולטור — איין טייל זיינע איז געזונט און לעבנספעאיק, די צווייטע איז דורכ-געפוילט און אָפּגעטויט, ווי אַ שרעקלעכער געשוויר.

וואָס זשע דאַרף מען טאָן מיטן דאָזיקן געשוויר? צוערשט דאַרף מען שטעלן דעם דיאַגנאָז און פעסטשטעלן די גרויס פון געשוויר און זיין כאַראַקטער. דער מענטש דער מורד האָט אָפּגע-שטויסן פון זיך זיין מוטער-נאַטור, פאַרלוירן און פאַרגעסן די אינסטינקטן, וועלכע ער האָט געירשנט פון איר. ער האָט צעש-טערט די אַרומיקע סביבה, וואָס איז שטרענג לגבי דעם יחיד, אָבער דאָך גינציק לגבי דער ראַסע, ער האָט אויפגעבויט אויפן אָרט פון דער נאַטור פאַרוויילונגס-אַנשטאַלטן מיט ריידנדיקע אווטאָמאַטן, קינאָס, פאָנטאַנען זאָדע-וואַסער, סאַלאָנען פאַר מאַניקיר און מעבל-מאַגאַזינען פאַר „אַנשטענדיקע מענטשן".

צי דען דאַרפן מיר פאָדערן, אַז דער מענטש זאָל זיך אומקערן צו דער נאַטור, ער זאָל אויפהערן בויען שפּיטאַלן פאַר משוגעים, אויסאַרבעטן פאַר קורצזיכטיקע מענטשן ברילן און צוגרייטן פאַר קראַנקע לייכט-פאַרדייעלעכע שפּייז? עס געפינען זיך מענטשן, וועלכע פרעדיקן אַזאַ לייזונג פון דער פראַגע. צווישן אַ סך צויסטערלישע ביכער און בראָשורן, וועלכע עס קומען מיר אָן מיט דער פּאָטשט האָב איך נישט לאַנג צוריק געפונען אַן ארבעט: „דער סאָציאַלער כאַאָס און דער אויסוועג פון אים", פון ענגלענדער אַלפרעד בעקער ריד. דאָס איז אַן אינטערעסאַנט

וויסנשאַפטלעך ווערק פון דרייהונדערט זעקס-און-פערציק זייטלעך, אויף וועלכע עס ווערט פאַרזיכערט, אַז די איינציקע רעטונג פון די קולטור-בייזן וואָלט געווען דער אומקער צום אַלטן גריכישן מיטל: טויטן קינדער. תיכּף נאָכן געבורט דאַרף יעדעס קינד באַטראַכט ווערן דורך אַ דאָקטוירים-קאָנסוליום און אויב זיי געפינען אין קינד אַ וועלכן-נישט-איז פעלער אָדער אויב עס ווערט סטאַטיסטיש אויפגעוויזן ווערן, אַז אין איצטיקן מאָמענט זענען אויף דער ערד דאָ גענוג קינדער, דאַרף דאָס ניי-געבוירענע געטויט ווערן אויף אַ שמערצלאָזן אופן. מ'וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַ שפּאַס, פּונקט, ווי סוויפטס פאָרשלאָג צו דערנערן די הונגעריקע אירלענדער מיט זייערע אייגענע קינדער, אָבער נאָך אַן אויפמערקזאַמען שטודיום פון בוך, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז אַ ווערק פון אַ ערנסטן וויסנשאַפטס-מאַן, וועלכער איז בכלל נישט פעאיק צו שפּאַסן.

אויב מיר ווילן פאַרשטיין דידאַקטיקע פראַגע, וועלן מיר מוזן מודה זיין, אַז די נאַטור האָט נישט מיט איר קיין שום געמיינזאַמעס. מיר האָבן נישט קיין העזה זיך ווענדן צו דער נאַטור, ווייל טויזנטער יאָרן זענען שוין פאַריבער פון זינט מיר זענען אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט פון איר. מיר האָבן זי פאַרלאָזן אין יענעם טאָג, ווען די ערשטע מאַלפּע איז אַראָפּגעקראָכן פון בוים און פאַרפעסטיקט אויפן שפּיץ-צווייג אַ שאַרפן שטיין; מיר האָבן זיך אויף אייביק געזעגנט מיט איר, ווען דער ערשטער מענטש האָט צעלייגט דעם ערשטן פייער, כּדי זיך אָנצוואַרימען און אָפּקאָכן זיך עפּעס. דעריבער איז אומזיניק צו זאָגן, אַז עפּעס וואָס איז „אומנאַטירלעך". מיר האָבן טויזנטער פאַרשיידענע מעגלעכקייטן צו לייזן אונזערע פּראָבלעמען, אָבער צווישן זיי איז נישטאָ קיין איין נאַטירלעכע. אויף איינע פון זיינע מלחמה-קאַריקאַטורן צייכנט אונז אָן בערנספאַזער אַן ענגלישן אָפיציר, וועלכער האָט זיך אין דער אורלויב-צייט פאַרבענקט נאָך די אָקאָפּעס, און ער האָט זיך אויסגעגראָבן אין גאָרטן אַ גרוב און פאַרברענגט דאָרטן נעכט אונטערן רעגן. דאָס איז פאַר אונז קאָמיש, אָבער דאָס וואָלט אויפגעהערט אַרויסצורופן אונזער געלעכטער, ווען אַ וועלכער נישט איז רעפאָרמאַטאָר, דאָקטאָר,

מאָראַליסט אָדער געזעצגעבער וואָלט אונז פאַרגעלייגט קענען אונזערע ליידן אַ מיטל, וואָס וואָלט באמת געווען נאַטירלעך. דער קולטור-מענטש — דידאָזיקע באַשעפעניש פון וויסנשאַפט און קונסט — האָט ליב די נאַטור בלויז אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל זי איז אַן אָביעקט פאַר זיינע פאַנטאַזיעס און זיין פאַרשטאַנד. ער וויל לעבן אויפן אייגענעם שטייגער און מיט אַלע כּחות איינהאַלטן זיין הערשאַפט איבער דער נאַטור. און פונדעסט-וועגן קען ער נישט כּסדר פאַרגרעסערן זיינע קראַנקהייטן, נערן דעם געשוויר מיט זיין בלוט, ווייל זיינע אייגענע געוועבן ווערן צעשטערט. אויף וועלכן אופן דאָס זאָל נישט געשען — מוז ער אָפּציִען דעם שטראָם פון זיין ענערגיע, זיין סאָציאַלעס בלוט פון געשוויר צום געזונטן שפּראָצל. מיט איין וואָרט, דער מענטש מוז מיט זיין פאַרשטאַנד באַשליסן, וויאַזוי דאַרף אויסזען דאָס לעבן, און אויסוויילן זיין העכסטע, פאַר אים דערגרייכבאַרע פאָרם. דאַן וועט ער דורך אַ באַוווסטזיניקן אַקט אָנווענדן זיין ענערגיע אויף צו לייזן דידאָזיקע אויפגאַבע, ער וועט שאַפן נייע געזעצן, נייע כּללים פון מאָראַל און נייע זיטן, וועלכע וועלן מעגלעכער מאַכן די דערגרייכונג פון זיין אידעאַל. בלויז אויף אַזאַ אופן וועט דער מענטש זיך קענען אַן עצה געבן מיט זיין ראָל פון אַ שעפער, בלויז אויף אַזאַ אופן וועט ער קאָנען אויסנוצן זיינע פּריווילעגיעס און אויסמיידן יענע נעגאַ-טיווע אייגנשאַפטן, וועלכע זענען אַ רעזולטאַט פון זיין איבער-רייסן מיט דער נאַטור.

ס'קען זיין, מיר זאָלן איינזען, אַז אַזוי אַרום וועלן מיר זיך פּשוט אויף אַן אַנדער אופן אומקערן צו דער נאַטור. מיר קענען באַטראַכטן די נאַטור אַלס שטרענגע און אכזריותדיקע, פאַרשווענדערישע און בלינדע, אָבער זי איז פאָרט זייער קלוג; זי האָט ליב געהאַט דעם מין, זי האָט געשיצט און אָפּגעהיט דעם טיפּ. דער מענטש, וואָס איז שכּור געוואָרן פון זיין מאַכט-באַוווסטזיין האָט געשאַפן אַ פילאָזאָפיע, וועלכע ער היט אויף אונטערן נאָמען „אינדיווידואַליזם". ער לעבט און אַרבעט פאַר זיך אַליין, אים געפעלט צו טראָגן זיידענע העמדער, זיך אַרומ-טראָגן אין אויטאָמאָבילן, צושפּילען צום ברוסט באַנטן און קרייצן. אָבער אָט איז מען אים מבשר די נייע מאָראַל, פאַר וועלכער

ער דאַרף זיך אָנכאַפּן, אויב ער וויל נישט לחלוטין דעגענערירן. מ׳זאָגט אים, אַז ער דאַרף נאָכטאָן דער חכמה און דער וויט־ פּאָרויסזעעוודיקייט פון דער נאַטור, וועלכע ער פאַראַכט, און באַפעלן זיך גופא: כ׳דאַרף ליב האָבן דעם מין, באַשיצן און היטן דעם טיפּ, כ׳וועל זיך אָפּזאָגן פון אַלקאָהאָל־שכרות, ווייל דאָס שאַדט מיין נאָכוווקס, צוליב אים וועל איך זיך אויך אָפּזאָגן פון זנות. כ׳וועל שאַפן נאָכמאַכונגען פון געיעג און מלחמה, כדי צו פאַרשטאַרקן און פאַרהאַרטעווען מיין קערפּער. אַזוי ווי איך ווייס, אַז די גייסטיקע טעטיקייט שטעלט פאָר מיט זיך אַ שטיץ־פונקט פאַר דער גאַנצער קולטור־וועלט, וועל איך זיך ווען דערשלאָגן צו וויסן און וועל אים איבערגעבן אַנדערע מענטשן. אַלע מיינע כחות וועל איך אָנווענדן אויף אויסצוואָרצלען אָרעמקייט, מלחמות, פּאראזיטיזם און יעדע אַרט עקספּלואַטאַציע.

פּראָפ. וויליאַם דזשעמס האָט אָנגעשריבן אַ פּרעכטיקן עטיוד אונטערן טיטל „דער מאָראַלישער עקוויוואַלענט פון מלחמה", אין וועלכן ער פירט דורך דעם געדאַנק, אַז די מענטשהייט האָט אין אַלע צייטן ליב געהאַט מלחמה, וועלכע איז געווען דער גרעסטער אנשפּאַרנער פון אַלע אירע כחות. דער מחבר פרעגט: צי דען איז נישט מעגלעך, אַז דער מענטש זאָל אויס ליבע צום לעבן און זיינע וווּנדערלעכע מעגלעכקייטן שאַפן פאַר זיך אַליין אַ דיסציפּלין, אַ געזעץ, וועלכער זאָל באַזירן נישט אויף פאַרניכטן און עקספּלואַטירן זיינע מיטמענטשן, נאָר אויף דער געמיינזאַמער אַנטוויקלונג פון אַלע גייסטיקע און פיזישע כחות פון מענטשן. איך האָב קיינמאָל נישט געצווייפלט, אַז מ׳קען דאָס דערגרייכן. אַז דאָס איז מעגלעך און אַז דאָס וועט איינמאָל פאַרווירקלעכט ווערן האָט דערוויזן די וועלט־מלחמה, וועלכע האָט געעפנט די אויגן אַלע דענקנדיקע מענטשן אויף דעם, אַז דער פּראָגרעס פון דער היינטצייטיקער טעכניק איז אַזאַ, אַז ער וועט קענען ברענגען אונזער קולטור מער שאָדן, ווי זי איז בכלל איבערצוטראָגן.

## VII

# די שאַפונג פון אַ נייער מאָראַל

דאָס מענטשלעכע לעבן הענגט טיילווייז אָפּ פון אַ זייטיקן ווילן, וועלכער ווערט אָנגעפירט דורכן פאַרשטאַנד. דער מענטש געפינט זיך אין דער לאַגע פון אַ מאַטראָס אויף אַ שיף אינמיטן ים; ער ווייסט נישט, ווי אַזוי עס איז אויסגעבויט די שיף, ווי אַזוי זי איז דאָ אַהער אַריינגעפאַלן, ער איז נישט באַקאַנט מיט די מאַשינעס, וועלכע באַוועגן די שיף, ער קען זיך נישט באַגיין נישט מיטן רודער, נישט מיטן קאָמפּאַס. און אָט נעמט ער איבער די קאָמאַנדע איבער דער שיף און פירט זי אין דער צייט, ווען אויף דעם קאָמאַנדע-בריקל צעפלאַקערט זיך אַ ווילדע מלחמה צוליב חלוקי-דעות וועגן דעם, אין וועלכן פּאָרט די שיף זאָל גיין, לויט וועלכער מאַפּע מ'זאָל זיך ריכטן.

געוויינלעך באַמי איך זיך אויסצומיידן פאַרגלייכן, אָבער דעמדאָזיקן פאַרגלייך האָב איך געבראַכט דערפאַר, כּדי צו ווייזן, ווי אומזיכער און פאַרענדערלעך עס איז דאָס מענטשלעכע לעבן, ווי אומבארחמנותדיק און שווער עס זענען זיינע פּראַגעס. די כּללים פון מאָראַל און די מענטשלעכע געזעצן קען מען פאַרגלייכן מיט די באַפעלן, וועלכע עס גיט אָפּ אַ שטורמאַן אויף אַ שיף: NON זאָגט ער, און אויב עס הויבט זיך אָפּילו אויף ביינאַכט אַ שטאַרקער ווינט און ער ענדערט די ריכטונג פון שיף, פונדעסטוועגן וועט דער רודערער זי קירעווען לויט דעם אָנגעוויזענעם קורס. און אָט וועלן זיך די פּאַסאַזשירן אויפכאַפּן אין-דערפרי און דערזען, אַז די שיף איז אַרויף אויף אַ זאַמדבאַנק און אַלץ דערפאַר, וואָס דער שטורמאַן האָט עקשנותדיק געפאָלגט די כּללים, וועלכע זענען מיט 2 אָדער 3 טויזנט יאָר צוריק אָנגעוויזן געוואָרן אין אַן אַלטן יידישן ספר.

אויב דאָס לעבן איז אַזוי אומבאַשטענדיק, דאַרפן זיך בייטן אויך די כּללים, וועלכע באַשטימען די באַציאונגען פון די מענטשן

צווישן זיך ; אין די אייביקע פּראָבלעמ פון צופּאַסן זיך צו נייע באַדינגונגען און נייע באַדערפעניש, אויב דער מענטש האָט דאָס רעכט בייטן די ארומרינגלענדיקע סביבה, האָט ער אויך רעכט צו בייטן זיינע געצייג און זיינע מעטאָדן. דער פאַרשטאַנד דאַרף אויסוויילן אַ ריכטיקן וועג, די פליכט פון מענטשן באַשטייט אין דעם, ער זאָל יעדע קליינקייט פון זיינע געזעצן, פון די מאָראַל-כללים און זיטן צופּאַסן צו אים.

ס'איז קלאָר, אַז דידאַזיקע באַהויפּטונג געפינט זיך אין פולער סתירה צו רעליגיעזע לערעס. אויף וויפל איך ווייס איז נישטאָ קיין איין רעליגיע, וועלכע זאָל נישט לערנען, אַז אַלע מעשים פון מענטשן זענען פאָרויס באַשטימט דורך אַ העכערער מאַכט און דער מענטש איז תמיד מחויב צו געהאָרכן אירע געבאָטן. פאַרלייקענען זיי איז אַ זינד, נאָך אַ גרעסערע, ווי דאָס עובר זיין אויפן געבאָט.

און אָט וואָס עס באַקומט זיך דערפון אין דער פּראַקטיק. לאָמיר נעמען די אַזויגערופענע „עשרת הדברות". דידאָזיקע „צען געבאָטן", וועלכע זענען לויט דער מסורה איסגעהאַקט געוואָרן אין שטיין מיט אַ סך טויזנטער יאָרן צוריק, זענען גילטיק ביז אויף היינטיקן טאָג. איינער פון זיי זאָגט: „זאָלסט נישט טויטן" און ווערט אויפגענומען אין צוויי אויסטייטשונגען. ביי דער ערשטער האַלטן זיך די קוואַקערס, ביי דער צווייטער — די מיטגלידער פון גענעראַל-שטאַב, וועלכע פאַרזיכערן, אַז מ'מעג טויטן אַ מענטשן, אויב ער טראָגט אַ באַשטימטע פאָרמע, וועלכע זאָגט, אַז ער איז אַ מערדער. מיט אַנדערע ווערטער: זיי פאַרטיידיקן דאָס רעכט צו פירן מלחמה און ווען עס קומט צו מעשים — טויטן זיי מענטשן נישט נאָר מיט די אַלטע מיטלען: מיט שווערד און קוילן, נאָר אויך מיטן היינטצייטיקן כלי-זין: מיט גיפטיקע גאַזן, וועלכע טויטן סיי פרויען, סיי קינדער, און פאַרוויסטן גאַנצע שטעט.

פאַרשטייט זיך, דאָס רעכט צו טויטן בלייבט אויך דאַן, ווען דער מאָרד קומט פאָר דורך אַ תלין, וואָס גייט אָנגעטאָן אין שוואַרצן און אַמאָל נאָך אין אַ ווייסן פאַרוק. דעם מענטשן טוט מען אָן אין שוואַרצן, מ'לייגט אים אַרויף אויפן קאָפּ אַ ווייסן פאַרוק, און דערדאָזיקער מענטש באַקומט דאָס רעכט צו רעגוּלירן

און ענדערן גאָטס געבאָט." און דאָס באַטייט די געזעצן פֿון גאָט זענען אונטערגעוואָרפֿן דער קריטיק פֿון מענטשלעכן שכל. אויב אַ וועלכער נישט איז רעליגיעזער פֿאַנאַטיקער איז נישט מסכּים מיטן געענדערטן געזעץ, שטעמפּלט מען אים מיטן שרעקלעכן נאָמען „פּאַציפֿיסט", אויב אָבער ער טרעט אַרויס קעגן אים אָפֿן, פֿאַרשפּאַרט מען אים אויף אַ צען-צוואַנציק יאָר אין תּפֿיסה — מיט אַנדערע ווערטער, מ'טויט אים ביסלעכווייז דורך שלעכטער דערנערונג און טובערקולאָז. זאָגט ער זיך אָבער אָפּ אָנצוטאָן די באַשטימטע פֿאָרמע פֿון אַ מערדער, באַצייכנט מען אים מיט .C. O (דער וואָס זאָגט זיך אָפּ פֿון מיליטער־דינסט צוליב רעליגיעזע איבערצייגונגען, מ'פּייניקט אים, מ'הורגט אים און ס'קען זיין, אַז „מ'הײלט" אים אַפֿילו מיט וואַסער.

אָדער דער צווייטער געבאָט: „זאָלסט נישט גלוסטן דיין חברס ווייב". מיר ווייסן אויסגעצייכנט, אַז עס עקזיסטירן אומגליקלעכע חתונה-געהאַטע, וועלכע וואָלטן זיך גערן געגט אין אין וועלכע דער געזעץ שטויסט אויפֿן וועג פֿון חתונה־אומטריישאַפֿט. און אָט זענען זיך צונויפֿגעקומען אונזערע חכמים, האָבן רעווידירט דעם געבאָט און באַשלאָסן, אַז ווען אַ מאַן קומט זיך צונויף מיטן ווייב פֿון אַ צווייטן מיט דער דערלויבעניש פֿון ריכטער, דאַן הייסט עס נישט קיין זנות. אמת, אַלע רעליגיעזע מענטשן לייקענען, אַז אַ מענטש זאָל האָבן אַזאַ אייגענע געזעצן און דערקלערט, אַז די אַלע, וועלכע האָבן זיך געגט און ווידער חתונה געהאַט, לעבן אין קאָנקובינאַט און באַגייען דערמיט אַ טויט-זינד. די יעפּיסקאָפּישע קירכע גייט נישט אַזוי ווייט און דערלויבט דעם צד, וואָס איז נישט שולדיק אין גט, ווידער חתונה האָבן. די איבעריקע קירכעס האַלטן זיך ביי די וועלטלעכע געזעצן. אַזוי אַרום איז קלאָר, אַז דידאָזיקע אַלע גרופּעס ווענדן אָן ביי לייזן די פֿראַגע וועגן זנות מיט אַ אשת־איש די מאָס פֿון פֿאַרשטאַנד.

און ענדלעך, נאָך אַ געבאָט: „זאָלסט נישט גנבענען". אָט דאָ, דאַכט זיך, קען שוין נישט זיין קיין חלוקי-דעות אין דער אויסטייטשונג פֿון געבאָט! אָבער זיי ווייזן זיך אַרויס אויך דאָ, ווייל אויך דאָ מוזן מיר דאָך פֿעסטשטעלן פֿאַר אַ מענטש-

לעכן געריכט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס „גנבענען", צי איז דאָס אַ גנבה, ווען מ'רייסט זיך אַריין אין אַ לאַנד, מ'טויט זיינע איינוווינער, מ'פאַרכאַפּט די ערד און מ'גיט עס איבער דעם אייגענעם אָפשטאַם? פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז גנבה, ענטפערט מען אונז; אָבער, — גיבן צו די, וואָס ענטפערן, — דאָס איז נישט קיין גנבה, אויב דאָס איז געשען מיט אַ סך יאָרן צוריק, און די רעזולטאַטן דערפון ווערן אַזויאַרום אָפגעהיט דורכן געזעץ, דאָס איז נישט קיין גנבה אויך דאַן, אויב דאָס ווערט געטאָן דורך דער מלוכה, דורך מענטשן, וועלכע האָבן פריער אָנגעטאָן די פאָרמע פון מערדערס, איידער זיי זענען צוגעטראָטן דאָס אויסצופירן.

צי איז נישט קיין גנבה איינצוהאַלטן ערד צוליב ספעקולאַציע-צוועקן דאַן, ווען אַנדערע שטאַרבן פון הונגער, ווייל זיי פעלט ערד, וועלכע זיי וואָלטן געקענט באַאַרבעטן? אייניקע פון אונז, וועלכע ווערן מיט גרינגשעצונג אָנגערופן „ראַדיקאַלן", האַלטן דאָס פאַר אַ גנבה. און ווען מיר אַנטשליסן זיך צו ריידן הויך וועגן דעם, אַז מ'וואָלט געדאַרפט נישט דערלאָזן צו אַזאַ רויב, פאַרמשפט מען אונז אויף אַ פאַמעלעכן טויט דורך שלעכטער דערנערונג און טובערקולאָז.

צי איז דאָס גנבה, ווען אַ קרבן פון אונזער אָרדנונג נעמט אַ שטיק ברויט, כדי צו ראַטעווען פון טויט זיין הונגעריק קינד? דער געזעץ רופט דאָס אָן גנבה און פאַרשפאַרט דעם הונגעריקן אין תפיסה, אָבער קעגן דעם פראָטעסטירט דאָך דער געזונטער מענטשנפאַרשטאַנד, און פון אַ סך בכבודע אַמעריקאַנער האָב איך געהערט די „ראַדיקאַלע" מיינונג, אַז אויך זיי וואָלטן אין אַ ענלעכן פאַל געהאַנדלט פונקט אַזוי, ווי דער גנב פון ברויט.

מ'וואָלט געקענט ברענגען אַן אומציילקע צאָל ביישפילן, אָבער מיר האָבן זיי שוין גענוג, כדי צו דערווייזן, אַז עס איז לחלוטין זינלאָז אָנצווענדן „געטלעכע" כללים צו די מענטשלעכע באַציאונגען. נישט געקוקט אויף אַלע אידייען און פאַרלאַנגען, וועלכע דער מענטש כאָליעט, איז ער יעדע שעה פון זיין לעבן געצוווּנגען צו לייזן אַלע פראַגעס מיט זיין פאַרשטאַנד און ער קען נישט אויסמיידן קיין אַנטשלוסן און אורטיילן. ער קען באַשליסן ריכטיק און נישט-ריכטיק. אויב ער באַשליסט נישט-ריכטיק,

מאַכט ער דורכדעם אומגליקלעך זיך אַליין און די אַרומיקע. דעריבער איז זייער וויכטיק צו באַגרייפן די גאַנצע מאָראַלישע און גייסטיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געניי אויסצושטודירן דאָס לעבן, דאָס אַרומיקע און אַלע באַדינגונגען, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט גיך און אַנטשלאָסן צו אורטיילן וועגן אַלץ.

„אָבער", וועט אָפּפרעגן אַ רעליגיעזער מענטש, „דאָס לאָזט איבער די מענטשהייט אָן אַ פירער און אַ אויטאָריטעט. ווי אַזוי קען אורטיילן אַ מענטש, וויאַזוי קען ער זיך ריכטיק באַציען צו אַנדערע, אויב עס וועלן נישט זיין קיין געזעצן און אייביקע מאָראַל-כללים?"

די עוואָלוציע פון דער מאָראַל באַדייט דאָך אָבער נישט, אַז עס וועלן נישט זיין קיין געזעצן און פּרינציפּן, גילטיקע אויף אַ לענגערער צייט. אַ סך פון די לעבנס-האַנדלונגען זענען פולקאָם פעסטגעשטעלט נישט נאָר פאַר מיין און דיין לעבן, נאָר אויך פאַרן לעבן פון אַ סך דורות. אין אונזערע טעג זענען מיר עדות, ווי עס ווערט פאַרווירקלעכט די אַלטע יידישע נביאות: די זינד פון די עלטערן וועלן פאַלן אויף די קינדערס קעפּ, און דעריבער קענען מיר אויסוויילן דעם לעבנס-שטייגער, וועלכער באַזירט אויפן געדאַנק וועגן דעם, אַז די פליכט פון יעדן פאָטער איז אָפּצושטעלן די קינדער בירושה אַ געזונטן גייסט אין אַ געזונטן קערפּער. שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט די קאַטוילישע קירך אַריינגעטראָגן אין דער רשימה פון די טויט-זינד פרעסעריי; אין דער הייַנטיקער צייט האָט די וויסנשאַפט מיט דער הילף פון נייע אויספאָרשונגען פעסטגעשטעלט די רעזולטאַטן פון פרעסעריי: זעלבסטפאַרגיפטונג און סקלעראָז; אַזויאַרום איז גאַנץ דערלאָזבאַר, אַז די לוחות פון דער מענטשהייט-מאָראַל זאָלן אויף שטענדיק איבערלאָזן די פרעסעריי אין דער רשימה פון די טויט-זינד. נאָך מער, די וויסנשאַפט שטעלט פעסט כמעט דיזעלבע פאָלגן סיי פון פרעסעריי, סיי פון שכרות, און אַפילו פון אַ אומבאַדייטנדיקער אַלקאָהאָל-באַנוצונג, כאָטש דאָס לעצטע איז נישט נאָר אַ טוגנט פון אַלטן טעסטאַמענט, נאָר אויך אַן אַלט-טעסטאַמענטלעכער ריטואַל.

ווען איך זאָג, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן האָט זיך

ענדערט, אַז נייע אַנטדעקטע כּחות פּאָ־ דערן די שאַפונג פון נייע געזעצן און נייע מאָראַל־כּללים, זע־ איך איין אין דעם אַזאַ פּשוטן אמת, אַז פאַרשרייבן אים — הייסט אומזיסט אויסברענגען פּאַפּיר און טינט. דער מענטש האָט אויסגעבויט אַן אויטאָמאָביל, ער האָט זיך צוזאַמענגעפּרעסט אין שטעט און ער דאַרף דעריבער אויפשטעלן נייע כּללים פאַר דער באַוועגונג. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, איז נאָך קיין איין רעליגיעזן ענטוזיאַסט נישט געקומען אויפן געדאַנק צו רעדן אַקעגן דער צוועקמעסיקייט און דערלאָזבאַרקייט פון כּלל „זיך האַלטן ביי דער לינקער זייט” אויף בראָדוויי און דער צוויי־ און־פערציקסטער גאַס פינף אַ זייגער נאָכמיטאָק. אָבער די היינט־ צייטיקע קולטור האָט איינגעשטעלט אויך נייע עקאָנאָמישע פאַקטן, נישט ווינציקער אומגעוויינלעכע, ווי דאָס איז אַמאָל געווען דער אויטאָמאָביל, זי האָט געשאַפן פאַר דער מענטשהייט נייע באַדערפענישן און נייע באַפרידיקונגען, נייע פאַרברעכנס און נייע טוגנטן, און נישט געקוקט אויף דעם, וויל נאָך די מערהייט מענטשהייט פּנים אל פּנים מיט דידאָזיקע נייע פאַקטן זיך ריכטן לויט די אַלטע געזעצן, וועלכע האָבן פּונקט אַזוי ווינציק גע־ מיינזאַמעס מיט די באַדינגונגען פון היינטצייטיקן לעבן, ווי מיט די געשעענישן אויפן מאַרס.

כ׳קען אַ דאַמע, וועלכע באַמיט זיך צו לייזן אַלע פראַגעס פון איר אייגן לעבן, פון לעבן פון אירע קינדער און אייניק־ לעך אויפן גרונד פון שפּריכווערטלעך, וועלכע זי לייענט אַרויס, מערסטנטיילס סתם אין דער וועלט אַריין, פון אַ אַלטן יידישן ספר. זי געפינט דאָרטן ווערטער, וועלכע האָבן לויט איר מיי־ נונג אַ דירעקטע שייכות צו דידאָזיקע פראַגעס, און זי פאַר־ מאַכט אירע פרומע אויגן פאַרן פאַקט, וואָס די אַנדערע „טעקסטן” פון זעלבן ספר שטייען אין דער שאַרפסטער סתירה צו די ערשטע. אויב מ׳הויבט אָן צו רעדן מיט איר וועגן סאָציאַליזם, ענטפערט זי: „אָרעמע וועלן זיך תמיד געפינען צווישן אונז”, און דערמיט וויל זי זאָגן, אַז יעדער פּרווו צו פאַרניכטן די אָרעמקייט אויף דער ערד איז אַן אַריינמישונג אין די ענינים פון דער השגחה. און אין דערזעלבער צייט איז דידאָזיקע דאַמע תמיד גרייט צו העלפן די נויטליידנדיקע און זי באַטראַכט דאָס

פֿאַר איר חוב, נאָכמער, זי טראַכט זיכער, אַז אָרעמע מענטשן עקזיסטירן אויף דער וועלט צוליב דעם, כּדי זי זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו טאָן גוטע זאַכן, ס'קען זיך דוכטן, אַז דער אויסדרוק „זשאַלעווע נישט דיין רוט" איז אַזוי קלאָר, אַז ער קען נישט צולאָזן קיין צוויי אויסטייטשונגען. און פֿונדעסטוועגן דרייט אים די דאָזיקע פֿרוי אַזוי אום, אַז גאָט פֿאַרווערט פֿיזיש צו באַשטראָפֿן קינדער און פֿאָדערט, מ'זאָל זיי נאָכגעבן. אַ האַלבן מענטשלעכן לעבן האָט זי זיך היילִיק געהאַלטן ביים דאָזיקן שפּריכוואָרט, ביז עמיץ האָט איר נישט איבערצייגט, אַז די דאָזיקע מימרא איז גאָרנישט געקומען פֿון דער ביבל, נאָר פֿון אַן אַלטן ענגלישן געדיכט וועגן גודבראַס.

# VIII

# די טוגנט פֿון מעסיקייט

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָב איך געקענט איינעם אַ באַגייסטערטן אָנהענגער פֿון אַגראַר-רעפֿאָרמען, וועלכער איז געווען אַנציקט פֿון מיין אופֿן צו אַמפּערן זיך, ווייל איך האָב, ווי ער האָט געזאָגט, נישט געהאַט קיין שום פּרינציפּן. מיר האָבן זיך געשפּאַרט, צום ביישפּיל, וועגן צאָל-טאַריף. איך האָב געוואָלט נעמען ברענגען סטאַטיסטישע ידיעות, אָבער פּלוצלונג האָב איך זיך פֿאַרשעמטערהייד דערוווּסט, אַז מיין פֿריינט האַלט דעם צאָל-טאַריף פֿאַר אַ רויב-אָנפֿאַל, וועלכן די רעגירונג פֿירט דורך. די רעגירונג האָט דאָס רעכט אַרויפֿצולייגן שטייערן אויף דער ערד, וועלכע איז אַ שאַפֿונג פֿון דער נאַטור, זי טאַרף אָבער נישט אַרויפֿלייגן שטייערן אויף סחורות, וועלכע זענען אַ רעזולטאַט פֿון מענטשלעכער אַרבעט; אויב זי האַלט איין פֿאַר זיך אַ טייל פֿון די אַריינגעפֿירטע סחורות, האַנדלט זי, ווי אַ רויבער. און עס האָט אים, פֿאַרשטייט זיך, געערגערט, ווען מ'האָט אים אויפֿגעוויזן, אַז אַזעלכע מיטלען קענען ברענגען נוצן ביים אַנטוויקלען די זעלבשטענדיקייט פֿון נאָך ניש-

געשטאַרקטע מלוכות און דינען אַלס שטיצע פאַר זייער אינדוסטר•
אָבער שפּעטער, ווען די מלוכות וועלן שטאַרק ווערן, ווען
זייער אינדוסטרי וועט ווערן אויף אַזוי ווייט מעכטיק, אַז זי
וועט קענען ווירקן אויף דער רעגירונג, דאַן וועט פאַרן לאַנד
זיין נוצלעך צו צווינגען די אייגענע אינדוסטרי צו קאָנקורירן
מיט אויסלאַנד, אויפן דאָזיקן וועג אָפּשוואַכן איר ווירקונג, ביז
עס וועט נישט אָנקומען דער מאָמענט אויף צו סאָציאַליזירן זי.
דער לייענער, וועלכער האָט צו געפינען אין דאָזיקן בוך
פעסטע לעבנס-כללים, וועט זיין אַנטוישט. ס'וואָלט געווען זייער
באַקוועם, ווען עמיצער וואָלט אונז אויסגעלערנט כללים, וואָס
זאָלן אַראָפּנעמען פון אונזערע פּלייצעס די גאַנצע שווערקייט
פון דער אחריות פאַר אונזער לעבן. ס'קען זיין, אַז עס זענען דאָ
אַזעלכע שוואַכע מענטשן, וועלכע נויטיקן זיך אין אַזעלכע לעבנס-
רעצעפּטן, אָבער איך שרייב נישט פאַר זיי. איך שרייב פאַר
דערוואַקסענע, פאַר מענטשן, וועלכע האָבן דעם באַוווּסטזיין פון
זייער אחריות, און כ'פאַרגעס נישט, אַז יעדער אינדיווידואום
שטעלט פאַר אַליין פאַר זיך אַ קאָמפּליצירטע פּראָבלעם און האָט
זיינע באַזונדערע באַדערפענישן און זיין פליכט. עס עקזיסטירן, פאַרשטייט
זיך, אַ סך כללים, וועלכע מ'קען כמעט תמיד אָנווענדן, איך וועל
זיך אָבער נישט אַנטשליסן צו זאָגן, אַז אָט דעם און דעם כלל
וועל איך אָנווענדן שטענדיק. ביז איצט האָב איך ערלעך געפאָלגט
דעם געבאָט פון „זאָלסט נישט טויטן”, אָבער טראַכטנדיק אַביסל
מער, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט דער מעגלעכקייט פון אַ סך
פאַלן, ווען איך וואָלט געטויט. כ'געדענק, כ'האָב אַמאָל גערעדט
אויף דערדאָזיקער טעמע מיט מיינעם אַ פריינט אַ פּאַציפיסט,
אַן אָנהענגער פון נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטס.
כ'האָב אים דערמאָנט, אַז מענטשן גייען אַמאָל אַראָפּ פון זינען,
כאַפּן העק און טויטן אַלעמען, ווער עס טרעפט זיך זיי אונטער
דער האַנט. וואָס וואָלט געטאָן מיין פריינט, ווען אַזאַ משוגענער
וואָלט זיך פאַרמאָסטן מיט דער האַק איבער זיינע אייגענע
קינדער? זיינע אָפּווענדונגען, אַז ער וועט זיך קענען אַן עצה
געבן מיט אַנדערע מיטלען, האָבן צו גאָרנישט נישט געפירט,
און ער האָט זיך געמוזט מודה זיין, אַז ווען ער זאָל דאַרפן
אויסקלייבן צווישן דעם לעבן פון משוגענעם און דעם לעבן

זיינע קינדער, וואָלט ער אים געטויט. אַזעלכע פֿאַלן טרעפֿן זיך אין לעבן, און נישטאָ קיין כּלל, וועלכער זאָל נישט נוציק האָבן קיין יוצא-מן-הכּלל. אַ נאַרישער שפּריכוואָרט זאָגט, אַז „יוצא-מן-הכּללס באַשטעטיקן דעם כּלל", אָבער מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ נישט־ריכטיקער איבערזעצונג פֿון לאַטייניש וואָרט „פּראָבאַט", וואָס באַדייט נישט „באַשטעטיקט" נאָר „פּרוּווט אויס".

דער איינציקער כּלל, וועלכער איז נוצלעך אין אונזער לעבנס-טאָג-טעגלעכקייט איז אַזוי פּשוט, אַז יעדער קען אים אויספֿירן. נעמט, למשל, די אַלטע אויסגעפּרוּווטע טוגנט פֿון שפּאָרזאַמקייט. אין דער צייט פֿון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ דאַרף יעדער עפּעס אָפּלייגן אויף „אַ שלעכטן טאָג". ווען מיר זאָלן לעבן אין אַ צושטאַנד פֿון פֿולער עקאָנאָמישער זיכערקייט, ווען יעדער זאָל באַקומען דאָס, וואָס אים קומט פֿאַר דער אָפּגעטו־ענער אַרבעט, ווען מ'זאָל זיך זאָרגן פֿאַר אַלטע און קראַנקע, — ווי נאַריש עס וואָלט דאַן אויסגעזען אַ מענטש, וועלכער זאַמלט אומנויטיקע רייכטימער! עס וואָלט געווען קאָמיש, פּונקט ווי יענער, וועלכער וואָלט זיך דורכגעפּאָרן איבער די גאַסן פֿון אַ היינטצייטיקער שטאָט אין מיטל-אַלטערלעכע מלחמה־מלבושים.

איך שטעל זיך אָפּ אַזוי לאַנג אויף די פּראַגעס פֿון אַן אומבאַדינגטער, נישט-ענדערלעכער מאָראַל דערפֿאַר, ווייל זי שטעלט פֿאָר מיט זיך איינע פֿון די שווערסטע משׂאוֹת, וועלכע ליגן אויף די פּלייצעס פֿון דער מענטשהייט. די געשיכטע פֿון דער מענטשהייט איז אָפּשטויסנדיק נישט נאָר צוליב דעם שפּעדיק־פֿאַרגאָסענעם בלוט אין שחיטות, נאָר אויך צוליב איר זינלאָזן פֿאַנאַטיזם. אומעטום, ווו עס פֿאַרפֿעסטיקט זיך דער מענטשלעכער גייסט, ווו ער פּרובירט זיך צו באַפֿרייען פֿון דער בלינדער ח־השער גיריקייט, דאָרט שטעלט ער אויף פֿאַרגליווערטע כּללים און פֿירט זיי דורך אין לעבן, נישט קימערנדיק זיך לגמרי וועגן יענע רעזולטאַטן, וועלכע זיי קענען האָבן אויפֿן גאַנצן לעבן. דערמאָנט זיך נאָר, למשל, די הערשאַפֿט פֿון די פּורי־טאַנער אין ענגלאַנד. די פּוריטאַנער האָבן פֿאַרהערלעכט דעם וויסן, און פֿאַר זיך אַליין וואלט דאָס געווען גוט, אויב עס וואָלטן זיי נישט געטויט געוואָרן אַלע שטרעבונגען פֿון מענטשן צום

שײנעם. מאַקאָלעי האָט אין אײן פראַזע אַרײַנגעשלאָסן דעם גאַנצן תוך פון דער פּוריטאַנישער אידעאָלאָגיע, זאָגנדיק, אַז בערן־קאַמפן זענען דורך זײ פאַרבאָטן געװאָרן נישט צוליב זײער אכזריות לגבי די בערן, נאָר כּדי אָפּצונעמען בײ די צוקוקער דעם פאַרגעניגן, װעלכן דידאָזיקע קאַמפן האָבן זײ פאַרשאַפט. דער רעזולטאַט פון אַזעלכע מיטלען, װעלכע האָבן אײַנגעשלאָסן ענגלאַנד אין אַ צװאַנגס־העמדל פון געזעץ, איז געװען אַ פולע רעאַקציע אונטער דער הערשאַפט פון די „קאַװאַלירן"[1], װען עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט װילדע אָרגיעס, און דאָס לעבן איז געװאָרן אױסגעלאַסענער װי פריער.

דאָס איז שװער, אָבער נױטװענדיק צו זאָגן: נישטאָ אַזאַ טוגנט, װעלכע זאָל זיך בײ געװיסע באַדינגונגען נישט פאַרװאַנדלען אין אַ פעלער. נאָכמער, מ'קען זאָגן, אַז די מער־הײט פעלערן זענען בלױז פאַרקריפּלטע טוגנטן. די אַזױ־גערופענע נאַטירלעכע פעלערן זענען נישט מער װי ביז צום עקסטרעם דערפירטע נאַטירלעכע נײגונגען, די אומנאַטירלעכע פעלערן זענען דער רעזולטאַט פון אונטערדריקן און פאַרקריפּלען נאַטירלעכע נײגונגען. די גריכן האָבן געקענט די העכסטע טוגנט, װעלכע זײ האָבן באַצײכנט מיטן װאָרט „סאָפראָזיונע". דאָס איז זײער אַ גוט װאָרט און עס באַדײט — מעסיקײט. װאָס װײטער עס גרײכן אונזערע באַאָבאַכטונגען, אַלץ קלאָרער װערט פאַר אונז, אַז דאָס לעבן איז אַ רײ קאָמפּראָמיסן צװישן פאַרשײדענע באַדערפענישן, פאַרלאַנגען און התחײבותן; דער פאַרשטאַנד — דאָס איז אַ קלוגער און געדולדיקער ריכטער, װעלכער װײזט אָן יעדערן פון זײ זײַנע גרעניצן און פאַרװערט אײנעם עקסטרעמען, װעלכע קענען שאָדן ברענגען דעם אַנדערן. אָט אין דעם באַשטײט די גאַנצע מאָראַל, און זי לעבט זיך נישט אײן מיט אַ פעסט־אײַנגעשטעלטן כּלל, אַלץ־אײנס, צי אַ מענטשלעכן אָדער אַ געטלעכן.

אַ פעסט־אײַנגעשטעלטער כּלל פון מאָראַל — דאָס איז אַן איבערבלײַבעניש פון די לאַנג־פאַרשװוּנדענע צײַטן פון אינסטינקט און קנעכטשאַפט. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט זיך אַנטװיקלט זײער פאַמעלעך און ס'קען זײַן, אַז עס זענען נאָך דאָ

1) די אָנהענגער פון די סטיואַרטס.

ווינציק אַזעלכע מענטשן, וועלכע וואָלטן אַליין געקענט שמידן זייער גורל, ס׳קען זיין, אַז ס׳איז באמת געפערלעך צו טראַכטן זעלבשטענדיק. אויב מיר וועלן זיך אויפמערקזאַמער פאַנאַנדער-קלייבן אין דערדאָזיקער פראַגע, וועלן מיר זען, אַז די סכנה איז ווינציקער קליין פאַר אונז, ווי פאַר אַנדערע. איינע פון די מיאוסטע געוווינהייטן, וועלכע דער מענטש האָט אויפגעהיט אין זיך פון די אומגעדענקלעכע צייטן, דאָס איז די עקספּלואַטאַציע פון זיין מיטמענטשן. און כּדי צו זיכערן פאַר זיך די רעכט אויף דערדאָזיקער עקספּלואַטאַציע, האָבן די הערשנדיקע קלאַסן, די גייסטלעכע, די קיסרים, די אַריסטאָקראַטן און אונטערנעמער באַהערשט די מאָראַל און זי צוגעפּאַסט צו זייערע אינטערעסן. זיי האָבן געלערנט די קנעכטישע טוגנטן פון לייכטגלויביקייט און אונטערטעניקייט. זיי האָבן זיי איינגעשלאָסן אין אַלע שרעקן פון דעם איבערנאַטירלעכן און געדראָט די מורדים נישט נאָר מיט ערדישער, נאָר מיט אייביקער שטראָף, נישט נאָר מיט תּפיסה און עשאַפּאַט, נאָר אויך מיט גיהנומשן פייער.

איך וועל נישט אַריינפאַלן אין אַ עקסטרעם און פאַרזיכערן, אַז אַזוי זעען אויס אַלע כּללים פון מאָראַל, וועלכע מ׳לערנט ביי היינטיקער צייט. אין דער אמתן שטעלן זיי פאַר מיט זיך אַ שרעקלעכן געמיש פוןביידע עלעמענטן, דעם קנעכטישן שרעק פון דער פאַרגאַנגענהייט און דעם געזונטן מענטשנפאַרשטאַנד פון דער קעגנוואַרט. ביי היינטיקער צייט עקזיסטירט נישט קיין איינהייטלעך געזעץ פון מאָראַל. איינער איז פאַר די רייכע און אַ גאַנץ אַנדערער — פאַר די אָרעמע, און די רייכע נעמען אַ סך אַ גרעסערן אָנטייל אין שאַפן די מאָראַלישע געזעצן פאַר די אָרעמע, ווי פאַרקערט. עס עקזיסטירט אַ ספּעציעלער געזעץ פאַר רעגירונגען, און אַ צווייטער פאַר קרבנות, איינער פאַר האַנדלס-מענטשן און אַ צווייטער, אַ סך אַ מענטשלעכערער און אָנ-שטענדיקערער, פאַר פריינט. אָבער קודם-כּל עקזיסטירט אַ געזעץ פאַר זונטיק און אַ צווייטער פאַר וואָכנטעג. מיר לאָזן איבער אונזער אידעאַליזם און אַלע שיינע געפילן אויף זונטיק, אין די וואָכנטעג אָבער ריכטן מיר זיך מיט די פּרינציפּן פון די דזשונגלעס: הונט, פרעס אויף דעם הונט און טו די אַנדערע דאָס, וואָס די דערוואַרסט פון זיי, אָבער טו דאָס דער ערשטער.

פּרובּיר פאַרלייגן אונזערע אויטאָריטעטן אַ נייע מאָראַל, וועלן זיי דיך פאַרטומלען מיט די ווערטער פון דער שיינער זונטיק־דיקער מאָראַל און זיי וועלן דיך שיר נישט אַריינפירן אין אַ טעות דורך איר, אָבער מאָנטיק אינדערפרי, אין דער קאַנצעלאַריע אָדער אין דער פאַבריק, ווען דו וועסט פּרובירן אָנווענדן דידאָ־זיקע ווערטער אין לעבן, וועלן די מענטשן אַ קוק טאָן אויף דיר מיט פאַרוווּנדערונג אָדער זיי וועלן דיך אויסלאַכן גלייך אין פּנים.

כ׳וועל דאָ פּרובירן אָנוואַרפן אין אַלגעמיינע שטריכן דעם נייעם געזעץ, וועלכער דאַרף נישט בלייבן קיין פראַזע, נאָר זיך פאַרווירקלעכן אין לעבן. ער דאַרף זיין גילטיק פאַר אַלעמען, פאַר אָרעמע און רייכע, און נישט נאָר אין די זונטיקן, נאָר אויך אין די אַנדערע טעג פון אינדערוואָכן. כ׳וועל אייך אַפילו נישט געבן קיין מאָראַלישן געזעץ, נאָר בלויז ווייזן, ווי אַזוי איר קענט זיך אויסאַרבעטן אייער אייגענעם געזעץ.

אויב איר ווילט זיין גליקלעך אין דאָזיקן לעבן, טאָ גלויבט נישט אין קיין שום אַבסאָלוטעס, אין קיין שום פעסט־איינגעשטעלטע כּללים, אין קיין שום פאָרמולעס. דאָגמעס, און אויך נישט אין קיין אַלגעמיינע פּרינציפּן. זאָל אייער גייסט זיין אָפן, און פאַרלירט קיינמאָל נישט די געדולד. באַמיט זיך יעדן טאָג זיך אויסצולערנען עפּעס נייעס. דאָס איז אַ וויסנשאַפטלעכע באַציאונג צום לעבן, אַ וועג צו אַנטוויקלונג און דערפאָלג. מעגלעך, אַז דאָס איז אַ שווערער וועג, — ער פאָדערט דאָך גייסטיקע אַרבעט, און דאָס האָבן זיך נישט געלערנט צו פיל מענטשן, און זיי געפינען איין, אַז דאָס איז די שווערסטע אַרבעט. ס׳איז אָבער אַ סך בעסער צו טראַכטן זעלבשטענדיק פאַר זיך אַליין, אָפּהיטן און פאַרטיידיקן זיך אַליין, איידער באַפּולמעכטיקן צו טראַכטן פאַר זיך אַנדערע מענטשן, וועלכע האַלטן בלויז אין איין טראַכטן, וויאַזוי אייך אויסצונוצן פאַר דער אייגענער טובה וועגן.

IX

## דער אויסוואַל פון לעבנס-וועג

די אַנטוויקלונג קען זײַן אַ פּראָגרעסיווע און אַ רעגרעסיווע. ס'איז קיין שום גאַראַנטיע נישטאָ, אַז עפּעס פאַרבעסערט זיך בלויז דערפאַר, ווייל עס ענדערט זיך. פאַרקערט, דעגענעראַציע איז פונקט אַזאַ זיכערער פאַקט, ווי אַנטוויקלונג, און ביים באַהאַנדלען די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן דעם מענטשנס גליק איז נויטיק צו נעמען אין אַכט, אַז די נאַטור אַליין האָט אויך אַ טעות געהאַט, ברענגענדיק אויף דער וועלט אַלערליי פאַרזעענישן, פאַראַזיטן און אַז. וו. און דידאַזיקע אַלע אומגעלונגענע באַשעפענישן פון דער נאַטור קעמפן נישט ווינציקער פאַרביסן און פאַדערן פונקט אַזוי רעכט אויף לעבן, ווי די נאָרמאַלע באַשעפענישן, און לײַדן נישט ווינציקער אונטער דער לאַסט פון מפּלות. אַ בלינדער אָפּטימיזם לגבי דעם לעבן איז פונקט אַזוי פאַלש, פונקט אַזוי זינלאָז, ווי אַ בלינדער פּעסימיזם, און קודם כּל דאַרפן מיר קלאָר באַגרייפן דעם ציל, צו וועלכן מיר שטרעבן.

„קלייבט גוט אויס, קלייבט אויס אויף לאַנג, און דאָס וועט בלייבן אויף שטענדיק", האָט קאַרלייל געזאָגט. צוויי פאַקטאָרן טרייבן אונז אויסצוקלייבן: ערשטנס דאָס, וואָס מיר מוזן אויסקלייבן, צי מיר ווילן דאָס, צי נישט, צווייטנס דאָס, וואָס הינטערן אויסוואַל זענען באַהאַלטן פאַרשיידענע מעגלעכקייטן פון אונזער גליק אָדער אומגליק. דאָס לעבן איז אַזאַ, אַז זיין אויסוואַל איז גילטיק נישט נאָר פאַרן איצט, נאָר אויך פאַר דער צוקונפט, פאַר דיין נאָכוווקס, יאָ, אין אַ געוויסן זין, אַפילו פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. מעטיו אַרנאָלד זאָגט: „דעם מענטשנס אויפפירונג מאַכט אויס דריי פערטל פון זיין לעבן". כ'האָב קיינמאָל נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער איז דערגאַנגען צום דאָזיקן ברוכצאָל; מיר דאַכט זיך, אַז די אויפפירונג — דאָס איז דאָס גאַנצע לעבן, לכל הפּחות יענץ לעבן, אויף וועלכן מ'לייגט אכט.

דעם מענטשנס אויפפירונג האָט אַ שייכות נישט נאָר צו דער חתונה און געבורט, צום פּריצייטיקן טויט, עסן, טרינקען און שלאָף, נאָר אויך צום דענקען און שטרעבן, צו דער רעליגיע, וויסנשאַפט, מוזיק, ליטעראַטור און קונסט. זי איז נאָך נישט קיין בליץ און נישט קיין שטורעם, אָבער איך גלויב, אַז אַ דאַנק די דערגרייכונגען פון אונזער וויסן, וועט זי ווען-נישט-איז ווערן אַ קאָמעטע און אַ זונאויפגאַנג.

וואָסער לעבנס-אויפפירונג פאָדערן מיר? וואָס האָבן מיר בדעה צו מאַכן פון לעבן? וואָסער מאָס זאָלן מיר אָנווענדן, כדי צו דערקענען אַלדאָס גוטע אין לעבן און עס אונטערשיידן פון מפּלות, פאַרשווענדונגען און בלאָנדזשענישן? אויב אונז וועט געלינגען צו געבן אַ ריכטיקן ענטפער אויף דידאָזיקע פראַגעס, וועלן מיר דורכדעם לייזן די פּראָבלעם פון מאָראַל און מיר וועלן זאָגן: איצט בלייבט אונז בלויז איבער צו האַנדלען אַזוי, אונזערע פאַרלאַנגען זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין האַנדלונגען און די רעוואָלטאַטן זאָלן דערין נישט שטערן.

דערביי דאַרפן מיר נישט וואַרטן אויף קיין שום הילף מצד דער נאַטור. אָבער פונדעסטוועגן קען זי אונז אַמאָל געבן אַ חבֿרשן רמז, און דעריבער וועט פון אונזער זייט זיין קלוג זי אויסצולערנען אין אירע דערפאָלגן און מפּלות. מיט איר איין שאַפונג שטאָלצירן מיר זייער: מיט זיך אַליין. און אָט וועלן מיר זען, ווי אַזוי זי האָט אונז געשאַפן, ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען דער מענטש.

די עוואָלוציע-לערע זאָגט אונז, אַז פון אָנהויב איז בלויז געווען אַ טויטע מאַטעריע, מיר רופן זי אָן „אַ טויטע”, ווייל זי מאַכט אויף אונז אַזאַ איינדרוק, מיר ווייסן אָבער, אַז זי, דידאָזיקע מאַטעריע, באַשטייט פון אומציייליק פיל מאָלעקולעס, וועלכע געפינען זיך אין אַ שרעקלעך שנעלער באַוועגונג, וועלכע מיר קענען שוין היינט אויסמעסטן. פאַר זיך אַליין איז דידאָזיקע מאַטעריע אַ דערשיינונג פון דער לעצטער וויכטיקייט. מיר רעדן מיט גרינגשעצונג וועגן שטיינער, וועגן ערד- און ליים-הויפנס און פילן אַ סך מער אַכטונג צו בערג, צו שטורעמדיקע ימען, ווייל זיי זענען גרויס און מעכטיק. אין דער פריער יוגנט פון דער מענטשהייט זענען מיר צו זיי מתפּלל געווען,

איצט אָבער זענען זיי בלויז אַ רויער מאַטעריאַל פאַר אונזער לעבן און מיר האָבן לחלוטין קיין שום חשק נישט צו ווערן אַ ים אָדער אַ באַרג. דעריבער וועט יעדער מוזן מודה זיין, אַז דאָס לעבן איז אַ העכערע, אַ פולקאָמענערע שאַפונג פון דער נאַטור. מיר ווילן מעסטן דאָס לעבן מיט דער מאָס פון קענען פילן, ד. ה. מיט דעם כמות און איכות פון באַוווסטזיין, וואָס איז אים אייגן. אונז אינטערעסירט דאָס קעמערל, וואָס געפינט זיך אומעטום אין דער נאַטור, מיר שטודירן יענעם געהיימניש-פולן פראָצעס, וויאַזוי עס דערנערט זיך און פאַרמערט זיך, מיר זעען אין אים אַן התחלה פון באַוווסטזיין. מיר באַאָבאַכטן די אַנטוויקלונג פון די באַוווסטזיין-סימנים, און די מדרגה פון זייער אַנטוויקלונג דינט אונז אַלס באַזיס אויף אָפּצושאַצן פאַרשיידענע באַשעפענישן. דער פיזישער וווקס אַליין און די קראַפט האָבן נישט פאַר אונז קיין באַדייטונג. דזשאָיס קילמער האָט געזאָגט:

„איך מיט דיר שרייבן לידער,
„אָבער נאָר גאָט אַליין קען שאַפן אַ בוים".

דאָ איז גענוג פאַנטאַזיע, און דעריבער דאַכט זיך אונז, אַז דער אַלטער בען דזשאָנסאָן איז אַ סך נענטער צום אמת, ווען ער זאָגט:

„נישט אין דעם איז דעם מענטשנס טוגנט,
„וואָס ער וואַקסט, ווי אַ בוים".

פאַרגלייכט צוויי גלייך-גרויסע חיות, לאָמיר זאָגן: אַ העלפאַנט און אַ היפּפּאָפּאָטאַם, און דער העלפאַנט וועט אונז פאַרקומען אינטערעסאַנטער, ווייל ער איז מער אַנטוויקלט און האָט זיין „כאַראַקטער". מיר האָבן ליב הינט, ווייל מיר קענען זיי לערנען רעאַגירן אויף אונזערע ווערטער. נענטער פאַר אַלץ איז אונז די מאַלפּע, ווייל פון אַלע חיות איז זי אַממערסטן ענלעך צום מענטשן און פאַרמאָגט די גרעסטע אַנטוויקלונג.

מ'קען אָפּפרעגן, אַז מיינע מיינונגען וועגן די חיות זענען פול מיט מענטשלעכן עגאָאיזם, און אַז מיר קענען נישט וויסן, צי דאָס לעבן פון די העלפאַנטן און היפּפּאָפּאָטאַמען איז ווינציקער אינטערעסאַנט און באַדייטנדיק, ווי דעם מענטשנס. איך

בין נאָך קיינמאָל נישט געווען קיין איינע פון דידאָזיקע חיות, און, ס'איז קלאָר, אַז איך קען וועגן דעם נישט אַרויסטראָגן קיין ענטגילטיקן אורטייל, אָבער איך ווייס, אַז דער מענטש קען פאַרניכטן דידאָזיקע חיות און זיי אַריינזעצן אין שטייגן, און זיי קענען נישט נאָר נישט שטעלן דעם געהעריקן ווידערשטאַנד, נאָר זיי באַגרייפן גאָרנישט, וואָס מ'טוט מיט זיי. דעריבער באַשליס איך, אַז דער פאַרשטאַנד איז אַ בעסערער פאַרטיידי־קונגס־מיטל, ווי זיין פעלן, קורץ גערעדט, ער איז אַ בעסערע שאַפונג פון דער נאַטור.

ווען מיר גייען איבער צו דער אָפּשאַצונג פון מענטשן — געפינען מיר די זעלבע וועגן פון דער עוואָלוציע. אין די טעג פון הייל־מענטשן האָט מיטן שבט געהערשט די קראַפט. אָבער אין אונזער צייט שפּילט דער „שטאַרקער מענטש" ווייטער זיין ראָל בלויז אין די אויגן פון יינגלעך. מיר קוקן זיך צו, ווי ער הויבט משאות און ברעכט אייזערנע שטאַנגען און ער דערעסט אונז. אין לעבנס־קאַמף איז די קראַפט באַזיגט געוואָרן דורך דער פלינקייט פון די הענט און אויגן און דורך דער „נערוון"־ענער־גיע. דער קעמפער, וועלכער פאַרמאָגט בלויז קראַפט, וועט תמיד ווערן באַזיגט דורך אַ לייכטערן, אָבער פלינקערן קעגנער. יענער איז אַ העלד אויפן פוטבאָל־פעלד, וועמעס קען זיך אויסדרייען פון זיין קעגנער, וועמעס קען פאַססירן און האָט אַ שטאַרקן קלאַפּ. כ'וואָלט געקענט ברענגען נאָך טויזנטער ענלעכע פאַקטן, ווי, למשל, די נצחונות פון די בריטישע שיסער איבער די אין פאַנצערס געשמידטע ריטער, פון די לייכטע, באַוועגלעכע בריטישע שיפן איבער די שווערע הישפּאַנישע גאַלליאָנען. וואָס מער די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך, אַלץ קאָמפּליצירטער ווערט זי, אַלץ מער פאַרלירן זייער ווערט די מוסקולן און אַלץ ווערטפולער ווערן די נערוון. אין פערזענלעכן צווייקאַמף וואָלטן סיי אַלעק־סאַנדר, סיי צעזאַר, סיי נאַפּאָלעאָן געהאַט זייער ווינציק שאַנסן אויף אַ דערפאָלג; זיי זענען געווען פירערס, ווייל זיי זענען געווען ענערגיש, כיטרע און האָבן געקענט איינהאַלטן זייער השפעה.

ווער זענען עס אין אונזער אינדוסטריעלן יאָרהונדערט די גרויסע מענטשן פון דער וועלט, וואָס זייער יעדעס וואָרט

האָט קראַפט און וואָס זייערע מעשים וערן באַזונגען אין די צייטונגען? דאָס זענען די גבירים. מיר רעדן זיך איין, אַז פאַר אונז האָבן קיין שום באַדייטונג נישט, נישט מאָרגאַן, נישט ראָקפעללער, אַז מיר באַגייסטערן זיך בלויז מיט אַזעלכע מענטשן ווי עדיסאָן און רוזוועלט. אָבער אויך עדיסאָן איז אַ גביר, ער האָט געמוזט ווערן אַ גביר, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט דורכצופירן אַלע זיינע עקספּערימענטן. וואָס שייך אונזערע פּאָליטיקער און מלוכה-טוער, שטעלט זיך פאַר אונז אַ דילעממע: אָדער דינען די רייכע, אָדער פאַרטיליקט ווערן דורך זיי, ווי דאָס איז טאַקע געשען מיט רוזוועלטן. די מאָרגאַנס און ראָקפעללערס רעדן נישט. זיי באַנוגענען זיך דערמיט, וואָס מ'הערט זיך צו זיי צו. און דער גורל פון אונזער געזעלשאַפט ליגט פאָרט אין זייערע הענט.

אמת, אייניקע פון אונז גלויבן, אַז דער מענטש האָט אויך אַנדערע מעגלעכקייטן, חוץ די, וועלכע עס גיט אים די בירזשע. מיר גלויבן, אַז אַ גרויסער דערפינדער, אַ גרויסער מאָראַליסט, אַ גרויסער שרייבער טוען אויף מער פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט, איידער יענער מענטש, וואָס באַזאָרגט די מענטשהייט אויף אַ מאָנאָפּאָלן אופן מיט עפּעס אַ נויטווענדיקן לעבנס-פּראָדוקט מיט דער הילף פון פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס. „די דיכטער", זאָגט שעללי, — „זענען די געהיימע געזעצגעבער פון דער מענטשהייט". אויב דערדאָזיקער שרעקלעכער מימרא איז באַשערט צו ווערן אַמאָל אַן אמת, איז נויטיק קלאָר צו באַגרייפן, ווי עס זעען אויס די העכערע כחות אין מענטשן, וויאַזוי אונטערשיידט מען זיי, וויאַזוי היט מען זיי און מ'אַנטוויקלט זיי.

וואָסער עוואָלוציע-פּראָצעס פירט פון די נידעריקערע צו די העכערע פאָרמען פון גייסטיקן לעבן? דאָס איז דער פּראָצעס פון זיך-אַנטוויקלענדיקן באַוווסטזיין, די אַנטוויקלונג פון דער פעאיקייט צו פאַרשטיין אַלץ אַ גרעסערן קרייז פון דער עקזיסטענץ, נעמען אין אים אַן אָנטייל און קעמפן פאַר אים פונקט אַזוי, ווי מיר פאַרטיידיקן יענץ לעבן, וועלכעס מיר רופן אָן „אונזער אייגן", דער פּרוביר-שטיין פון דער העכערער פאָרם פון דער גייסטיקער אַנטוויקלונג איז אַזויאַרום די אוניווערסאַל-

קיים, אָדער, — מיט אַנדערע ווערטער — די גרעסטע אָפּזאָגונג פון זיך אַליין.

יעדער אינדיווידואום פאַרמאָגט אַ פאַרלאַנג צו לעבן און אַ אינסטינקט פון זעלבסטאויפהיטונג, וועלכע זאָגן אים, אַז דאָס אַלץ איז זייער וויכטיק; דער פּרוביר-שטיין פון זיין אַנט-וויקלונג איז זיין באַוווסטזיין, אַז נישט געקוקט אויף זיין גאַנצן ווערט, איז ער נישט מער, ווי אַ קליינטשיק טיילכעלע פון אַ גרויסן גאַנצן, אַז זיינע העכערע אינטערעסן דאַרפן זיין נישט זיינע אייגענע אינטערעסן, און זיין פליכט איז נישט נאָר די פליכט לגבי אים אַליין. וואָס מער דאָס לעבן ווערט פאַרגייסטיקט, אַלץ קלאָרער ווערט דערדאָזיקער פאַקט, אַלץ מער באַדייטנדיקער און השפעהדיקער איז ער. די מענטשן, וועלכע שטרעבן צו פאַר-כאַפּן די מאַטעריעלע ווערטן פון דערדאָזיקער וועלט, טראַכטן, פאַרשטייט זיך, בלויז וועגן זיך אַליין; אָבער אין געביט פון די העכסטע גייסטיקע מעגלעכקייטן ווערט דערדאָזיקער עגאָ-איסטישער עלעמענט אָפּגערוקט אויפן הינטערשטן פּלאַן. ס'איז קלאָר, אַז דער אמת איז נישט מאָנאָפּאָליזירט נישט דורך דער Standart oil Company, נישט דורך די פּ. מאָרגאַנס, נישט דורך דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. זי געהערט דער גאַנצער מענטשהייט און יעדער איינער, ווער עס מיט זיך ערלעך פאַרן אמת, מיט זיך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אמת, די טעטיקייט פון דערפינדער און שרייבער איז נישט פריי פון זעלבסטליבע. ס'קען זיין, אַז זיי זוכן כבוד און האָפן רייך ווערן דורכן פאַרקויף פון זייערע דערפינדונגען, אָבער טויזנטער און טויזנטער מענטשן זענען אַלע גרויסע מעגנטשן פול געווען מיט שאַפונגס-פייער און ווען מיר געפינען אין זייער לעבן שטריכן פון גאוה, גיריקייט און קנאה, ווערן מיר אויפגעבראַכט און אונז ווערט עפּעס ווייטאָקדיק פאַר זיי. אונז רירט אָפּט זייער עניוות; ווען ניוטאָן, למשל, דערקלערט, אַז נאָך דער גאַנצער מי פון זיין לעבן קומט ער זיך פאַר ווי אַ קינד, וואָס קלייבט צונויף די מושעלעך פון אמת אויפן ברעג ים, אָדער ווען אַל-פרעד רעססעל אואָלעס, דערוויסנדיק זיך, אַז דאַרווין האָט געאַרבעט איבער דער עוואָלוציע-טעאָריע לענגער פאַר אים, — איז מסכּים, אַז די עוואָלוציע-טעאָריע זאָל טראָגן דאַרווינס נאָמען.

דעם מענטשן זענען אייגן דריי פאַקטאָרן, וועלכע ווערן געוויינלעך באַצייכנט דורכן אינטעלעקט, געפיל און ווילן. לויט דעם, וועלכער פון די דאָזיקע דריי עס נעמט די איבערהאַנט אין מענטשן, אַרבעט זיך אויס פון אים אַ גרויסער געלערנטער, אַ גרויסער שרייבער אָדער אַ גרויסער מאָראַליסט. מיר קענען דריי גרויסע פאַרקערפּערער פון די דאָזיקע טיפּן: ניוטאָן, שעקספּיר, יעזוס, — און מיר קענען זיך לאַנג אַמפּערן וועגן דעם, ווער פון זיי איז גרעסער, ווער פון זיי האָט מער געשאַפן פאַרן גליק פון דער מענטשהייט. ס'איז אָבער נויטיק אָנצווייזן, אַז איינער פון די דאָזיקע פאַקטאָרן שליסט נישט אויס די אַנטוויקלונג פון אַ צווייטן; יעדער מענטש מוז אין אַ געוויסער מאָס באַזיצן אַלע דריי. יעזוס איז גלייכצייטיק געווען אַ דיכטער, און שעקספּירן וואָלטן מיר נישט געשעצט אַזוי הויך, ווען ער זאָל נישט זיין קיין מאָראַליסט. עס האָבן אויך עקזיסטירט גרויסע שרייבער און קינסטלער, וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען אויך געלערנטע. למשל, געטע און לעאָנאַרדאָ־דאַ־ווינטשי.

דער עיקרדיקער חלוק צווישן אַ געלערנטן און אַ שרייבער באַשטייט אין דעם, וואָס איינער פון זיי, אויספאָרשנדיק די נאַטור, האָט צו טאָן מיטווירקלעך־עקזיסטירנדיקע זאַכן, בעת דער צווייטער שאַפט מיט דער קראַפט פון זיין גייסט אַ ניי לעבן. אָבער דער שרייבער וועט זיך זייער גיך איבערצייגן, אַז זיינע געשטאַלטן ווערן נישט אָפּגעשפּיגלט אין לעבן, אויב זיין שאַפן האָט זיך נישט באַזירט אויף אַ טיפן שטודיום פון דעם זין און דער נאַטור פון לעבן, — מיט אַנדערע ווערטער, אויך דער שרייבער דאַרף אין אַ געוויסער מאָס זיין אַ געלערנטער. פון דער צווייטער זייט זענען אַלע גרויסע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען אַ פּראָדוקט פון שעפערישער פאַנטאַזיע, ד. ה. דער פאַרשטאַנד האָט ריכטיק ווי פאַרפולקאָמט די נאַטור, ער האָט אינטואיטיוו באַגריפן, צו וואָס עס שטרעבט די נאַטור.

די העכסטע דערשיינונגען פון דער מענטשלעכער טעטיקייט באַנייען און באַרייכערן דאָס לעבן. ווען עס זאָל נישט עקזיסטירן יעזוס, וואָלטן אַנדערע געקומען און געבראַכט די בשורה פון רעוואָלוציאָנערן געדאַנק: אַלע מענטשן זענען גלייך, ווי די זין פון איין פאָטער. אמת, דאָס איז בלויז אַ הנחה;

זיך אומקוקנדיק אויף די פאַרגאַנגענע נייַנצן יאָרהונדערטער, קענען מיר זיך נישט פאָרשטעלן, וויאַזוי עס וואָלט זיך אויסגעפורעמט דאָס לעבן פון דער מענטשהייט, ווען יעזוס זאָל שטאַרבן אַלס קינד. מיר ווייסן נישט, ווי עס וואָלט אויסגעזען דער מאָדערנער געדאַנק אַן קאַנטן און די מאָדערנע מוזיק אָן בעטהאָווענען. מיר מוזן מודה זיין, אַז אָן לינקאָלנס געדולדיקער חכמה וואָלט די קנעכטשאַפט מנצח געווען דעם דראַנג צו פרייהייט, אַמעריקע וואָלט, פונקט ווי אייראָפּע, געווען נישט מער, ווי אַ מיליטערישער לאַגער און אַנדערש וואָלט אויסגעזען דאָס לעבן און דער געדאַנק פון אַלע אַמעריקאַנער.

אָדער לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל די דערגרייכונגען פון שרייבער. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט מען דעם מחבר פון דאָזיקן בוך געפרעגט, ווער עס האָט געהאַט אויף אים די גרעסטע ווירקונג. נאָך אַ לאַנגן נאָכדענקען האָט ער אָנגערופן דריי נעמען: יעזוס, האַמלעט און שעלי. וואָס־זשע איז ער אויסן געווען דערמיט צו זאָגן? איינער פון זיי, שעלי, האָט באמת עקזיסטירט. האַמלעט איז געווען אַ דענישער פּרינץ, אָבער אונז איז ער בלויז באַקאַנט אַלס געשטאַלט, וועלכן אַ שרייבער האָט געשאַפן. וואָס שייך דעם דריטן — יעזוסן, זענען די מיינונגען וועגן אים מצד די אויטאָריטעטן זייער פאַרשיידן. אַנדערע פון זיי באַהויפּטן, אַז ער איז געווען אַ גאָט, נאָך אַנדערע, — אַז ער איז געווען אַ מענטש, די דריטע ווידער דערקלערן, אַז דאָס איז בלויז געווען אַ נאָמען, אַרום וועלכן עס האָבן זיך אַרומגעשפּינט אומציילבאַרע לעגענדעס.

מיך אינטערעסירט לחלוטין נישט, וועלכע פון די דאָזיקע מיינונגען איז די ריכטיקע. אויב יעזוס איז געווען אַ גאָט, איז ער געווען אַ גאָט אין אַ מענטשלעך געשטאַלט, באַגרענעצט דורך אַלץ, וואָס איז אייגן דעם מענטשן, — און אויב אַזוי זענען מיר אַלע געטער. צי ער האָט געלעבט אָדער די פאַנטאַזיע פון אַ דיכטער האָט אים געשאַפן — דאָס ענדערט אויף קיין האָר נישט די באַדייטונג פון דער השפּעה, וועלכע ער האָט געהאַט אויף דער מענטשהייט. יענע געפילן, וועלכע ער האָט געפּרעדיקט, ליבע, מיטלייד, דערהויבענע באַשלוסן האָבן געלעבט אין דער נשמה פון דאָזיקן מענטשן אַלץ איינס, צי מ׳האָט אים

גערופן יעזוס אָדער אַנדערש. און דידאָזיקע געפילן זענען אונז אַזוי איבערגעגעבן געוואָרן, אַז זיי זענען געוואָרן אַ טייל פון אונזער נשמה.

דער שרייבער שאַפט אין זיין נשמה אַ ניי לעבן, וואַרפט עס אין דער וועלט אַריין, ווי עס ווערט אַ קראַפט, וועלכע ווירקט אויפן לעבן פון מיליאָנען מענטשן. אַ סך ווערק, וועלכע זענען אָנגעשריבן געוואָרן וועגן האַמלעטן האַלטן אים פאַר אַ טיפּ פון אַ מאָדערנעם מענטשן. שעקספּיר האָט פאַרמאָגט די קראַפט צו פאָראויסזען, ווי אַזוי עס וועט אויסזען דער היינטצייטיקער מענטש. אָדער מיר וועלן אפשר גיין נאָך ווייטער און זאָגן: שעקספּיר האָט געהאָלפן דעם היינטצייטיקן מענטשן צו ווערן דאָס, וואָס ער איז. אָדער נעמט דאָן-קישאָטן. פאַרשטייט זיך, סוף כּל סוף וואָלטן אַלע נאַרישקייטן פון די ריטערלעכע צייטן פאַרשוווּנדן, אָבער זיי זענען שנעלער פאַרשוווּנדן אונטער דער ווירקונג פון סערוואַנטעסעס חוזק. אָדער וויקטאָר הוגאָס „אומגליקלעכע". אונזערע תּפיסות זענען נאָך ווייט נישט אידעאַל איינגעאָרדנט, אָבער פונדעסטוועגן זענען זיי ווינציקער אַכזריותדיק, ווי מיט אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק, און דאָס האָבן מיר טיילווייז צו פאַרדאַנקען וויקטאָר הוגאָן.

רעדנדיק וועגן דעם מענטשנס דערגרייכונגען, האָבן מיר נאָך ביז איצט נישט דערמאָנט דאָס וואָרט „זשעני". דאָסדאָזיקע וואָרט איז דערנידעריקט געוואָרן דורך זיין צו אָפטער אָנווענדונג, באָטש מיר ווייסן אייגנטלעך נישט, וואָס עס באַדייט. ווער ווייס, אפשר איז דאָס — ווי עס פאַרזיכערט פרעדעריק מייער — די אַריינדרינגונג פון איבערנאַטירלעכן און אונטערבאַוווּסטזיניקן אין מענטשנס באַוווּסטזיין. אָדער דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס די מענטשן באַטראַכטן אַלס געטלעך. אָדער דאָס איז דער ערשטער רמז אויף יענער איבערמענטשהייט, וועלכע וועט מיט דער צייט באַפעלקערן די ערד. ס'קען זיין, אַז מיר זענען עדות פון אַ געשעעניש, וואָס איז ענלעך צו יענער, ווען אַ וועלכע נישט איז מאלפע איז אַמאָל דערשראָקן געוואָרן דורכן ערשטן אויפבליץ פון באַוווּסטזיין. מיר ווייסן דאָס נישט און מיר קענען בלויז זאָגן, אַז אַ זשעני פאַרקערפּערט אין זיך די העכסטע אַנטוויקלונג פון גייסט, וועלכע איז אונז ביז איצט

באַקאַנט. ער עמאַנסיפּירט לגמרי דעם מענטשלעכן גייסט, יענעם גייסט, וועלכער האָט איבערגענומען אויף זיך די שעפערישע אַרבעט, וועלכער האָט געגומען אין זיינע הענט דאָס מענטש-לעכע לעבן, ווי אַ רוי-מאַטעריאַל, און שאַפט עפּעס פיינערס אינטענסיווערס און באַדייטנדיקערס, ווי עס איז ווען־נישט־איז געוועזן.

# X

# איך און מיין מיטמענטש

איצט ווייסן מיר שוין, וואָס דאָס זענען אַזוינס די גרויסע און באַדייטנדיקע זאַכן אין לעבן. פּאַמעלעך, מיט אומענדלעכער געדולד, דורך ליידן און מפּלות, און פונדעסטוועגן מיט אַ בעלזנפעסטער זיכערקייט, ווערט דאָס מענטשלעכע לעבן פאַר־ענדערט, באַרייכערט מיט דער קראַפט פון דענקנדיקן גייסט, אויפגעמונטערט דורך דער פרייד פון דער שאַפנדיקער האַנדלונג, געקירעוועט דורכן אחריות-געפיל, דורך יענעם אינסטינקט, וועלכן מיר רופן אָן „געוויסן”. אונזער אויפגאַבע, אונזער דערהויבנדי־קער ציל דאַרף זיין די אַנטוויקלונג פון דידאָזיקע העכסטע שטרעבונגען.

איצט קענען מיר דעפינירן דאָס וואָרט „מאָראַליש”: מאָ-ראַליש איז יענע האַנדלונג, וועלכע אַנטוויקלט די העכסטע פאָרמען פון לעבן, אוממאָראַליש איז יענע האַנדלונג, וועלכע צעשטערט דאָס בעסערע לעבן און שטערט זיין שנעלע אַנט-וויקלונג. מיר וועלן אָנווענדן דידאָזיקע מאָס צו די האַנדלונגען פונם מענטשן, צוערשט אַלס יחיד, דערנאָך אַלס מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. אין וואָס באַשטייט מיין חוב לגבי זיך אַליין און לגבי די אַרומיקע?

דידאָזיקע פראַגעס אונטערשיידן זיך בלויז ווינציק פון די ענלעכע, וועלכע עס האָט געשטעלט די אַלטע מאָראַל. יעזוס האָט געלערנט, אַז ערשטנס, דאַרף מען ליב האָבן גאָט, צווייטנס, דעם מיטמענטשן, ווי זיך אַליין. מ'וועט מיר אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער היינטצייטיקער געדאַנק האָט זיך אָפּגעזאָגט פון באַגריף

גאָט, אָבער איך וועל זאָגן, אַז דער הייִנטצייטיקער געדאַנק האָט באַשלאָסן, אַז גאָט דאַרפן מיר זוכן אין אונזער אייגענעם באַוווסטזיין. אונזער חוב באַשטייט אין שטרעבן צו פּאַרפולקאָמונג. דער חוב לגבי דעם מיטמענטשן — אין העלפן אים אין דערדאָזיקער שטרעבונג.

ווען מיר וועלן אָנווענדן דידאָזיקע ביידע פּאָרמולעס, וועלן מיר זען, אַז זיי גייען אַריין איינע אין דער צווייטער און זענען אומצעטרייסבאַר פאַרבונדן; סיי דער ערשטער סיי דער צווייטער חוב איז אין תוך גענומען נישט עפּעס אַנדערש, ווי איין-איינציקער חוב, וועלכער ווערט באַטראַכט פון פאַרשיידענע שטאַנדפונקטן. מיר ווייסן, אַז אויף וויפל מעגלעך דאַרפן מיר אַנטוויקלען אונזער דענקפעאיקייט, דורכדעם ווערן מיר בעסערע, ביורגער און אַ דאַנק דעם פאַרבעסערן מיר אַלץ מער און מער די מעגלעכקייטן צו העלפן אונזערע מיטמענטשן. מיר ווילן זיי, למשל, העלפן דורכדעם, וואָס מיר מאַכן אונזער היימישע שטאָט היגיענישער און ריינער, אָבער דורך דערדאָזיקער אַרבעט פאַרזיכערן מיר זיך אַליין אויך פון אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. דער געוויינלעך געפרעדיקטער „גאָלדענער כלל" זאָגט: „טו מענטשן דאָס, וואָס דו ווילסט, זיי זאָלן טאָן בנוגע דיר". דערדאָזיקער כלל איז אפשר גוט, אָבער ער לאָזט לגמרי אַרויס פון אויג די עיקרדיקסטע פראַגע: וואָס דאַרפן מיר פאָדערן, אַז די אַנדערע זאָלן טאָן? אויב איך בין אַ קינד, וועל איך כסדר פאָדערן פון אַנדערע, זיי זאָלן מיר געבן נאַשוואַרג; לויטן „גאָלדענעם כלל" קומט אויס, אַז מיין ערשטער חוב איז — באַזאָרגן די גאַנצע וועלט מיט נאַשערייען.

אָדער לאָמיר נעמען קאַנטס פאָרמולע: „האַנדל אַזוי, אַז דיינע האַנדלונגען זאָלן קענען אָנערקענט ווערן אַלס אַלגעמיינע כללים". דאָ שטויסן מיר זיך צונויף מיט דערזעלבער פראַגע. עס עקזיסטירן אַ סך פאַרשיידנאַרטיקע אַלגעמיינע כללים, איינע האַלטן זיך ביי די, אַנדערע ביי יענע, אָבער מיר דאַרפן דאָך נישט פאַרגעסן, אַז דער מענטש דאַרף צוערשט באַשליסן, וואָס ער וויל מאַכן פון זיין לעבן, און ערשט דערנאָך וועט ער אַנטשיידן, ווי אַזוי ער דאַרף האַנדלען.

ביים טרעפן זיך מיט יעזוסעס פאָרמולע: „ליב דיין

מיטמענטשן, ווי זיך אַליין״, שטעלט זיך אויטאָמאַטיש די פראַגע: און וואָס איז דאַן, ווען מיין מיטמענטש פאַרדינט נישט די־דאָזיקע ליבע? אמת, פאַר מיר איז אַ ביסל געפערלעך אַרויסצו־טראָגן אַ וועלכן־נישט־איז אורטייל, אָבער איך וואָלט דאָך געקענט זיין, צום ביישפּיל, אַ גרויסער דערפינדער, און מיין מיטמענטש אַ פאַרברעכער. אודאי, אין אַ געוויסער הינזיכט קען איך אים ליב האָבן, כ׳קען ליב האָבן עטלעכע פאַרבאָרגענע שטריכן פון זיין כאַראַקטער. אָבער פונדעסטוועגן קען זיך טרעפן, אַז זיין פיזישע, מאָראַלישע אָדער גייסטיקע קראַנקהייט איז שוין אַזוועק אַזוי ווייט, אז מ׳דאַרף אים פאַרשפאַרן, קאַסטרירן, אָדער אַפילו טויטן אָן ווייטאָק. און פאַר מיר איז נישט קלאָר די באַהויפּטונג, אַז אַזאַ מענטשן דאַרף איך ליב האָבן, ווי זיך אַליין. דאָס פרע־דיקן אַזאַ פאָרמולע קען צו שטאַרק צוהעלפן דער פאַרשפריי־טונג פון גענאַרעריי און סענטימענטאַלישקייט.

דער הייגטצייטיקער געדאַנק לערנט אונז: ״האָב ליב די העכסטע צויסדרוקן פון לעבן, היט זיי, און היות דאָס לעבן אַנטוויקלט זיך כסדר און עפנט אויף פאַרן מענטשלעכן גייסט נייע מעגלעכקייטן, דאַרפסטו תמיד זיין גרייט אָנצוהייבן דאָס לעבן פון דאָסניי״.

אזוי איז די פאָרמולע; זי איז נישט פשוט, און ווי נאָר מיר ווילן זי אָנווענדן, ווערט זי אַלץ קאָמפּליצירטער. פּרובירן מיר דעפינירן אונזער חוב לגבי זיך אַליין — מוזן מיר מודה זיין, אַז אין אונז לעבן אַ סך פאַרשיידענע וועזנס, יעדעס פון זיי מיט זיינע אייגענע, אָפט סתירותדיקע באַדערפענישן און פליכטן. אין אונז לעבט אַ פיזישער מענטש און אַ באַרעכנטער באַלעבאָס, וועלכע מוזן באַקומען אַ טייל רעכט, איידער מיר דערגייען צום אינטעלעקטועלן און מאָראַלישן מענטשן און קינסטלער. אונזער לעבן ווערט צעפאַלן אין אַ ריי קאָמפּראָמיסן, צופּאַסונגען צו טויזנטער סתירות, פאַרלאַנגען און פליכטן צו פאַר־שיידענע וועזנס, וועלכע מיר וואָלטן געקענט זיין בלויז אויף אַ געוויסער אַנטוויקלונגס־שטופע און אין אַ געוויסער צייט. מיר האָבן קיינמאָל נישט קיין אַבסאָלוטע זיכערקייט, קיין אַבסאָלוטעס רעכט, אַבסאָלוטע פליכטן, מיר טאָרן קיינמאָל נישט צומאַכן די אויגן און בלינד זיך רייסן פאָראויס. אדרבה, מיר געפינען זיך,

ווי אַ געלערנטער און אַ פֿלינקער אינזשיניער, אויף דער וואָך פֿון זעלבסטבאַשטימונג, מיר דאַרפֿן צושמידן די אויגן צו אַ טוץ פֿאַרשיידענע מאַנאָמעטערס, דאָ דריקן אויף אַ הויב-שטאַנג, דאָרט אויף אַ רעגולאַטאָר און אַנטשיידן: אָט איז געקומען די צייט פֿאַר דער גרעסטער שנעלקייט, און איצט דאַרף מען זיין פֿאָרזיכטיק. מיר דאַרפֿן קלאָר געדענקען, אַז פֿון אַנטשלוס פֿון יעדער מאָמענט הענגט אָפּ די זיכערקייט נישט נאָר פֿון אונז אַליין, נאָר פֿון אַ סך רייזנדע.

## XI

## דער גייסט און דער קערפּער

אין דאָזיקן בוך וויל איך באַהאַנדלען, אויף וויפֿל מיר וועט זיך דאָס איינגעבן, די פֿראַגעס פֿון גייסט — אַזוי ווי אין דעם פֿריערדיקן האָב איך באַהאַנדלט די פֿראַגעס פֿון קערפּער; אָבער פּונקט ווי אונזער פֿליכט לגבי זיך אַליין קען נישט אָפּגעטיילט ווערן פֿון דער פֿליכט לגבי אונזערע מיטמענטשן, אַזוי זענען אומצערייסבאַר דער גייסט און דער קערפּער! שטודירנדיק איינעם פֿון זיי, שטויסן מיר זיך תּמיד אָן אין צווייטן. די ווירקונג פֿון קערפּער אויפֿן גייסט און פֿאַרקערט איז זייער אַן אינטערעסאַנטע פֿראַגע, און מיר דאַרפֿן זי קורץ באַהאַנדלען, נישט אַזוי דערפֿאַר, ווייל מיר קענען זי לייזן, נאָר צוליב דעם, וואָס זי וואַרפֿט אַ ניי ליכט אויף אונזער גאַנצער טעמע.

דער מענטשלעכער קערפּער איז אַ מאַשין; ער שלינגט איין קוילנשטאָף און זויערשטאָף, פֿאַרברענט זיי, טיילט אויס קוילנזויער און אַנדערע איבעריקע פּראָדוקטן און אַנטוויקלט אַן ענערגיע פּראָפּאָרציאָנעל צום קוילנשטאָף. די דאָזיקע מאַשין באַזיצט אַ קאָמפּליצירטן אַפּאַראַט פֿון האַנדלונגען און רעאַקציעס, פֿון חושים, וועלכע נעמען אויף די רייצן פֿון דרויסן, פֿון נערוון, וועלכע גיבן איבער, ווי טעלעגראַף-דראָטן, די דאָזיקע רייצן ווייטער צו די קעמערלעך פֿון מאַרך, וועלכע גיבן אַן אימפּולס ־דלונגען. וויאַזוי עס אַרבעטן די דאָזיקע מאַרך-קעמערלעך,

איז אונז ביז אַ געוויסער מאָס באַקאַנט. מיר ווייסן, פון וועלכער טייל מאַרך עס איז אָפּהענגיק די אָדער יענע האַנדלונג, מיר ווייסן, אַז דער שטאָך אין אַ באַשטימטער טייל מאַרך פּאַראַליזירט דעם לינקן וויַיז-פינגער, מיר ווייסן, אַז דורך אַריינשפּריצן אַ באַשטימטן מיטל, דורך אַריינאָטעמען אַ באַשטימטן גאַז ווערט אַרויסגערופן די אָדער יענע רעאַקציע, ווי געלעכטער, געוויין אָדער צאָרן.

מיר ווייסן, וועלכע גיפטן עס בילדן זיך אין אָרגאַניזם, ווען דער מענטש איז אין כּעס, וועלכע כעמישע פאַרבינדונגען עס רופן אַרויס די מידקייט פון די מוסקולן. דאָס אַלץ איז אַ טייל פון אַ נייער גרויסער וויסנשאַפט: די ביאָכעמיע, די כעמיע פון לעבן.

אונזער קערפּער איז אַ טייל פון דער מאַטעריעלער וועלט און דעריבער איז ער אונטערגעוואָרפן אירע געזעצן. דער ערשטער פון זיי איז קויזאַליטעט. יעדע ענדערונג אין דער וועלט האָט אַ באַשטימטע סיבה, וועלכע איז פון איר זייט אויך דורך עפּעס אַרויסגערופן און אַז. וו.; ווי ווייט עס זאָלן נישט גרייכן אונזערע באַאָבאַכטונגען — דידאָזיקע קייט ווערט קיינמאָל נישט איבערגעריסן און דיזעלבע סיבות רופן אַרויס דיזעלבע רעזולטאַטן. אויב אויפן ביליאַרד-טיש באַוועגט זיך אַ קויל, האָט זי עמיצער געגעבן אַ שטויס אָדער דער טיש שטייט משופּעדיק. פון זיך אַליין קען זי זיך נישט באַוועגן. די באַוועגונג פון קויך רופט אַרויס אַרום איר די באַוועגונג פון די לופט-טיילכלעך, און דידאָזיקע באַוועגונג פאַרשפּרייט זיך איבערן גאַנצן צימער און דרינגט אַפילו דורך די ווענט. ווען מיר זאָלן פאַרמאָגן גענוג פיינקטלעכע אינסטרומענטן, וואָלטן מיר געקענט אויפכאַפּן דידאָזיקע באַוועגונג אויף יעדן אָרט פון ערד-קויל און אַפילו אין מיליאָנען יאָרן אַרום אויף דעם ווייטסטן שטערן. דאָס איז דער געזעץ וועגן דער אייביקייט פון ענערגיע, וועלכער איז, לויט אונזער מיינונג, פאַרקערפּערט אין ראַדיום. ווייסנדיק וועגן דעם, וועלן מיר פאָרשן אַלץ ווייטער און וועלן זיך אָנשטויסן אויף אַ ענערגיע, וואָס איז איינגעשלאָסן אין אַטאָם. די באַפרייאונג פון אַטאָם וואָלט געשאַפן אַ מקור פון קראַפט, וואָס שטייגט אַריבער אויף מיליאָנען מאָל אַלע כּוחות-קוואַלן,

וועלכע מיר קענען בײַ הײַנטיקן טאָג. די ענערגיע, ווי זי זאָל זיך נישט ענדערן, אין וואָסערע געשטאַלטן זי זאָל זיך נישט פֿאַרקערפּערן, ווערט קיינמאָל נישט צעשטערט און ווערט נישט געשאַפֿן פֿון גאָרנישט.

מײַן פֿרײַנט דער גרויסער פֿיזיאָלאָג האָט מיר איינמאָל אָוועקגעפֿירט אין זײַן לאַבאָראַטאָריע און מיר געוויזן אַן אַקוואַריום, אין וועלכן עס האָבן זיך געפֿונען קליינטשיקע באַשעפֿענישלעך, אויף וויפֿל איך געדענק — ים־נאָדלער. דער פֿיזיאָלאָג האָט גענומען אַ פֿלאַש, וואָס האָט אַנטהאַלטן עפּעס אַ כעמישע מישונג, האָט אַרײַנגעטריפֿט אין וואַסער בלויז איין טראָפּן און אַלע קליינינקע שוואַרצע באַשעפֿענישן, וועלכע האָבן ביז איצט געשווומען אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען, האָבן מאָמענטאַל גענומען שווימען אין איין ריכטונג — צום קוואַל פֿון ליכט. זיי זענען צוגעשווומען צום ווענטל פֿון אַקוואַריום און אָנגעשטעלט דורך איר, האָבן זיי זיך פֿונדעסטוועגן פֿאַרט געריסן צו שווימען אין דערזעלבער ריכטונג.

„דאָס איז דאָס", האָט געזאָגט מײַן פֿרײַנט, „וואָס מיר רופֿן אַן טראָפּין; דאָס גאַנצע לעבן איז אין אים. דאָס, וואָס איר האָט נאָר וואָס געזען אין דאָזיקן אַקוואַריום, גיט אונז אַ גרונט צו טראַכטן, אַז מיט דער צײַט וועלן אונז באַוווּסט ווערן יענע כעמישע פֿאַרבינדונגען, וועלכע שטויסן דעם מענטשן ער זאָל זיך באַוועגן אין דער אָדער אַן אַנדער ריכטונג, טאָן דאָס אָדער עפּעס אַנדערש. ווי נאָר די ביאָכעמיע וועט זיך דערשלאָגן צו מער אָדער ווייניקער באַדײַטנדיקע רעזולטאַטן, וועלן מיר זײַן אימשטאַנד צו שאַפֿן די אייגנשאַפֿטן פֿון אַ מענטשן, ס'קען זײַן, אַז נאָך אין זאמען און אין עמבריאָ און אפֿשר טאָג־טעגלעך דורך אײַנשפּריצונגען אָדער דורך אַ געהעריקן דערנערונגס־רעזשים."

**איך**: מיט דער צײַט וועלן מיר וויסן, וואָסער כעמישע פֿאַרבינדונג עס צווינגט דעם מענטשן צו שטימען פֿאַר די דעמאָקראַטן אָדער רעפּובליקאַנער?!

**מײַן פֿרײַנט**: פֿאַרוואָס נישט? (תּמיד, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ביאָכעמיע, פֿאַרמאָגט ער הומאָר).

**איך**: ווען איר וועט עס אַנטדעקן, האַלט דעם מיטל

אין סעקרעט און עטלעכע טעג פאַר די וואַלן וועלן מיר ביידע אָנפילן די שטאָט מיטן געהעריקן גאַז, כדי צו זיכערן דעם דערפאָלג פון די סאָציאַליסטן.

אָבער געלעכטערס אין אַ זייט: אויב דער מענטשלעכער קערפער איז מאַטעריעל, אויב ער לעבט אין דער מאַטעריעלער וועלט און איז אונטערגעוואָרפן דעם געזעץ פון קויזאַליטעט, מוזן אַלע זיינע האַנדלונגען האָבן מאַטעריעלע סיבות, ווי זיי זענען דאָ פאַר דער באַוועגונג פון דער ביליאַרד-קויל. מיר הערן, ווי די קויל שלאָגט זיך אָן אין קאַנט פון טיש, און זענען גרייט צו גלויבן, אַז דאָס, וואָס מיר רופן אָן „געהער” איז דאָס אָנשלאָגן זיך פון די קלאַנגען-כוואַליעס אין אונזער פויק-הייטל. און דאָסזעלבע איז בנוגע דער מענטשהייט אַלס מאַסע. אויב איך וועל אין טעאַטער אַ געשריי טאָן „שרפה!” — ווייס איך, ווי עס וועלן זיך דערצו באַציען די צוקוקער. שטודירט דורך די סטאַטיסטיק און איר וועט קענען פאָרויסזאָגן די צאָל זעלבסטמאָרדן אין אַ גרויסער שטאָט, איר וועט זיך דערוויסן, אַז אין יוני זענען דאָ מער זעלבסטמאָרדן, ווי אין אַ וועלכן נישט איז אַנדער חודש. פונקט אַזוי איז באַקאַנט, אַז די מערהייט מענטשן שטאַרבט צוויי אַ זייגער ביינאַכט. געוויסע ענדערונגען פון דער אַטמאָספער האָבן דיזעלבע ווירקונג אויף אַלע מענטשן. דער יקרות און די אַרבעטסלאָזיקייט רופט אַרויס צווישן די מענער אַ פאַרגרעסערטע צאָל פאַרברעכנס, ביי פרויען — אַ פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטיטוציע.

אַ מענטש עסט זיך איבער און זיינע געדאַנקען ווערן, ווי מ'זאָגט ביי אונז, „בלויע”: שווער און טריב. אויף טויזנטער ביישפּילן וואלט איך געקענט דערווייזן, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז אונטערגעוואָרפן דער ווירקונג פון מאַטעריעלע סיבות און דעריבער איז ער אַ גאַנץ פאַסיקער סוביעקט פאַר ביאָכעמישע אויספאָרשונגען.

וואַרט אַ מינוט, אָט זיצט איר און לייענט אַ בוך. געפעלט אייך עפּעס אין אים, זאָגט איר: „גוט”. ס'קען זיין, אַז איר וועט זיך אַפילו אַ קלאַפּ טאָן איבער דער קני אָדער איר וועט צונויפדריקן אַ פויסט. די האַנט באַוועגט זיך אַזוי-אַרום און ברענגט פון איר זייט אין באַוועגונג די לופט; אין הסכם מיטן געזעץ

פון ענערגיע-אויפהיטונג פאַרשפּרייט זיך דידאָזיקע באַוועגונג ביז די ווייטסטע ווינקעלעך פון ערד-קויל און אַפילו ביז די שטערן. אָדער איר וועט אין כּעס ווערן און איר וועט אַוועקוואַרפן דאָס בוך, און דאָס וועט אַרויסרופן אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון ערד-קויל און אויף די שטערנס אַן אַנדערע ווירקונג. דורכדעם, וואָס איר האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער קני אָדער איר האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס בוך, האָט איר אין דער קלענסטער מאָס געענדערט דעם גאַנג פון דעם וועלטאַל-מעכאַניזם.

און וואָס איז געווען די סיבה פון דעם אַלעמען? ווי מיר ווייסן, איז די סיבה איןביידע פאַלן געווען דיזעלבע: דאָס לייענען געוויסע אותיות. צוויי מענטשן, וועלכע זיצן זייט ביי זייט און לייענען איינע און דיזעלבע אותיות, קענען גאַנץ פאַרשיידן רעאַגירן אויף זיי. דער קאָמפּאָזיטאָר עדוואַרד מאַק דאָועל האָט באַקומען פון זיינע שילער אַ מתּנה צו זיין געבוירן-טאָג, צו וועלכער עס איז געווען צוגעשפּילעט אַ צעטעלע מיט עטלעכע אָנגעשריבענע ווערטער אויף דייטש, אַ ציטאַט פון „דאָס גאָלד פון רהיין": „אָ, זינג ווייטער!" אין מאָמענט, ווען ער האָט באַקומען די מתּנה האָט דער קאָמפּאָזיטאָר צופעליק געטראַכט אויף פראַנצויזיש און אויך די פּאָר ווערטער איבערגעלייענט אויף פראַנצויזיש. האָט זיך באַקומען פאָלגנדער זאַץ: „אָ, שטאַרקע מאַלפּע"[1]. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, דערשטוינט דעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר, און זיינע שילער וואָלטן געקענט איבערלייענען אין דעם מאָמענט אויף זיין פּנים אַ גאַנץ אומדערוואַרטעטן איינדרוק פון זייער מתּנה. די סיבה פון דאָזיקן אויסדרוק איז אָבער געלעגן נישט אין די אותיות, נאָר אין געדאַנק.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז די געדאַנקען זענען בּיכולת צו ענדערן דעם מאַטעריאַליסטישן יסוד פון קאָסמאָס, צעררייסן די קייט פון סיבות און זיך אַריינמישן אין די מאַטעריעלע געשעענישן.

פאַרגלייכט צוויי זאַכן: דעם צושטאַנד פון באַוווּסטזיין

1) די דייטשע ווערטער: „O, singe fort" („אָ, זינג ווייטער") לייענען זיך אויף פראַנצויזיש: „אָ, סענזש פּאָר", ד. ה. „אָ, שטאַרקע מאַלפּע". (איב.)

און אַ טראַקטאָר. ביידע זענען זיי לחלוטין פאַרשיידן, ווי זיי וואָלטן נישט האָבן צווישן זיך קיין שום געמיינזאַמעס. צי דען קען זיך עמיצער פאָרשטעלן, אַז אַ געדאַנק זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ טראַקטאָר, און אַ טראַקטאָר אין אַ געדאַנק? מיר ווייסן, אַז די מענטשלעכע האַנט פירט אָן מיטן באַוועגער, וועלכער ברענגט אין באַוועגונג דעם טראַקטאָר, מיר קענען זיך אָבער נישט פאָרשטעלן אַ וועלכן נישט איז געדאַנק — אַ פאַרלאַנג נאָך געלט אָדער נאָך עפּעס דערהויבענעס, אָדער די פאָרשטעלונגען וועגן פאַנאַמער קאַנאַל — וועלכער זאָל ברענגען דעם טראַקטאָר אין באַוועגונג. מיר קענען טויזנט יאָר שטיין פאַר אַ ביליאַרד-קויל און טראַכטן, אַז זי דאַרף זיך נעמען באַוועגן, און זי וועט זיך דערפון נישט רירן פון אָרט; ווען מיר אָבער אַ טראַכט טאָן וועגן דער באַוועגונג פון אונזער האַנט, — וועט זי זיך תיכף נעמען באַוועגן און פון איר זייט ברענגען אין באַוועגונג די ביליאַרד-קויל אָדער דעם טראַקטאָר. אויב אַ פייער וועט אָפּבריען אונזער האַנט, וועט ער דורכדעם שיקן אַ געוויסע וויבראַציע אין אונזער מאַרך אַריין, אויף אַ געהיימנישפולן אופן וועט זיך די וויבראַציע פאַרוואַנדלען אין אַ צושטאַנד פון באַוווסטזיין, וואָס ווערט אָנגערופן ווייטאָק, און דערדאָזיקער צושטאַנד וועט „מיט דער שנעלקייט פון אַ געדאַנק" פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַוועגונג — אין אַוועקכאַפּן די האַנט.

ווייזט אויס, אַז דער באַוווסטזיין מישט זיך פאָרט אַריין אין דער קויזאַלער קייט. טאָ אין וואָסער לאַגע שטעלט דאָס דעם געלערנטן, וועלכער פאָרשט אויס דאָס לעבן? שטעלט זיך נאָר פאָר אַ דאָקטאָר, וועלכער דאַרף פאַרשרייבן דעם קראַנקן אַ געוויסע דיעטע; דערביי דאַרף ער זיך רעכענען מיט דעם, אַז יעדער ביסן הינער-פלייש, יעדע שטיקל פיש קען זעלבשטענדיק און פריי באַשליסן, צי ווילן זיי, דער מאָגן זאָל זיי פאַרדייען אָדער נישט. פונדעסטוועגן וואָלט די לאַגע פון דאָזיקן דאָקטאָר נאָך ווייט נישט געווען אַזוי שלעכט, ווי די לאַגע פון אַ כעמיקער, ביאָלאָג אָדער אינזשיניער, וועלכע דאַרפן טראַכטן און שאַפן פלענער אין אַ וועלט, וועלכע איז באַפעלקערט דורך אייניקע מיט אַ פערטל מיליאַרד מענטשלעכע באַשעפענישן, וואָס

אַלע זענען זיי קוואַלן פֿון נייע, אומפֿאָראויסגעזעענע ענערגיעס, אורסיבות, שאַפֿן אַ נייע קויזאַלע קייט און — ווילן זיי — צערייסן זיי די וועלט אויף שטיקער.

און אָט פֿאַלן מיר ווידער אַריין אין די הענט פֿון די דעטערמיניסטן, וועלכע גלויבן אין דער אומצעררייסבאַרער קויזאַלער קייט און באַטראַכטן דעם מענטשלעכן קערפּער אַלס אויטאָמאַט; מיר קערן זיך אום צום ביאָכעמיקער, וועלכער איז איבערצייגט, אַז מיט דער צייט וועט ער זיין בכח גענוי פֿעסטצושטעלן, וועלכע מאָלעקולעס (אין וועלכער געשטאַלט און אין וועלכן צושטאַנד) האָבן געשאַפֿן שעקספּירס מאַרך און די אייגנאַרטיקייט פֿון זיינע ווערק. מיר קערן זיך אום צו דער איבערצייגונג, אַז דער מענטש האַנדלט אַזוי, ווי ער דאַרף האַנדלען, ווייל אַן איינמאָל אָנגעצויגענער זייגער פֿון לעבן גייט אַזוי, ווי ס'איז פֿון פֿאָראויס באַשטימט.

איצט וועלן מיר באַטראַכטן די רעזולטאַטן און קאָמבינאַציעס פֿון דערדאָזיקער טעאָריע. כ'שרייב אַ בוך, אין וועלכן איך רוף די מענטשן צו האַנדלען אויף אַ באַשטימטן אופֿן. כ'ווייס, פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע וועלן פֿאָלגן מיינע עצות, איינע וועלן זיין צו נאַריש דערצו, יעדנפֿאַלס וועל איך זיי האַלטן פֿאַר אַזעלכע, אַנדערע וועלן זיך אַרויסווייזן פֿאַר צו שוואַך און זיך אונטערנעמענדיק צו האַנדלען אין אַ באַשטימטער ריכטונג, וועלן זיי טאָן דאָס פֿאַרקערטע. עס וועלן זיך אָבער געפֿינען אויך אַזעלכע, וועלכע וועלן זיין גענוג קלוג און שטאַרק, כדי אָנצווענדן צו אַלע האַנדלונגען די מאָס פֿון פֿאַרשטאַנד; כ'בין איבערצייגט, אַז זיי קענען דאָס. כ'גלויב, אַז מיינע אידייען וועלן האָבן אויף זיי אַ השפּעה, וועלן זיי אויפֿטרייסלען, און אין מיין איבערצייגונג לאַך איך פֿון ביאָכעמיקער, וועלכער פֿאַרזיכערט, אַז דעם מענטשנס האַנדלונגען הענגען אָפּ פֿון כעמישע פֿאַרבינדונגען אין מאַרך און אַז איך האָב אָנגעשריבן דאָסדאָזיקע בוך בלויז דערפֿאַר, ווייל אין מיין מאַרך איז פֿאָרגעקומען אַ גאַנץ באַזונדערע פֿאַרבינדונג, און אַז אַלץ אין דער וועלט קומט פֿאָר דערפֿאַר, ווייל די וועלט איז אָנגעצויגן, ווי אַ זייגער.

דידאָזיקע פּראָבלעם איז נאָך נישט געלייזט און איך קען

נישט פֿאַרלייגן קיין שום לייזונג. דאָס, וועגן וואָס איך רעד
וואָ, האָב איך גענומען אין איינער פון קאַנטס פיר „אַנטינאָ-
מיעס”, און איר ווייסט דאָך, אַז זיי קענען מיטן זעלבן דערפאָלג
באַווייזן און אָפּגעפרעגט ווערן. ס'קען זיין, אַז דאָס לעבן איז
באמת דואַליסטיש. ס'קען זיין, אַז עס זענען דאָ צוויי דערשיי-
נונגען פון לעבן, אַ מאַטעריעלע און אַ גייסטיקע, ס'קען זיין,
אַז זיי געפינען זיך צווישן זיך אין אַנדערע שייכותן, ווי אונז
דאַכט זיך, און ביידע ווערן באַהערשט און באַשטימט דורך
עפּעס העכערס, דורך עפּעס אונז אומבאַקאַנטעס. אין אַזאַ פאַל
דאַרף באמת עקזיסטירן פאַר יעדן געדאַנק אַ כעמישער עקווי-
וואַלענט, פאַר יעדן מאַטעריעלן אטאם פון קאסמאס אַ קליינ-
טשיקער חלק פון באַוווסטזיין.

קיין זאַך איז נישט אַזוי שווער דעם מענטשלעכן גייסט,
ווי דער באַוווסטזיין פון זיין אומוויסן, און פונדעסטוועגן זע
איך נישט איין קיין שום אויסוועג פון דער דילעממע, וועלכע
שטייט פאַר אונז. כ'קען נישט קיין איין מענטשן, וועלכער זאָל
נישט גלויבן אין דער פרייהייט פון זיין ווילן און וואָס זאָל דורך
זיינע מעשים נישט דערווייזן, אַז ער איז איינשטימיק מיט
סאמיועל דזשאָנסאָן: „מיר ווייסן, אַז מיר זענען פריי, און
דערמיט איז שוין אַלץ געזאָגט”. אָן דאָזיקן גלויבן אין דער
פרייהייט פון ווילן קענען מיר זיך נישט אויפהויבן איבער דעם
ניוואָ פון חיות און הערשן איבער אונזער נשמה. אָבער גלייכ-
צייטיק ווייסן מיר אויך, וואָס עס קומט פאָר אין מענטשן,
וועלכער נעמט אָן אָן באַוואָרענישן דעמדאָזיקן געדאַנק, פרע-
דיקט פערזענלעכע מאָראַל, נישט נעמענדיק אין אַכט די עיקר-
דיקע עקאָנאָמישע פאַקטאָרן און די קעגנזייטיקע שייכות פון
קערפּער מיט די אַנדערע קערפּערס. אויב ער איז נישט קיין
נאַר און נישט קיין אויסוואָרף, וועט ער, נישט געקוקט אויף
אַלע טעאָריעס, איינגיכן זיך אומקערן פון זיינע בלאָנדענישן צום
געזונטן מענטשנפאַרשטאַנד.

„קערט זיך אום צו יעזוסן”! פלעגט וויליאַם בוטס[1] שרייען,
אַרומשפּאַצירנדיק איבער לאָנדאָן מיט אַ פּויק, כדי צו ראַטעווען
נשמות; אָבער ס'איז פאַרגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, ער האָט

1) ווילִיאַם בוטס — דער גרינדער פון דער רעטונגס-אַרמיי, 1829—1912.

דורכגעקרייצט אַלע לאַנדאָנער לעכער און ער האָט זיך איבער־צייגט, אַז ס'איז אוממעגלעך צו ראַטעווען נשמות, וועלכע לעבן אין אויסגעהונגערטע, פּאַרלייזטע קערפּערס. און דאַן האָבן וויליאַם בוטס און זיין רעטונגס־אַרמיי גענומען אויפעפענען נאַכט־הייזער און פּונקטן, אין וועלכע מ'פלעגט אַרויסגעבן זאַכן.

אַן ענלעכע אַנטוויקלונג דראָט אויך אַ אָרנטלעכן געלערנטן, וועלכער איז גרייט צו קוקן די פאַקטן גלייך אין די אויגן אַריין. דער ביאָכעמיקער זעצט זיך מיט זיינע רעטאָרטעס און קאָמפּליצירטע פאָרשונגס־אַפּאַראַטן און קלייבט אויף פאַקטן וועגן מענטשלעכן קערפּער. ער פאָרשט אויס די קראַנקהייטן פון קערפּער, דערוויסט זיך אין אַלע קליינקייטן, ווי אַזוי דידאָזיקע קראַנקהייטן פאַרשפּרייטן זיך, און אַמאָל אויך — ווי אַזוי זיי אַנטשטייען; ער קען שטעלן אַ דיאַגנאָז און פאָראויסזאָגן דעם גענויעם פּראָצעס פון דעזינטעגראַציע פון אַ וועלכן נישט איז אבר, ער קען אַפילו פאַרשרייבן אַ וועלכע נישט איז רפואה אָדער אַ דיעטע, וועלכע וועלן אָפּלייגן אויף אַ צייט דעם טויט. אַן אַנדער מאָל ווידער איז ער גאַנץ הילפלאָז, קומט אום אונטער דער משא פון די דורך אים צונויפגעזאַמלטע דעטאַלן, דעם קראַנקנס כוחות גייען אויס און ער קען זיי נישט צוריק אויפשטעלן. דאַן קומט אַ ספּעציאַליסט אַ נעווראלאָג און בלויז מיטן פּשוטן מיטל פון ענדערן די ריכטונג פון קראַנקנס געדאַנקענגאַנג רופט ער אַרויס אין אים, אין משך פון אַ האַלבער שעה, אַ נייעם לעבנס־פּראָצעס און קערט אום דעם קערפּער דעם פריערדיקן געזונט. דאָס קען טאָן אַ רעליגיעזער ענטוזיאַסט און מאָראַליסט, אָבער אַ דאָקטאָר מיט אַלע זיינע ידיעות וועט זיך געפינען אין דער לאַגע פון אַ מענטשן, וועלכער קוקט דורך אַ פענסטער און שטרענגט זיך אָן עפּעס צו דערוויסן זיך וועגן לעבן פון די שטוב־איינוווינער.

איבערן מענטשלעכן קערפּער הערשט אַ העכערער עפּעס, וועלכן מיר וואָלטן אָנגערופן נשמה, נישט וועלנדיק אָנווענדן רעליגיעזע טערמינען, אָבער אויב אויך די נשמה קלינגט צו רעליגיעז, וועלן מיר דאָסדאָזיקע עפּעס אָנרופן באַוווּסטזיין אָדער פּערזענלעכקייט. דער באַלעבאָס פון הויז הענגט אָפּ אין אַ סך הינזיכטן פון זיין שטוב. אויב עס לעשט זיך אויס דאָס פייער

אין קאַמין, ווערט ער דערפרוירן, אויב די שטוב צינדט זיך אָן, פאַרשווינדט צוזאַמען מיט אים אויך דער באַלעבאָס, נישט איבערלאָזנדיק קיין שום אַדרעס. אָבער אין אַלעם איבעריקן איז ער באמת דער באַלעבאָס פון זיין הויז און טוט אויף מיט אים ווונדער.

דער אויסגעצייכנטער געלערנטער וויליאַם דזשעמס האָט אָנגעשריבן אַ פרעכטיק ווערק: „דעם מענטשנס מאַכט". ער פאַרזיכערט דאָרטן, אַז דער מענטש נוצט אויס בלויז אַן אומבאַדייטנדיקע טייל פון דער ענערגיע, וועלכע ער פאַרמאָגט און אַז פאַר אונז שטייט די פראָבלעם צו געפינען דעם וועג צו דער פאַרבאָרגענער ענערגיע. און אין זיין אינטערעסאַנטן ווערק „די פאַרשיידנאַרטיקייט פון דער רעליגיעזער דערפאַרונג" שטודירט און אַנאַליזירט דזשעמס יענע פענאָמענען, וועלכע די דאָקטוירים און ביאָלאָגן האָבן ביז איצט איגנאָרירט און אויסגעלאַכט. אויב איך האָב קיין טעות נישט, וועט זיך סוף-כל-סוף יעדער געלערנטער מוזן אומקערן צום באַוווסטזיין פון עיקרדיקן פאַקט, אַז דאָס לעבן איז איינהייטלעך און אַז זיין קערן איז דער גייסט; אַז דאָס, וואָס מיר רופן אָן ווילן איז נישט קיין צופעליקייט, נישט קיין גענאַרעריי, נאָר די אמתע געהיימניש פון לעבן, וועלכע פאַרמאָגט הינטער זיך אַ גרויסן ים פון מאַכט, וועלכער צעשטערט אַמאָל אַלע דאַמבעס און דרינגט אַריין אין מענטשלעכן באַוווסטזיין.

דער מחבר פון דאָזיקן בוך איז אַ געדולדיק און עקשנותדיק אַרבעטנדיקער פרעדיקער פון אַ באַשטימטער עקאָנאָמישער דאָקטרין „אַנטי פאַראַזיטיזם". ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די געוווינהייט פון אַ טייל מענטשן צו פאַרקנעכטן און עקספּלואַטירן אַנדערע — זיך באַנוצן מיט זייערע כוחות, נישט געבנדיק גאָרנישט אַלס קאָמפּענסאַציע, — די דאָזיקע געוווינהייט איז געפערלעך פאַר דער קולטור און שטייט אין סתירה צו אַלע העכערע פאָרמען פון לעבן, סיי די גייסטיקע, סיי די מאָראַלישע און קינסטלערישע. ער האָט זיך געהאַלטן אין דער יוגנט פאַר אַ דיכטער, איצט איז ער אָבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ס'איז קיין מעגלעכקייט נישטאָ צו שאַפן נייע קינסטלערישע פאָרמען, כל זמן ס'איז פאַר זיי נישט געשאַפן געוואָרן קיין נייער פונדאַ-

יגנט, און די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם איז נישט פאַרביטן דורך ואָפּעראַציע. אין דער יוגנט האָט ער געשפּירט זיין באַוווסטזיין אַלס בלאַט, וועלכעס ווערט אָוועקגעשלעפּט דורך דעם שטורעם פון גייסטיקע ענערגיעס, און ביז אויף היינטיקן טאָג גלויבט ער נאָך, אַז דאָס איז פאַר אים געווען אַן אַנטפּלעקונג פון די פאַר־באָרגענע געהיימנישן פון דער עקזיסטענץ. ביז אויף היינטיקן טאָג זענען נאָך לעבעדיק אין אים די דערינערונגען וועגן יענער צייט און ביז אויף היינטיקן טאָג טראָגט זיך עפּעס אין זיין גייסט, ענלעך צו אַ געיעג־פערד אָדער צום אַפּאָקאַליפּטישן פערד, און „שפּירט די ווייטע שלאַכט". דעריבער וועט ער קיינמאָל נישט אָנערקענען קיין פילאָזאָפיע, וועלכע שמידט אין קייטן דעם מענטש־לעכן גייסט, און ער וועט קיינמאָל נישט באַגרענעצן אין זיין פאָר־שטעלונג די מעגלעכקייטן פון מענטשלעכן לעבן. אין אונז פולסירט אַ פאָרגעפיל פון אַ נס און הינטער אונז קאָכט, ווי אַ שטראָם, די גאַנצע פּראַכט פון לעבן. נייע וועלטן ווערן געבוירן אין אונז אָדער ווערן געשאַפן דורך אונז און דאָס וועקט אויף אין אונז אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד און אַ צויבער, וואָס שטייגן אַריבער אַלץ, וואָס עס קען זיך פאָרשטעלן אַ היינטצייטיקער מיטלמעסי־קער מענטש; אַ צויבער, וועלכן עס איז נישט ביכלל נישט אָפּצוּוועגן, נישט אויסצומעסטן קיין איין וויסנשאַפטלעכער אינסטרומענט.

XII

## דער גייסט פון קערפּער

די באַדייטונג פון אונזער גייסט פאַרן קערפּער וועט אונז ווערן נאָכמער קלאָר, ווען מיר וועלן באַגרייפן, אַז דאָס, וואָס מיר רופן געוויינלעך אַן „גייסט", שטעלט פאָר מיט זיך בלויז אַן אומבאַדייטנדיקע טייל פון אונזער גאַנצן גייסט. אַחוץ אונזער געוויינלעכן גייסט, וועלכער ליגט אין אונזער באַוווסטזיין־ספערע, עקזיסטירט נאָך אַ גרויסע מאַסע פון פערזענלעכן עלעמענט, אַ מין זאַפּאַסן־שפּייכלער, וועלכער איז צוגעבויט צו אונזער שטוב,

אין וועלכן מיר קוקן זעלטן אַריין, וועלכער קען אונז אָבער גוט דינען אין אַ נויטיקן מאָמענט. דערדאָזיקער שפּייכלער איז אונזער זכּרון, דאָס, וואָס מיר האָבן באַוווסטזיניק איינגעשלאָסן אין אים. עס עקזיסטירט אָבער נאָך אַ גרעסערער שפּייכלער — קיינער האָט אים נישט באַוויזן אויסצומעסטן און קיינער האָט גאָר קיין פאָרשטעלונג נישט וועגן זיין גרויס—ער אַנטהאַלט אין זיך אַלץ, וואָס מיר האָבן ווען נישט איז געוווסט און ס׳קען זיין, אַז אַפילו דאָס אַלץ, וואָס אונזערע אבות האָבן געוווסט. אַ גוטער פאַרגלייך פאַרן מענטשלעכן גייסט איז אַ שווימענדיקער אייז-באַרג: איין טייל זייגער זעט זיך איבער דער אויבערפלאַך, אָבער אונטערן וואַסער געפינט זיך אַ גרעסערע טייל.

דער אונטערבאַוווסטזיניקער גייסט שטייט, קענטיק, אין ענגסטער שייכות מיט אונזער קערפּער. זיין וווין=אָרט איז די הינטערשטע טייל פון מאַרך, דער חוט-השדרה, די גרויסע נערוון-קנופּן פון דער אָרט Pletus Solaris. דידאָזיקע טייל גייסט קאָנטראָלירט די טעטיקייט פון קערפּער, יענע אַלע געהיימניש-פולע זאַכן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אונז, איידער מיר האָבן צום ערשטן מאָל געעפנט די אויגן, וועלכעווירקן ווייטער, ווען מיר שלאָפן און וועלכע וועלן אויפהערן ערשט מיט אונזער טויט. ווען מיר צושניידן זיך אַ פינגער און אַ וועלכער נישט איז פרעמדער קערפּער דרינגט אַריין אין אונזער בלוט, שטעלט די-דאָזיקע געהיימע קראַפט אַרויס אַ גאַנצע אַרמיי — מיליאָנען בלוט-קייקעלעך — צו יענעם אָרט, כּדי צו פאַרניכטן און פאַר-טרייבן דעם שונא. ווען אונז פעלט שפּייז, גיט אונז צו וויסן וועגן דעם עפּעס, וואָס מיר רופן אָן „הונגער“. די שפּייז פאַלט אַריין אין מאָגן, באַגיסט זי אַזאַ מין עפּעס "מיט מאָגן-זאַפט, כּדי צוצוהעלפן דער פאַרדייאונגס-אַרבעט; ווען די שפּייז איז שוין פאַרדייט, באַשטימט אַן אַנדער עפּעס, וועלכע טייל שפּייז עס דאַרף גיין פאַר די מוסקולן, וועלכע טייל פאַר די קעמער-לעך פון מאַרך, פאַר די האָר און פאַר די נעגל. אמת, עס קומען פאָר אויך פעלערן, און דאַן ווערט דער קערפּער קראַנק, אָבער אין דער מערהייט פאַלן קומט דערדאָזיקער פּראָצעס פאָר רעגו-לער טאָג-טעגלעך און איז די אַרבעט פון יענעם עפּעס, וואָס מיר רופן אָן „דער גייסט פון קערפּער“.

אונזער מאַטעריעלע הילע האָט זיך געשאַפן אין רעזולטאַט פון אַ טויזנט-יאָריקן פּראָצעס, וועלכער חזרט זיך איבער אין קורצן אין יעדן עמבריאָ; דאָסזעלבע איז אויך מיט אונזער דאָזיקן גייסטיקן לעבן, וועלכעס טראָגט אויף זיך שפּורן פון אַ לאַנג דורכגעלעבטן פּראָצעס. אין אונזער אינסטינקט לעבט די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. נישט נאָר פון מענטשן, נאָר פון גאַנצן לעבן; ווען אונז וואָלט געלונגען אויסצופאָרשן ביזן סוף אונזער אונטערבאַוווסטזיין, וואָלט דאָס געווען אַ שפּאַציר אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט אַריין. העקסלי שטעלט פעסט דעם פאַקט, אַז אין אַ שטיקל קרייט איז אָפּגעשפּיגלט די גאַנצע געשיכטע פון דער עוואָלוציע, און מיר וועלן מן הסתם נישט איבערטרייבן, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז די גאַנצע געשיכטע פון קאָסמאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין אונטערבאַוווסטזיין פון יעדן מענטשן.

ווען אַ נאָר-וואָס אויסגעפּיקטע פעלדהון באַמערקט פּלוצלונג אין הימל אַ שפּאַרבער און טוליעט זיך צו צו דער ערד, איז קלאָר, אַז זי טוט דאָס נישט אויפן גרונט פון איר דערפאַרונג. ס'איז קלאָר, אַז דאָ קומט, אפשר, צום וואָרט די דערפאַרונג פון מיליאָנען פעלדהינער, וועלכע האָט זיך, אפשר, מיט צענדליקער טויזנטער יאָרן צוריק איינגעוואָרצלט אין אונטערבאַוווסטזיין און ווערט איבערגעגעבן די ווייטערדיקע דורות.

ווען אַ דאָקטאָר נעמט אויף די הענט אַ ניי-געבוירן קינד און גיט אים אַ פּעטשל, כדי עס זאָל אַ געשריי טאָן, טוט ער דאָס דערפאַר, ווייל ער ווייס פון דער דערפאַרונג, אַז דאָס איז נויטווענדיק. אָבער ווען דאָס קינד ענטפערט אויף דעם מיט אַ געשריי, טרייבט אים נאָך נישט דערצו די אויפגעבראַכטקייט קעגן דעם דאָקטאָרס האַנדלונג. נאָר דאָס זאָגט אים אונטער די דערפאַרונג פון אַלע קינדער, פון שטיין-פעריאָד אָן, אַ דערפאַרונג, וועלכע האָט זיך אויף אַ געהיימנישפולן אופן איינגעקריצט אין קינדס מוח.

די וויסנשאַפט טאַפּט איבער דידאָזיקע געביטן אין דער פינסטער. ווען מיר זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן דעם אונטערבאַוווסטזיין, וואָלטן מיר אין אונזערע הענט געהאַט אַ מעכטיקן מיטל צו ווירקן אויפן קערפּער. ביי היינטיקן

טאָג, באַמיענדיק זיך מיט מעדיצינישע אָדער כירורגישע מיטלען צו שטאַרקן אָדער אָפּצושוואַכן דעם קערפּער, רייסן מיר זיך אַריין אין אַ געביט, וווּ עס הערשט אומבאַגרענעצט דער אונטערבאַוווּסטזיין. טוט אונז עפּעס וויי, לייגן מיר צו אַ גאָרטשיצע, אָדער אַ הייסן קאָמפּרעס, כּדי אָפּצוציען אָדער צוצוציען צום קראַנקן אָרט בלוט. ווען מיר זאָלן אָבער קענען איבערגעבן אונזערע פאַרלאַנגען דעם אונטערבאַוווּסטזיין, ד.ה. זיך פאַרבינדן מיטן גענעראַל-שטאַב, וואָלטן מיר דערגרייכט גיכערע און פּאָזי-טיווערע רעזולטאַטן.

צי איז דאָס אָבער מעגלעך? כ׳וויל אייך דערציילן וועגן אַ פּשוטן עקספּערימענט, ביי וועלכן איך בין בייגעווען. כ׳האָב געקענט אַ מענטשן, וועלכער האָט אויף אַזוי ווייט אַנטוויקלט זיין ווילן, אַז ער האָט דורך אים געקענט ווירקן אויף זיין בלוט-צירקולאַציע. ער פלעגט אַוועקלייגן ביידע הענט אויפן טיש (ביידע הענט זענען געווען דיזעלבע לויט זייער באַפאַרבונג) און דורך דער אָנשטרענגונג פון ווילן פלעגט זיך אים אין אַ געוויסער צייט אַרום איינגעבן מאַכן אַזוי, אַז איין האַנט פלעגט רויט ווערן, די צווייטע — בלייך. דער דאָזיקער מענטש איז געווען פאַר זיך אַליין אַ גייסטיקע גאָרטשיצע.

דאָס, וואָס דער דאָזיקער מענטש האָט דערגרייכט דורך דער אָנשטרענגונג פון ווילן, קען מען טאָן אויך אויף אַן אַנדער אופן. אין היפּנאָטישן שלאָף שטויסן מיר זיך צונויף מיטן אונטערבאַוווּסטזיין: אין זיין באַגרענעצטן געביט איז ער אויסער-געוויינלעך שטאַרק, אָבער ביז קאָמיזם צוטרוילעך, ער איז גרייט צו גלויבן אַלץ, וואָס מ׳זאָל אים נישט זאָגן, ער איז גרייט אויסצופירן יעדנס באַפעל, ווער עס געפינט זיך נאָר אויפן טורעם פון אויטאָריטעט. איר האָט, מסתּמא, געזען די עפנט-לעכע עקספּערימענטן פון היפּנאָטיזם, ווען מ׳היפּנאָטיזירט אַ העלכן-נישט-איז בחור און מ׳רעדט אים איין, אַז ער געפינט זיך אין וואַסער, אַז ער דאַרף שווימען, כּדי זיך צו ראַטעווען, אָדער אַז ער איז אַרומגערינגלט פון אַ מחנה בינען, אָדער אַז אין זיינע הויזן פון הינטן געפינט זיך אַ לאָך — דידאָזיקע אַלע געשיכטעס, וועלכע פרייען אַזוי די צוהערער.

די היפּנאָטישע דערשיינונגען זענען מיט 150 יאָר צוריק

אַנטדעקט געוואָרן דורכן פראַנצויזישן דאָקטאָר מעסמער. טיילווייז איז ער געווען אַ שאַרלאַטאַן, ער האָט אויסבאַהאַלטן די סודות, וועלכע ער האָט אַנטדעקט, און די געלערנטע פון יענער צייט האָבן געהאַלטן דעם היפּנאָטיזם פאַר אַ שאַרלאַטאַניזם, ווייל ער איז געווען עפּעס לחלוטין נייעס און אויסערגעוויינלעכס. עס איז דאָ אַזאַ טיפּ געלערנטע, וועלכע זיצן אויף וייער טראָן, איבערן קאָפּ האָבן זיי אויפגעהאָנגען אין אַ ראַם זייער דיפּלאָם און זיי דערקלערן, אַז דאָס, וואָס זיי ווייסן, איז וויסנשאַפט, אַלדאָס איבעריקע — נאַרישקייטן. אַזוי אַרום איז אויך דער „מעסמעריזם" איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון שאַרלאַטאַנעס און וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן. מיט אַ האַלביאָרהונדערט שפּעטער האָט זיך דער פראַנצויזישער דאָקטאָר ליעבאָ פאַראינטערעסירט מיטן היפּנאָטיזם, געמאַכט אַ סך עקספּערימענטן און איינגעזען, אַז מ'קען מיט אים אויסהיילן נישט נאָר מאַניעס, קלעפּיקע אידייען, היסטעריע און מעלאַנכאָליע, נאָר אויך איייניקע פשוטע פיזישע קערפּער-קראַנקהייטן, ווי קאָפּ-ווייטאָק, רעמאַטעס און בלוט-אויסגוסן. אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן זשאַנע און שאַרפּאַנטיע באַגרינדעט די פּסיכאָטעראַפּיע. זיי האָבן אָנגעווענדט אויף היילן נישט דעם היפּנאָטיזם, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר געפערלעך, נאָר זיין שוואַכערע פאָרם, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען „היפּנאָדיזאַציע". ס'איז פשוט צו שטוינען, וויפל קראַנקהייטן, פאַר וועלכע עס שטייען הילפלאָז דער טעראַפּויט און דער כירורג, ווערן שנעל אויסגעהיילט דורך אַ ספּעציאַליסט פון נערוון-קראַנקהייטן.

מיר מוזן אויף וואָסער אופן עס זאָל נישט זיין איינשטעלן אַ פאַרבינדונג מיטן אונטערבאַוווסטזיין[1]. אין אַ סך פאַלן, ווען דער באַוווסטזיין שווייגט אַ הילפלאָזער, קלייבט זיך גוט פאַנאַנדער דער אונטערבאַוווסטזיין. למשל: ביי אַ מענטשן ציטערן שוין אַ פּאָר יאָר די הענט, ער ווייס נישט, פון וואָס דאָס קומט פאָר. דאַן זאָגט אים דער אונטערבאַוווסטזיין, אַז דאָס ציטערן פון די הענט איז אים געקומען נאָכן טויט פון

1) דידאָזיקע פאַרבינדונג איז שוין איינגעשטעלט דורך עמיל קוע. — (איב.).

דעם ווייב און זיך אונטערגעבנדיק דער סוגעסטיע גלויבט ער, אַז די צייט פון טרויער איז שוין לאַנג פאַריבער. די הענט הערן אויף צו ציטערן.

אָדער אַ פרוי דאַכט זיך, אַז איבער איר גאַנצן קערפּער קריכן אַרום ווערים. אַלץ, וואָס קומט מיט איר אין באַרירונג, קומט איר פאָר ווי ווערים, אַפילו די פאַלדן פון איר קלייד. זי ווערט נערוועז און געפינט זיך שוין אויפן שוועל פון משוגעת, — אָבער דאָ ווערט זי היפּנאָטיזירט דורך אַ דאָקטאָר, זי זעט, ווי ער נעמט אַראָפּ פון איר די ווערים און טויט זיי. דער רעזולטאַט — איר מאַניע גייט אַריבער. דערדאָזיקער פאַל איז צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע געבראַכט אין ווערק פון פּראָפּ. קוואַקענבאָס „היפּנאָטישע טעראַפּיע”.

זייער אַ שטאַרקן איינפלוס האָט אויף דעם אונטערבאַוואוסטזיין די רעליגיע. די מענטשן, וועלכע קענען באַהערשן און קירעווען דעם רעליגיעזן געדאַנק, קענען אויסהיילן קראַנקע און נישט נאָר קלעפּיקע אידייען, נאָר אויך אַזעלכע, וועלכע טראָגן די געשטאַלט פון ריין־פיזישע קראַנקהייטן, וועלכע אַנטשטייען אָבער, ווי דאָס באַווייזט דער פּסיכאָאַנאַליז, אויפן באָדן פון היסטעריע. פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע מענטשן לייקענען, אַז זיי באַנוצן זיך צום דאָזיקן ציל מיט היפּנאָטיזם.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָב איך זיך געטראָפן אין לאָנדאָן מיט מענטשן, וועלכע האָבן שטודירט דעמדאָזיקן היילמעטאָד. אין דער צייט פון דער רייזע איבערן קאָנטינענט האָט מיין פרוי שטאַרק גענומען ליידן פון קאָפּ־ווייטאָק. זי האָט אַוועקגעלייגט די קאָפּ אויף מיינע קני און מיר איז איינגעפאַלן צו מאַכן אַן עקספּערימענט. נישט רעדנדיק קיין וואָרט, האָב איך אַוועקגעלייגט מיין האַנט אויף איר שטערן און קאָנצענטרירט אַלע מיינע געדאַנקען אויף איר קאָפּ־ווייטאָק. כ׳האָב געוווסט די סיבה פון דער קראַנקהייט, כ׳האָב געוווסט, אַז איר קאָפּ־ווייטאָק איז ארויסגערופן געוואָרן פון מידקייט דורך דער פאַרגיפטונג פון די זע־נערוון, כ׳האָב זיך אין געדאַנק פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי דאָס בלוט וואָלט געדאַרפט ווירקן, כדי דער קאָפּ־ווייטאָק זאָל אויפהערן, און קאָנצענטרירט מיין גאַנצן ווילן

איפן באפעל צום אונטערבאַוווסטזיין, ער זאָל דאָס אויספירן. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך מיין פרוי אויפגעהויבן און פאַרווונדערט געזאָגט: „דער קאָפּ טוט מער נישט וויי. דער ווייטאָק איז עפּעס פאַראַמאָל שטיל געוואָרן".

אמת, דאָס האָט געקענט זיין אַ פּשוטער טראַף, אָבער איך האָב אָפט איבערגעחזרט דעמדאָזיקן עקספּערימענט מיטן זעלבן דערפאָלג. כ'בין פעסט איבערצייגט, אַז מענטשן מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטער ווילנס-קראַפט קענען ווירקן אויף דעם אונטערבאַוווסטזיין, און באַוואָפנטע מיט דערדאָזיקער איבערצייגונג, קענען מיר גלויבן אין די נסים פון נייעם טעסטאַמענט, אין די נסים פון לורד, אין די אויסהיילונגען פון "בעלי-תפלה" און די „ניי-דע קנדיקע". מיר גלויבן אין זיי, אָבער גלייכצייטיק פאַרלירן מיר אויך נישט די זיכערקייט, אַז אַלץ אין לעבן האָט אַ סיבה און אַז ביי אַ גענויער אויספאָרשונג וועלן מיר זי געפינען.

## XIII

## די אויספאָרשונג פון אונטערבאַוווסטזיין

דער פאַרשפּרייטסטער מעטאָד, וועלכער ווערט אָנגעווענדט ביים אויספאָרשן דעם אונטערבאַוווסטזיין, איז דער אויטאָמאַטישער שרייבן. איך פערזענלעך האָב אים קיינמאָל נישט אָנגעווענדט, אָבער טויזנטער מענטשן זיצן יעדן אָוונט מיט אַ בלייפעדער אין האַנט איבער אַ ריינעם בויגן פּאַפּיר און לאָזן זייער אונטערבאַוווסטזיין שרייבן, וואָס אים ווילט זיך. אַ טייל געלערנטע גרעניצט זיך אָפּ פון דאָזיקן מעטאָד, פון טישל-טאַנצעריי און ענל. און האַלט דאָס אַלץ פאַר אַ שווינדל. אָבער אַסך באַרימטע געלערנטע האָבן דורכגעפירט ענלעכע עקספּערימענטן און זיי זענען געקומען צום אויספיר, אַז צום באַפרייטן אונטערבאַוווסטזיין איז אפן דער וועג נישט נאָר פאַרן גייסט פון מעדיום, נאָר אויך פון אַלע אָנוועזנדיקע און אפילו אָפּוועזנדיקע. איך פערזענלעך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי מ'קען שטודירן די

פּנים, װעלכע זענען פאַרעפּנטלעכט געװאָרן דורך דער „בעַלשאַפט פאַר פּסיכישע אויספאָרשונגען“ און נישט זען אין זיי קיין באַשטעטיקונג פון דעם, אַז טעלעפּאַטיע שטעלט פאָר מיט זיך, לכל הפּחות, איינע פון די כּחות פון אונטערבאַװוסטזיין.

„טעלעפּאַטיע“ איז דאָס, װאָס װערט געװײנלעך אָנגערופן די „פעאיקייט איבערצוגעבן געדאַנקען“. כּמעט יעדער פון אונז האָט באַקאַנטע, װאָס זייערע פּסיכישע כּחות זענען באַזונדערס שטאַרק אַנטװיקלט און װעלכע װייסן, װאָס עס קומט פאָר מיט זייערע פריינט אין אַ צװייטער װעלט-טייל, זיי לויפן צוריק אויף די שטיגן, װייל זיי האָבן „דערשפּירט“, אַז עמעץ רופט זיי, אָדער גייען צו דער טיר, װייל זיי שפּירן עמעצנס דערנענטערונג. ס׳קען זיין, אַז דידאָזיקע צוױי פאַקטן זענען צופעליקע, דאָס שליסט אָבער נישט אויס די נויטװענדיקייט איבערצולייענען און אויסצושטודירן דאָס, װאָס די הײנטצייטיקע געלערנטע האָבן װעגן דעם צו זאָגן.

איינס איז קלאָר, און קיין איין קאָמפּעטענטער געלערנטער לייקנט דאָס נישט אָפּ: דאָס, װאָס איז איינמאָל פאָרגעקומען מיט אונז, בלייבט אויפגעהיט אין אונזער זכּרון און ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט עס אַרויסצוציען פון דאָרט. איינע אַן אַלטע פרוי האָט גערעדט פון היץ מאָדנע װערטער. ס׳איז פעסטגעשטעלט געװאָרן, אַז זי רעדט העבּרעאיש. דידאָזיקע פרוי איז נישט געװען קיין געבילדעטע און אין קרייז פון איר באַװוסטזיין האָבן זיך געפונען בלויז איר אייגן שטוב-לעבן און דאָרפישע רכילותן. מיטן דאָזיקן פאַל האָט מען זיך פאַראינטערעסירט און ס׳האָט זיך אויסגעשטעלט, אַז אַלס קליין מיידל האָט זי געאַרבעט אין שטוב פון אַ מענטשן, װעלכער האָט זיך געלערנט העבּרעאיש און פלעגט אָפט לייענען העבּרעאיש אויפן קול. — זי האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין העבּרעאיש װאָרט און פונדעסטװעגן האָבן זיך אין איר אונטערבאַװוסטזיין אויפגעהיט אַלע װערטער ביז איינעם. אַזעלכע פאַלן זענען באַקאַנט אַסך, און מיר זענען צו זיי געװוינט צוגעגרייט דורך פאַלן פון פענאָמענאַלן באַװוסטזיין-זכּרון. ס׳איז באַקאַנט, אַז מאָצאַרט, װען ער האָט אַלס קינד געהערט צום ערשטן מאָל אַן אָפּערע, האָט ער זי איבערגעחזרט אין שטוב פון אָנהויב ביזן סוף, נישט דורכלאָזנדיק קיין איין נאָטע. ביי הײנטיקן

טאָג לעבט אין אַמעריקע אַ קינד, וואָס שפּילט אין שאָך מיט דרייסיק שפּילערס. עס האָבן עקזיסטירט מענטשן, וועלכע האָבן געקענט כּפּלען „אין קאָפּ" אַ צוויי-און-דרייסיק גלידיקן ציפער אויף אַ צוויי-און-דרייסיק גלידיקן, און אנד., וועלכע האָבן געקענט דורכלייענען אויף אויסנווייניק די ביבל, אָנהויבנדיק פון סוף.

דאָס אַלץ קומט אונז פּאַר אומגלויבלעך, אָבער עס איז נאָך דאָ עפּעס מער אומגלויבלעכעס: דיזעלבע כּוחות, וועלכע עס פאַרמאָגט אונזער אונטערבאַוווסטזיין, האָבן אויך די חיות. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך באַוויזן מעטערלינקס בוך „דער אומבאַקאַנטער גאַסט", אין וועלכן ער רעדט וועגן עקספּערימענטן מיט די אַזוי-גערופענע „עלבערפעלדער" פערד. דידאָזיקעביידע פערד, וועלכע זענען אין משך פון עטלעכע יאָר דרעסירט געוואָרן דורך זייער באַלעבאָס, האָבן געקענט צונויפלייגן, כּפּלען און טיילן פילגלידיקע צאָלן, אַרויסציען קוואַדראַטיקע און קובישע וואָרצלען, צונויפשטעלן פון אותיות נעמען, אונטערשיידן קלאַנגען, פאַרבן און ריחות און האָבן געוווּסט די שעה לויט דער ציפער-בלאַט פון זייגער. מ'וואָלט געקענט אָפּרעגן, אַז די פערד האָבן געקוקט אויף די סימנים פון זייער דרעסירער, אָבער אויך אין לעצטנס אָפּוועזנהייט האָבן זיי געלייזט דיזעלבע אויפגאַבעס און דאָס געמאַכט אַפילו אין דער פינסטער, מיט זעק איבער די קעפּ. די געלערנטסטע מענטשן פון דייטשלאַנד האָבן נישט גע-קענט צוטראַכטן קיין אויספּרווּונג, וועלכע דידאָזיקע פערד זאָלן נישט אויספּאַלטן. אמת, אויף דער וועלט האָבן עקזיסטירט אַ סך וווּנדערבאַרע שווינדלערייען, און ס'קען זיין, אַז צו זייער צאָל דאַרפן אויך פאַררעכנט ווערן די עקספּערימענטן מיט דידאָזיקע פערד, אָבער איך וויל צוערשט אויסלערנען די נסים פון מענטש-לעכן אונטערבאַוווסטזיין ביזן סוף, איידער איך וועל זיך באַ-שליסן צו זאָגן, אַז פאַרן אונטערבאַוווסטזיין פון אַ פערד אָדער אַ הונט עקזיסטירט עפּעס אוממעגלעכס. איך וועל וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז די געלערנטע וועלן מיר נישט דערקלערן, ווי קומט עס פאָר, וואָס דער אונטערבאַוווסטזיין פון פערד און הינט ווייס, ווי צו שאַפן און פאַרריכטן ביינער און ציין. איך פרעג: אויב מ'קען געפינען עפּעס געמיינזאַמס אין אונטערבאַוווסטזיין פון צוויי מענטשן, טאָ פאַרוואָס מאַכט איר חוזק פון דער הנחה,

אַז מ׳קען געפינען עפּעס געמיינזאַמס צווישן אַ מענטשן און אַ פערד? פאַרוואָס־זשע קומט אייך נישט פאַר קאָמיש, וואָס חיות און מענטשן אָטעמען מיט איין־און־דערזעלבער לופט, דערנערן זיך מיט דערזעלבער שפּייז, ווייזן אַרויס דיזעלבע נייגונגען און שרעקן זיך פאַר דיזעלבע סכנות?

בלויז אומוויסנדיקע פערזאָנען קענען זיך באַציען צו דער־דאָזיקער טעמע דאָגמאַטיש; אָבער די, וועלכע שטודירן זי, אַנטדעקן טאָג־טעגלעך די וווּנדערלעכסטע זאַכן און זיי וויסן, אַז מיר געפינען זיך אויף דער שוועל פון אַ נאָר־וואָס דורך אונז אויפ־געעפנטער טיר, וואָס פירט אין אַ גאַנצער וועלט פון נייעם וויסן. דערמאָנט זיך נאָר, למשל, וועגן יענע פאַקטן, וועלכע מיר האָבן זיך דערוווּסט פאַר דער לעצטער צייט וועגן דער פער־זענלעכקייט און איר באַדייטונג. ס׳קען זיין, איר וועט זאָגן, אַז איינס ווייסט איר אינגאַנצן זיכער: אַז איר זענט קיינמאָל נישט געווען קיין אַנדערער, ווי איר זייט. אָבער, ווי איז, אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז אייער „איך" וועט שוין מאָרגן אויפהערן עקזיסטירן און אַז עמיצער וועט פאַרכאַפּן אייער קערפּער, אָנטאָן אייערע בגדים און וועט אויסגעבן אייער געלט? ווי איז, אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז אין אייער „איך", אין אייער קערפּער עקזיסטירט אַ האַלבע טוץ פאַרשיידענע פּערזענלעכקייטן, וועלכע איר האָט קיינמאָל נישט געקענט, וועגן וועלכע איר האָט קיינ־מאָל נישט חושד געווען, און אַז מאָרגן שוין קען אויסברעכן צווישן זיי אַ קאַמף וועגן דעם, ווער פון זיי זאָלן הערן מיט אייערע אויערן, רעדן מיט אייער צונג, טראָגן אייערע בגדים? אויב איר זענט נישט באַקאַנט מיט די ווערק איבער דער צע־צווייאונג פון דער פּערזענלעכקייט, וועט אייך דאָס אַלץ פאַרקו־מען פונקט אַזוי אומוואַרשיינלעך, ווי דאָס פערד וועלכעס פאַר־נעמט זיך מיט מאַטעמאַטיק.

כ׳וועל אייך דערציילן דעם פאַקט מיט אַנסעלם בערי, וועלכער איז געווען אַ גלח אין ראָד עילאנד. איינמאָל איז ער פאַרשוווּנדן און זיין משפּחה האָט פאַרלאָרן יעדן שפּור פון אים. אין צוויי יאָר אַרום האָט עפּעס אַ הענדלער אין איינער פון די שטעט פון שטאַט פּענסילוואַניע דערשפּירט, אַז ער איז אַמאָל געווען אַנסעלם בערי, ער האָט אָבער לחלוטין נישט

געקענט דערמאָנען זיך, וויאַזוי ער איז געוואָרן אַ הענדלער און וואָס מיט אים איז געשען אין דער צווישנצייט. ווען מ'האָט אים פאַרהיפּנאָטיזירט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פאַרמאָגט צוויי פּערזענלעכקייטן. איינע פון די פּערזענלעכקייטן האָט זיך דערמאָנט, וואָס מיט איר איז געשען אין צווישנפּעריאָד.

און אָט איז נאָך אַן אינטערעסאַנטער פאַל מיט אַ יונג מיידל, וועלכע איז באַקאַנט אין די אַרבעטן איבער פּסיכאָ-טעראַפּיע אונטערן נאָמען מיס באָשאַן. איר געשיכטע ווערט דער-ציילט אין בוך פון מאָרטאָן פּרינס „דיזאַסאָציאַציע פון דער פּערזענלעכקייט". מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק איז מיס באָשאַן פּלוצלונג קראַנק געוואָרן, געוואָרן זייער נערוועז און גענומען טאָן מאָדנע זאַכן, שענדלעכע און באַליידיקנדיקע פאַר איר. מ'האָט איר פאַרהיפּנאָטיזירט און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאַל פון פּערזענלעכקייט-צע-צווייאונג. איר צווייטע פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט זיך אָנגע-רופן סאַללי, האָט לגמרי געהאַט אַן אַנדער כאַראַקטער, ווי מיס באָשאַן, זי איז געווען שטאָלץ, באַרימעריש און פּרימיטיוו ווי אַ קינד. זי האָט פיינט געהאַט די מיס באָשאַן, זי שטענדיק גערזידלט און איר איז געפעלן געוואָרן אָפּצוטאָן איר פיינט די מיאוסטע שפּיצלעך, פאַרשוועכן איר געלט און אַרויסשטעלן זי פאַר די פריינט אין אַ שלעכטער ליכט. סאַללי איז שטענדיק געווען געזונט, און מיס באָשאַן קראַנק, און ביידע פּערזענלעכ-קייטן האָבן געפירט צווישן זיך אַ קאַמף פאַרן קערפּער, דערביי פלעגט אין דער מערהייט פאַלן זיגן סאַללי, זי פלעגט אַוועק-שלעפּן דעם קערפּער אויף לאַנגע שפּאַצירן און דערנאָך פלעגט זי אים איבערגעבן, אַ פאַרמאַטערטן און פאַרפרוירענעם אָן אַ פענט אין קעשענע, דער מיס באָשאַן. דאָס פלעגט, פאַרשטייט זיך, פאַרשאַטן דעם געזונט פון מיס באָשאַן, און סאַללי פלעגט אַלץ אָפטער און אָפטער באַהערשן דעם קערפּער. סאַללי האָט געוווּסט אַלץ, וואָס מיס באָשאַן טוט און טראַכט, מיס באָשאַן אָבער האָט וועגן סאַללין גאָרנישט נישט געוווּסט. צוליב דער מורא, די פריינט זאָלן זי נישט האַלטן פאַר משוגע, פלעגט מיס באָשאַן מיט אַלע כּחות אויסבאַהאַלטן איר שרעקלעכע לאַגע.

סאַללי פלעגט נישט דערלאָזן דערצו און שרייבן זידל-בריוו סיי דער מיס באָשאַן, סיי איר פריינט.

נאָך עטלעכע יאָר קוראַציע האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אַ דריטע פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט נישט געקענט נישט סאַללין, נישט מיס באָשאַן. מיס באָשאַן האָט באַזוכט אַ הויכשול און געקענט פראַנצויזיש, סאַללי האָט דידאַזיקע שפּראַך נישט געקענט און זיך אומזיסט באַמיט זי אויסצולערנען; די דריטע פּערזענלעכקייט האָט נישט געהאַט קיין העכערע בילדונג. נאָך לאַנגדויערנדיקע עקספּערימענטן — דער באַריכט לייענט זיך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, ווי אַ ראָמאַן — האָט דאָקטאָר פּרינס זיך דערוווּסט, אַז דידאָזיקע דריטע פּערזענלעכקייט איז די אמתע מיס באָשאַן, און די צוויי אַנדערע זענען בלויז געווען דערשיינונגען פון פּערזענלעכקייט-צעצווייאונג. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די סיבה פון דאָזיקן פאַל איז געווען אַ שווערע נערוון-דערשיטערונג, און אים האָט זיך איינגעגעבן צו פאַראייניקן די מיס באָשאַן מיט דער דריטער פּערזענלעכקייט. און די לייכטזיניקע סאַללי האָט ער פאַרניכטעט. לייענסט זיין באַריכט און קוקסט זיך צו, ווי דער דאָקטאָר טויט גייסטיק אַ מענטשן; סאַללי בעט האַרצרייסנדיק רחמים, בעט זיך, מ׳זאָל זי לאָזן לעבן, ער אָבער פאַרמשפּט זי צום טויט און פירט דאָס אומברחמנותדיק אויס. דער באַריכט וועגן דאָזיקן פאַל איז ענלעך אויף אַ קינאָ-שטיק מיט אַ גליקלעכן סוף און זי פלעגט דעמיעניקן, וועלכער גלויבט, אַז יעדער פון אונז האָט אַן אייביקע נשמה, וועלכע איז מחויב אָפּצוגעבן אַ דין-וחשבון פאַר אַ פּערזענלעכן גאָט.

עס איז דאָ נאָך אַ אינטערעסאַנטער מיטל אויסצופאָרשן דעם אונטערבאַוווּסטזיין: חלומות. מיט אַ יאָר פופצן צוריק האָט מיר איינער אַ ניו-יאָרקער פּסיכאָטעראַפּויט דערציילט וועגן דער אַנטדעקונג פון ווינער פּראָפעסאָר פרויד.

אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט האָט נישט עקזיסטירט אַזאַ פּעריאָד, ווען די מענטשהייט זאָל זיך נישט האָבן געפרוווט אויסטייטשן חלומות, און אויך איצט קען מען נאָך פאַר פינף-און-צוואַנציק סענט קויפן אַ פּותר-חלומות, ווו עס שטייט געשריבן, אַז דאָס זען אין חלום אַ ווייס פערד באַדייט:

באַקומען אַ בריוו פון דער געליבטער — אין אַ צווייטן פּותר־חלומות שטייט אָבער, אַז דאָס זען אין חלום אַ ווייס פערד באַדייט דעם טויט פון אַ נאָענטן מענטשן. אַזעלכע מינים „אויסטייטשונגען” שטויסן, פאַרשטייט זיך, אָפּ פון אויסטייטשן חלומות. אָבער חלומות זענען דאָך פאַקטן און אַלס אַזעלכע מוזן זיי האָבן אַ סיבה. ס'איז באַקאַנט, אַז ווען מ'עסט זיך אַ סך אָן צו נאַכט צו, זעט מען אין חלום עפּעס שרעקלעכס, אָבער וואָס — אַ שלאַנג, אַ באַן־קאַטאַסטראָפע, דעם טויט אונטער פערדישע קאָפּיטעס? וואָס פאַר אַ שרעקלעכס וועט איר אַרויסנעמען אין חלום פון גרויסן זאַפּאַס פון אייער זכרון?

דער פּראָפ. פרויד האָט אַנטדעקט, אַז חלומות זענען דער אויסדרוק פון אַ וועלכער נישט איז באַדערפעניש. אונזערע אינסטינקטן לייגן פאַר דעם באַוווסטזיין אַ סך אימפּולסן און פאַרלאַנגען, דער באַוווסטזיין קלייבט אויס פון צווישן זיי דאָס, וואָס אים געפעלט, און אונטערדריקט די אַנדערע. דערדאָזיקער אויסוואַל איז אָפט נישט צום האַרצן דעם אונטערבאַוווסטזיין. דער גייסט פון קערפּער שטייט אויף קעגן גייסט — צי קעגן גייסט פון פאַרשטאַנד, אָדער קעגן גייסט פון דער געזעלשאַפט. דער גייסט פון דער געזעלשאַפט, וועלכער ווערט אויך אָנגערופן „מאָראַלישער געזעץ”, דערקלערט, אַז דו דאַרפסט זיין אַ פאָלגעוודיק קליין יינגעלע, גיין אין שולע זיך לערנען, אָבער דעם גייסט פון קערפּער וואָלט זיך בעסער וועלן זיין ווילד, קריכן איבער ביימער נאָך נעסטן, אַראָפּנעמען קעפּ פון פיינט, אויסגראָבן אוצרות און געהיימנישפולע היילן. און דער פאַראומערטער אונטערבאַוווסטזיין פון יינגל וואַרט אויף אַ גינסטיקן מאָמענט, ווען דאָס יינגל שלאָפט און עס שווייגט דער מאָראַלישער אינערלעכער צענזאָר.

דער גייסט פון חלום איז נישט לאָגיש, אומקולטורעל און אינטערעסירט זיך נישט מיט קיין שום אַבסטראַקטעס. די זאַכן אינטערעסירן אים אַ סך ווינציקער, ווי די ווערטער, ער גיט נישט קיין שום פאָרמולעס און ווייזט בילדער און געהיימנישפולע פאַרלויפעניש. ער זאָגט נישט, אַז די זון שטעלט פאָר מיט זיך אַן אָנזאַמלונג פון וואַסערשטאָף פון אַזויפיל און אַזויפיל מייל

אין דיאַמעטער, ער דערקלערט, אַז די זון איז אַ קאָסמישער העלד, וועלכער טויט דעם שוואַרצן דראַקאָן פון דער נאַכט.

דער ספּעציאַליסט, וועלכער שטודירט חלומות, וועט באַמערקן, אַז זיי דרייען זיך כּמעט תּמיד אַרום איין-און-דערזעלבער טעמע; די אויספאָרשונג פון די חלומות פון נערוועז-קראַנקע פירט אָפּט צו דערוויסן זיך די סיבּות פון דער קראַנקהייט. מיט דער הילף פון אַ פּסיכאָאַנאַליטישן מעטאָד קען דער דאָקטאָר דערקענען די סיבּה פון דער קראַנקהייט אין צוריק אויפשטעלן די געשטערטע גלייכגעוויכט צווישן דעם באַוווסטזיין און דעם אונטערבאַוווסטזיין.

# XIV

## די מאַכט פון אינטעלעקט

מיר האָבן פאַרענדיקט אונזער אויבערפלעכלעכן איבערזיכט פון מענטשלעכן גייסט און זיין מאַכט. צי ס'איז אונז געלונגען, צי ס'איז אונז נישט געלונגען צו ברענגען אין אונזערע נאָטיצן די נויטיקע באַווייזן, — איינס קענען מיר זאָגן אויף זיכער: אויב דער לייענער האָט זיי אויפמערקזאַם דורכגעלייענט, וועט ער שוין מער נישט גלויבן, אַז ער ווייסט אַלץ, און דערדאָזיקער געדאַנק איז דער ערשטער טריט צום אמתן וויסן.

דער אינטעלעקט שטעלט פאַר מיט זיך יענעם כּלי-זין, וועלכער האָט דער מענטשהייט געהאָלפן זיך אויסצוטיילן פון דער וועלט פון די חיות. באַנוצנדיק זיך מיטן דאָזיקן געווער שטעלן מיר אַ ווידערשטאַנד די כּחות, וועלכע באַמיען זיך צו שלעפּן אונז אויף צוריק, און מיר קענען, אויב דאָס וועט אונז גאַשערט זיין, זיך אויפהויבן נאָך העכער. וויאַזוי זאָלן מיר אייניטן דאָסדאָזיקע ווערטפולע געוועער? וויאַזוי זאָלן מיר אים איינגאַנצן שטעלן אין אונזער דינסט? און ווי זעען אויס די געזעצן, וועלכע באַהערשן דעם אינטעלעקט?

דער אינטעלעקט זוכט כּסדר נייע פאַקטן, נעמט זיי אויף, פאַרדייט זיי און אַסימילירט, פּונקט אַזוי ווי דער קערפּער

זוכט שפייז, פאַרדײַט זי און אַסימילירט. די חושים שטעלן אונז צו אַלץ נייע איינדרוקן, מיר נעמען זיי אויף, אַנאַליזירן, צולייגן זיי אויף באַזונדערע טיילן, מיר פאַרגלייכן זיי מיט אַנדערע איינדרוקן, מיר געפינען איין אונטערשיידן אין זאַכן, וועלכע זעען אויס גלייכאַרטיק, און פאַרקערט: מיר קלאַסיפיצירן די איינדרוקן און גיבן זיי נעמען. אָבער קודם כל זוכן מיר די סיבות, יענע קייט זייערע, וועלכע באַדייט אין דער וועלט פון פענאָמענען — סדר. אויב דער פאַרשטאַנד האָט געפונען עפּעס, וואָס זעט אים אויס צו זיין אַ סיבה, פּראָבירט ער אים אויס לויט פעסט-איינגעשטעלטע מעטאָדן, מיט דער הילף פון כללים און פּרינציפּן פון דער עקספּערימענטאַלער וויסנשאַפט.

דער קערפּער שטעלט צו דעם אינטעלעקט אַ לפי-ערך באַגרעניצטע צאָל איינדרוקן, און ווען דער אינטעלעקט זאָל זיך באַציִען צום לעבן פּאַסיוו, וואָלטן מיר געלעבט אין זייער אַן ענגער, באַגרעניצטער וועלט, אָבער אונזער אינטעלעקט איז ניי־גיריק, ער נעמט זיך זעלבשטענדיק אויסצופאָרשן דעם לעבן, ער אַנטדעקט זעלבשטענדיק נייע געזעצן, נייע איינדרוקן און פירט דורך נייע עקספּערימענטן. דער פאַרשטאַנד שאַפט אַן אידייע און לויטן מוסטער פון די אַלטע גריכישע פילאָזאָפן פאַר־געטערט ער זי. אָבער דאַן באַווייזט זיך אויף דער סצענע דער עמפּירישער מעטאָד, וועלכער לייקנט אָפּ דעם אויטאָריטעט פון דער אידייע, אויב עס איז דערוויזן געוואָרן עקספּערימענטאַל, אַז זי שטייט אין הסכם מיט דער ווירקלעכקייט. אין דער היינטיקער צייט נעמט דער דענקער צונויף צוזאַמען אַלע זיינע אידייען, שאַפט אַ טעאָריע, וואָס פאַראייניקט זיי און וואַרפט אונטער דידאַקטיקע טעאָריע די שטרענגסטע עקספּערימענטן, וועלכע עס פירן דורך אָדער ער אַליין, אָדער זיינע קריטיקער. אויב דער עקספּערימענט איז נישט גינסטיק פאַר דער טעאָריע, ווערט זי אַרויסגעוואָרפן, ווי אַן אַלטער שטיוול. אויף אַזאַ וועג ווערט געשאַפן אַ קאָנגלאָמעראַט, וועלכער קען דינען אַלס פונדאַמענט פאַר אונזער קולטור.

מיט דער הילף פון דאָזיקן מעטאָד קען דער מענטש אַנטוויקלען זיין אינטעלעקט ביז אַזאַ מדרגה, וועגן וועלכער מ'האָט פריער גאָרנישט געקענט חלומען. אין דער צייט, וואָס מיר

אַרבעטן אָדער רועץ אַנטדעקט דער אינטעלעקט פון דער ראַסע יעדע שעה אַלץ נייע וועלטן, אין וועלכע עס וועלן לעבן די קומענדיקע דורות. אומגעציילטע מענטשלעכע לעבנס האָט די מענטשהייט דורכגעלעבט אויף דער ערד, אַרומגערינגלט מיט נאַנצע וואָלקנס באַקטעריעס, וועגן וועלכע זי האָט נישט געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג. עס זענען געפאַלן אויף איר די אומעבאַרע שטראַלן פון ספעקטער און זי האָט נישט געוווּסט וועגן זייער באַדייטונג. דער מענטש פלעגט אויפהויבן דעם קאָפּ און זען איבער זיך אַ געשטערנטע וועלט, אין פאַרגלייך מיט וועלכער זיין ערד איז בלויז אַ שטויבעלע, און דידאָזיקע וועלטן האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט בלויז אַלס לאַמטערנס, וועלכע עפּעס אַ גאָט האָט אַרויסגעהאָנגען אויפן הימל.

איינער פון די בעסטע באַווייזן פאַר דעם, אַז דער אינטעלעקט זעט פאָרויס דאָס, וואָס די חושים נעמען אויף, איז די געשיכטע פון דער פּלאַנעטע אוראַן, וועלכע קיין איין מענטשלעך אויג האָט נאָך נישט געזען מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק. איין מאַטעמאַטיקער, וועלכער האָט שטודירט אין זיין אָבסערוואַטאָריע די באַוועגונג פון די פּלאַנעטעס אין שייכות מיט זייער גרויס און מרחק, האָט אַנטדעקט, אַז די אויספּירן, וועלכע באַקומען זיך, זענען נישט אַזעלכע, ווי מ'האָט דאָס געקענט דערוואַרטן. אין אַ באַשטימטער צייט האָט זיך קיין איינער פון די שטערנס נישט געפונען אויפן באַשטימטן אָרט. דערפון האָט דער מאַטעמאַטיקער געמאַכט אַן אויספיר, אַז די אָפּווייבונגען ווערן אַרויסגערופן דורך דער עקזיסטענץ פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטן קערפּער. ער האָט פעסטגעשטעלט די גענויע גרויס פון דאָזיקן לעצטן און ווען זיינע אויסרעכענונגען זענען פאַרענדיקט געוואָרן, האָט ער דערקלערט די אַסטראָנאָמען: „אין דער און דער נאַכט, אין דער און דער מינוט גיט אַכטונג אויף דעם און דעם אָרט אויפן הימל און איר וועט אַנטדעקן אַ נייע פּלאַנעטע, פון אַזאַ און אַזאַ גרויס." אויף אַזאַ אופן האָבן די מענטשלעכע חושים באַקומען אַ ידיעה וועגן א פאַקט, וואָס אָן דעם וואָלטן זיי זיך, אפשר, קיינמאָל נישט דערוווּסט וועגן זיין עקזיסטענץ.

די באַדייטונג פון דער אַנטדעקונג פון אַ נייער פּלאַנעטע

איז נישט גענוג קלאָר פאַרן דורכשניט מענטשן; ער וועט באַגרייפן, למשל, די אַנטדעקונג פון נייע שטראַלן, וועלכע ברענגען אין באַוועגונג אַ לאָקאָמאָטיוו, אָדער וועלכע היילן אויס אַ קרעבס און אויף דעם וועלן אפשר די הערשער פון די וועלט-מערק אַליין מנדב זיין אַ געוויסע סומע. אָבער די וויסנשאַפטס-מענטשן ווייסן אויף זיכער, אַז עס זענען נישטאָ קיין אומזיסטע אויס-שטראַלונגען און אומנוציקע ידיעות. מ׳וואָלט געקענט מיינען, אַז די אַרבעט פון קלאַסיפיצירן די פליי, וועלכע לעבן אויף שטשורעס און וועוויאָרקעס, אָדער די אויספאָרשונג פון די באַקטעריעס, וועלכע געפינען זיך אינם בלוט פון דידאָזיקע פליי איז אַן העכסט־אומזיניקע אַרבעט. אָבער די רעזולטאַטן פון אַזאַ אויספאָרשונג זענען אין דער גרעסטער מאָס באַדייטנדיק; אויפן גרונד פון די באַקומענע רעזולטאַטן האָבן די באַקטעריאָלאָגן אַנטדעקט די סיבות פון דער געשווירן-פעסט, וועלכע האָט אין די אַלטע צייטן נישט איינמאָל אומגעבראַכט אַ העלפט פון אייראָפּעס באַפעלקערונג.

מאַרק טווען דערציילט אין זיין ראָמאַן „יאַנקי ביים הויף פון קייזער אַרטור", וויאַזוי זיין העלד האָט זיך איינגעגעבן צו באַזיגן דעם מכשף מערלין, ווייל ער האָט פריער געוווסט וועגן דער פאָרשטייענדיקער לקוי-חמה. געוויס, דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה, און אויב אייך זענען ליבער פאַקטן, טאָ לייענט איבער אין די מעמואַרן פון פראַנצויזישן פאקוסניק אודען, וויאַזוי אים האָט זיך איינגעגעבן אונטערצוואַרפן דער פראַנצויזישער רעגירונג די אַראַבישע שבטים אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט צוגענומען ביי זייערע פירער די קראַפט. ער האָט זיי צוגעפגעקליבן אַרום זיך און פאָרגעלייגט די שטאַרקסטע מענטשן אויפצוהויבן די משא, וועלכע מ׳האָט אַוועקגעלייגט פאַר זיי. דאָס פלעגט זיי געלינגען, ווען אודען פלעגט עס דערלויבן און עס פלעגט זיך נישט איינגעבן, ווען ער פלעגט עס פאַר-ווערן. די אַראַבער האָבן נישט געוווסט וועגן דער עקזיסטענץ פון עלעקטראמאגניט.

ענלעכע טריוויאַלע פאַקטן באַווייזן דעם חלוק צווישן וויסן און אומוויסן און די יתרונות, וועלכע דאָס ערשטע גיט. דער ווייסנדער מענטש איז געגליכן צו אַ גאָט אין פאַרגלייך מיט

די אומוויסנדע, ער קען זיי פאַרקנעכטן, מאַכן מיט זייער לעבן אַלץ, וואָס אים ווילט זיך, און זיי זעגען הילפלאָז קעגן אים. ווער עס וויל העלפן דעם מענטשן, דער דאַרף אים קודם כל געבן וויסן. פרייהייט איז אומדענקבאַר אָן וויסן, אָבער בלויז דאָס וויסן פון בעסטן און נייסטן. ווער עס באַוואָפנט זיך מיטן אַלטן וויסן אַקעגן נייעם, איז געגליכן צו די כינעזער, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אונטערן פייער פון די קוילנוואַרפערס, באַוואָפנטע מיט פייל און בויגן און שירעמס.

אין אַמאָליקע צייטן איז דאָס וויסן געווען די פּריווילעגיע פון די קיסרים, כהנים און הערשנדיקע קלאַסן; איצט איז די דאָזיקע העכערע מאַכט אַרויסגעריסן פון זייערע הענט, און דאָס איז דער ערשטער, באַדייטנדיקער טריט פאָראויס. „זוכט און עס וועט אייך געגעבן ווערן" באַציט זיך אין היינטיקער צייט צום וויסן. אין מיין דאָזיקן „בוך פון גייסט" זאָג איך אייך: דאָס וויסן איז אייער טייערסטע רעכט, און איר דאַרפט פאַרניכטן אַלץ, וואָס שטערט אייך אים צו באַקומען. היט אייך פאַר מענטשן, וועלכע הייסן אייך גלויבן אין דעם, וואָס מ'זאָגט אייך, אָדער אין דעם, אין וואָס עס האָבן געגלויבט אייערע פאָטערס, אין דעם, וואָס עס שטייט געשריבן אין די אַלטע ריטואַלן. צעברעכט די קייטן פון אַלטע השבעות, אָבער היט זיך אויך פאַר נייע השבעות. היט זיך פאַר פאַרטיי-לאָזונגען און פעטישן פון די פאָרום-געטשעס, ווי בעקאָן האָט זיי אָנגערופן, היט זיך פאַר אָבערגלויבנס, וועלכע שטייען אויף אייער וועג. היט זיך פאַר פאַלשע סענטימענטאַלישקייטן און קינסטלעכע דערהויבענע געפילן, מיט וועלכע עס פאַרבלענדן אייך די פּאָליטיקער און די צייטונגען, כּדי זיי זאָלן אומגעשטערט זיך קענען אָפּגעבן זייערע שווינדלערייען. פאַרגעסט קיינמאָל נישט, אַז איר לעבט אין אַ וועלט פון קלאַסן-קאַמף, אַז עס לויערן אויף אייך תמיד אומגעזעענע פיינט און עס דראָט אייך די געפאַר פון שטיק-גאַזן, וועלכע ווערן אַרויסגעלאָזט דורך מענטשן פון דער קעגנזעצלעכער וועלט-אַנשויאונג צו אייערער. אין די אַלטע ליבע מעשהלעך פון אונזער קינדהייט פלעגט דער העלד האָבן אַ צויבער-מיטל קעגן אַלע סכנות פון זיין צייט, אָבער וואָסער כּשוף וועט באַשיצן דעם היינטיקן מענטשן פון מיליטאַריסטישער,

**נאַציאָנאַליסטישער און קאַפּיטאַליסטיש-אימפּעריאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע?**

דעם גייסט קען מען פּונקט אַזוי גוט טרענירן, ווי דעם קערפּער. עס זענען דאָ אַ סך ביכער וועגן דער טרענירונג פון גייסט און זכּרון; אַ סך פון זיי זענען נוצלעך, אַנדערע זענען נישט מער ווי שאַרלאַטאַניזם. צווישן זיי איז דאָ די אַזויגערופענע סיסטעם פון פּעלמאַן, וועלכע איך פּערזענלעך האָב קיינמאָל נישט אויסגעפּרוווט, וועלכע עס לויבן אָבער זייער שטאַרק ערנסטע מענטשן, וועלכע פאַרדינען צוטרוי.

דידאַקטישע טעמע געהערט צום געביט פון פּראַקטישער פּסיכאָלאָגיע און אין דאָזיקן געביט איז זייט ביי זייט מיט אמתן וויסן און געדולדיק-געשאַפענער דערפאַרונג אויך דאָ אַ סך שאַרלאַטאַניזם. ווען די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט פּלוצלונג נויטיק באַקומען אַן אַרמיי, האָט זי אָנגעווענדט אַ נייעם וויסנשאַפטלעכן מעטאָד, כּדי אויסצופּרובירן די קאאָרדינאַציע פון גייסט און קערפּער ביי די יונגע רעקרוטן. נישט לאַנג צוריק האָב איך באַזוכט די אויאיטיררער אויסבעסערונג־שולע אין קאַליפאָרניע, ווו עס דערציען זיך קינדער־פאַרברעכער. אין אַ שניידער-וואַרשטאַט איז געווען אַ יינגל, וועלכן ס'האָט זיך בשום אופן נישט איינגעגעבן ווי געהעריק צו מאַכן לעכלעך. ניין יאָר האָט מען אים דאָס געלערנט אין קאַליפאָרניע און עטלעכע יאָר פאַר דעם אין געאָרגיע; דאָס האָט אָפּגעקאָסט כּמעט פינף טויזנט דאָלאַר, נישט רעכענענדיק די איבערגעפירטע בגדים. ענדלעך האָט עמיצער איינגערעדט דעם אָנפירער פון דער שולע צו אָרגאַניזירן אַ פּסיכאָאַנאַליטישע אויספאָרשונג פון די קינדער. האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס יינגל איז געווען שוואַכזיניק און צו אַכצן יאָר האָט עס געהאַט די אַנטוויקלונג פון אַ אַכטיאָריקן קינד. וועגן דערדאָזיקער נייער וויסנשאַפט האָט טערמען געשריבן אין זיין בוך „די אויסמעסטונג פון דער אינטעליגענץ". די אויספאָרשונג פון נאָרמאַלע קינדער האָט באַוויזן, אַז אין אַ באַשטימטן עלטער ווערן געלייזט געוויסע אויפגאַבעס. אַ דריייאָריק קינד קען אָנווייזן זיינע אויגן, מויל און נאָז, אַרויסריידן אַ זעקסטראַפּיקע פראַזע, אַ צווייגלידיק ציפער און זיין פאַמיליע. אַביסל עלטערע קינדער האָט מען געוויזן בילדער,

וועלכע זיי האָבן געדאַרפט באַשרייבן, מ׳האָט זיי געגעבן קובי־קעס, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט אויסשטעלן לויטן סדר פון דער וואָג, זיי האָבן אויפגעשטעלט פראַזעס, געפונען דעם פאַרקריפלטן זין אין אַ שפריכוואָרט און גערעכנט אין פאַרקערטן סדר, פופצניאַריקע האָבן דעקלאַמירט משלים, האָבן איבערגע־שטעלט אַ ווייזער פון אַ זייגער און אַז. וו. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז מעגלעך צו אָפנויג פון אַלגעמיינעם כלל, אָבער פאַרן דורכשניטלעכן קינד איז פעסטגעשטעלט אַ באַשטימטער גייסטי־קער עלטער, וועלכער אַנטשפרעכט נישט דעם פיזישן. ביי איי־ניקע ווערט די גייסטיקע אַנטוויקלונג אויפגעהאַלטן, ביי אַנדערע ווידער ווערט זי ערשט מעגלעך דורך אָנווענדן געוויסע מע־טאָדן. עס ווערן אָרגאַניזירט ספעציעלע שולן פאַר אָפגעשטאַנענע קינדער און עס ווערן פאַרטריבן אַלטע שול־לערער, וועלכע פלעגן מיט אַ שטעקן אַריינקלאַפן אין קינדערשע קעפ די יע־ניקע ידיעות, וועלכע די קינדער האָבן נישט געקענט אויפנעמען.

דער פסיכאָאַנאַליז ווערט אויך אָנגעווענדט אין דער יוריס־פרודענץ. אמת, אין דאָזיקן געביט איז ער נישט פריי פון שווינדל, אָבער מיר שטייען דאָ אויפן שוועל פון אַ נייער וויסנשאַפט. אונזערע געזעצן דערלאָזן נישט אָנצווענדן היפנאָז, ווען מ׳דאַרף אויספאָרשן אַ פאַרברעכן, אָבער פונדעסטוועגן אָרגאַניזירט מען אַמאָל די פשוטסטע עקספערימענטן. דעם באַ־טרעפנדיקן מענטשן גיט מען אַ בויגן פאַפיר, אויף וועלכן עס זענען אָנגעשריבן די נעמען פון אַ הונדערט געגנשטאַנדן, און ער דאַרף צוגעבן צו יעדן פון זיי זיין אַסאָציאַציע צו דידאָ־זיקע געגנשטאַנדן. אַ לאָקאָמאָטיוו אַסאַציאירט זיך מיט דאַמף אָדער מיט דער אייזנבאַן, אַ סורדוט מיט הויזן אָדער מיט אַ קעשענע. דער עקספערימענטאַטאָר באַאָבאַכטעט מיט אַ זייגער אין האַנט, די וויפלטע טייל פון אַ רגע עס גייט דורך צווישן דעם אַרויסזאָגן דאָס וואָרט און זיין אַסאָציאַציע. אַ מענטש, וועלכער דאַרף גאָרנישט באַהאַלטן, וועט געבן גלייכמעסיק שנעלע ענטפערס. אויב ער האָט אָבער, למשל, געטויט עמיצן מיט אַ האַק, באַגראָבן דעם קערפער מיט אַ לאָפאַטע אין קע־לער און צוגערויבט דעם פאָרטפעל, דעם זייגער און דעם מעדאַליאָן פון געהרגעטן און ביים אַנטלויפן צובראָכן דעם

פענסטער פון קעלער, איז דאַן, ווען דער עקספּערימענטירטער וועט דורכלייענען איינס פון די באַקאַנטע ווערטער (אין שייכות מיטן מאָרד), וועט זיין ערשטער געדאַנק זיין נישט אַרויסצוזאָגן דאָס דאָזיקע וואָרט. ער וועט זוכן עפּעס אַן אַנדער וואָרט, און עס וועט דורכגיין אַ געוויסע צייט, איידער ער וועט עס געפינען. איינמאָל אָדער צוויי מאָל קען אַזאַ פאַרשלעפּונג פאָרקומען צופעליק, אָבער ווען די צומישונג און דער אָפּהאַלט וועט פאָרקומען ביים דערמאָנען די אופנים אָדער די סצענעס פון מאָרד, קען מען זיין זיכער. אַז דאָ קומט פאָר אַ קאַמף צווישן אונטערבאַוווסטזיין און דעם באַוווסטזיין. דעם חילוק צווישן דעם אונטערבאַוווסטזיין און דעם באַוווסטזיין קען מען פעסטשטעלן, און אַ דאַנק דעמדאָזיקן עקספּערימענט קען מען דערגיין, וואָס דער באַוווסטזיין וויל אויסבאַהאַלטן, אָבער דער אונטערבאַוווסטזיין גיט אויס. ווי אומעטום אין לעבן באַדייט אויך דאָ וויסן אַ קראַפט. עקספּערימענטאַלעס וויסן הערשט איבערן שאַרפסטן, אָבער נישט-אויסגעפּרוּווטן פאַרשטאַנד. אָבער אין אונזער צייט אַרבעט דאָסדאָזיקע וויסן אויף צו פאַרפעסטיקן די קלאַסן-פּריווילעגיעס. דער פּסיכיאַטאָר, וועלכער געפינט זיך אין דינסט פון אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער גרופּע אָדער פון דער פּאָליציי פאַרדינט פּונקט אַזוי ווייניק צוטרוי, ווי אַ כעמיקער, וועלכער אַרבעט אויס גיפטיקע גאַזן, וועלכע די קאַפּיטאַליסטן ווענדן אָן אויף צו פאַרטיליקן די אויפגעשטאַנענע קנעכט. ס'איז קלאָר, אַז אויך אין דאָזיקן געביט דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט האָבן זיין אייגענע אָרגאַניזאַציעס, איבערגעבן די מאַסן דאָס וויסן איז, באמת, אַ נודנע און קליינלעכע אַרבעט, אָבער זי דאַרף ווערן דער הויפּט-ציל פון אַ אויפגעקלערטן דענקער.

## XV

## די מאַכט איבערן אינטעלעקט

נישט לאַנג צוריק האָט מען מיר אין איינעם פון די בריוו געפרעגט: „אין וועלכן עלטער דאַרף מען זיך לערנען?" איך

האָב געענטפערט: „איצט". אמת, אין דער יוגנט איז זיך לייכטער צו לערנען, די מאַרך־קעמערלעך ווערן מיט דער צייט פאַרהאַר־טעוועט און זיי נעמען אויף שווערער נייע איינדרוקן. אָבער סענעקאַ האָט זיך דאָך צו אַכציק יאָר אויסגעלערנט גריכיש און איך קען אַ סך גאָרטע מענטשן, וועלכע האָבן, אומקערנדיק זיך פון דער מלחמה, זיך גענומען אויסלערנען נייע אידייען.

אויב איר זענט אָבער יונג, איז אַוודאי גוט! דאַן איז די גרייטקייט צום וויסן אַמשטאַרקסטן, דער זכרון איז פריש, און די נשמה נעמט לייכטער אויף גוטע געוווינהייטן. איר קאָנט זיך אויסלערנען צו זוכן און פאָדערן דעם אמת. איר קענט ווערן פּרעציז און עקשנותדיק אין אייער שטרעבונג צום וויסן.

פּרעציזקייט איז דער עיקר. לערנט זיך אויס צו דענקען דירעקט. זאָל אייער גייסט זיין ווי אַ שאַרפער מעסער פון אַן אָפּעראַטאָר, וואָס דרינגט דורך דורך דעם ליגן און דעם שווינדל צום לעבן. אויב איר זענט פאַרנומען מיט עפּעס אַ פראַגע, שטודירט זי אויס, ביז איר וועט נישט קענען זאָגן: „כ'קען זי". אָבער זייט פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט זיכער אין אייער וויסן. זייט קיינמאָל נישט אויף אַזויפיל זיכער, איר זאָלט זיך וואַקלען צו דערוויסן עפּעס נייעס, אַפילו ענדערן דעם גאַנצן גאַנג פון אייערע געדאַנקען, אויב דאָס וועט נויטיק זיין. כ'קוק זיך אַרום אין דער וועלט, כ'זע טיגערס, גיפטיקע שלאַנגען, דינאַמיט און שטיקנדיקע גאַזן, צוויי־און־פערציק סאַנטימעטער־דיקע האַרמאַטן — און פונדעסטוועגן זע איך נישט עפּעס שרעק־לעכערס, ווי די בלאָנדזשענישן פון גייסט.

יעדער פון אונז פאַרמאָגט אַ שוואַכע סטרונע אין זיין נשמה, וועלכע ער היט און האָט ליב, ווייל זי איז זיין אייגנס. ווילט איר זי אָפּבינדן, וועט עס אייך אַזוי שטאַרק וויי טאָן, ווי בעת מ'נעמט אָפּ ביי אַ מוטער איר קינד. איך האָב אָנגעשריבן אַ בוך וועגן רעליגיע, און עס גייט נישט אַדורך קיין וואָך, איך זאָל נישט באַקומען קיין בריוו, אין וועלכע מ'דאַנקט מיר דערפאַר, וואָס איך האָב אויפגעדעקט איר גאַנצע נאַרישקייט און אירע אילוזיעס — אָבער נישט פאַר די צוויי־דריי זייטלעך, אין וועלכע איך האָב אָנגערירט די שוואַכע סטרונע פון זייער נשמה. למשל: דאָס, וואָס איך רעד וועגן די איבעריקע גלויבנס, איז

מיכטיק, אָבער איך האָב נישט געקענט באַגרייפן, אַז די לאַנדאָ־
ווער לערע איז אַן אמתער גלויבן, אַ מתנה פון אַלמעכטיקן און
אַז. וו., און אַז. וו.

זאָל אייער נשמה זיין ברייט צעעפנט. פריי נישט נאָר פון
אויסערלעכע, נאָר אויך פון די נאָכמער געפערלעכע אינערלעכע קייטן
פון פאָראורטיילן און אבערגלויבן. פאָראורטיילן און אבערגלויבנס
זענען דאָס, וואָס דער פסיכאָאַנאַליטיקער רופט אָן „קאָמפּלעקס",
אַ קנופּ אין אונטערבאַוווסטזיין.

יעדע גרופּע מענטשן, יעדע סעקטע און יעדער קלאַס
האָבן זיך זייערע דאָגמאַטן, זייערע פעטישן, הייליקע מימראָס
און ווערטער, וועלכע צעפלאַקערן זייער פאַנאַטיזם. זיי פאַרמאָגן
אויך „שרעקלעכע" ווערטער, וועלכע מ׳רעדט אַרויס מיט פחד.

אין אונזערע אַלטע שול-ביכער איז געווען אַ ליד, אין וועלכן
ס׳האָט זי געפרעגט: „מיט וואָס וואָלטן מיר געקענט שטאָלצירן?"
איך וועל ענטפערן: דערמיט, וואָס איז אונז פולסירט דאָס לעבן,
מיט דעם, וואָס דאָס לעבן איז עפּעס וווּנדערלעכעס און דער
לעבנס-צויבער איז אייביק. נעכטן האָב איך געזען אַ יונגע מוטער —
און וואָס באַטייט דער גאַנצער פּעסימיזם אין פאַרגלייך מיט דעם
שטאָלץ פון דער יונגער מוטער? זי האָט פריידיק געמאָלדן:
„ער האָט געזאָגט — דו"! יאָ, ער האָט געזאָגט „דו" און איך
דער וועלט איז נאָך נישט געווען אַזאַ קינד, וועלכעס זאָל קענען
טאָן אַזאַ וווּנדער. דערנאָך וועט זי זאָגן: „זעט נאָר, עס פּרובירט
גיין"! און דער יונגער מוטער וועט זיך שטענדיק שווער זיין
צו איבערצייגן, אַז אויף דער וועלט זענען דאָ אַ סך קינדער,
פּונקט אַזעלכע וווּנדערלעכע, ווי אירס, און ס׳וועלן נאָך אפשר
מוזן פאַרבייגיין אַ סך דורות, ביז די מוטערס וועלן קענען
פאַרשטיין, אַז עס זענען דאָ נאָך וווּנדערלעכערע קינדער, ווי
זייערע אייגענע.

דער מענטש איז פריידיק, ווייל ער איז באַהעפט מיט
די דערהויבענע, וווּנדערלעכע פאַרלויפצנישן פון לעבן. די
קערפּערלעכע פריידן זענען באַגרענעצט און קורצדויערנדיק, די
גייסטיקע פריידן זענען אומענדלעך אין קיינער, ווער עס באַ־
גרייפט זיי, קען זיך נישט אָנגעווייטיקן קיין איין מינוט נישט.
נאָר אַ מענטש, וועלכער באַזיצט דעם שליסל צום היינטצייטיק

געדאַנק, וועלכער ווייס דעם ווערט פון וויסן, וועט דאָס לעבן פון גייסט תמיד זיין אַ באַצויבערנדיקע פּאַנאָראַמע. פאַר אונזערע אבות האָט עקזיסטירט בלויז איין וועלט, פאַר אונז אָבער עקזיסטירן אַ סך וועלטן און מיר אַנטדעקן כסדר אַלץ נייע און נייע.

וועלכע פון זיי זאָלן מיר אויסקלויבן? צי אינטערעסירט איר זיך מיט די אויסערלעכע גרענעצן פון קאָסמאָס, מיט דער אומענדלעכער מאַטעריעלער וועלט? גיט נאָר אַ קוק אויפן דאָזיקן אינזעקט, וועלכער קריכט איבער דער ערד: ווי קליין ער זאָל נישט זיין אין פאַרגלייך מיט דער ערד, איז ער פונדעסטוועגן אויף מיליאָנען מאָל גרעסער, ווי די ערד אין פאַרגלייך מיט דעם קאָסמאָס; וועגן דעם זאָגן אונז סיי דער טעלעסקאָפּ, סיי דער פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט, סיי דער מיקראָסקאָפּ. דער ספּעקטראָסקאָפּ גיט אונז די מעגלעכקייט אויסצופאָרשן די כעמיע פון די שטערנס, די באַוועגונג און די ריכטונג פון יענע שטערנס, וועלכע מיר זעען אַפילו נישט. און אָט קומט איינשטיין מיט זיין טעאָריע און דערקלערט, אַז מיר דאַרפן דורכקוקן פונסנייע אונזער גאַנץ וויסן.

אָדער אפשר אינטערעסירט אייך די וועלט פון די אטאמען? ווי גרויס עס איז נישט דער קאָסמאָס אין פאַרגלייך מיט דער ערד, ווי גרויס עס איז נישט די ערד אין פאַרגלייך מיטן אינזעקט, ווי גרויס עס איז נישט דער אינזעקט אין פאַרגלייך מיט די מאלעקולקעס, פון וועלכע ער באַשטייט, פונדעסטוועגן זענען דידאָזיקע מאלעקולעס אויף מיליאָנען און מיליאָנען מאָל גרעסער פאַר די אטאמען, און די אטאמען אויף מיליאָנען און מיליאָנען מאָל גרעסער פאַר די עלעקטראָנען. מיר זעען נישט די עלעקטראָנען, אָבער אונז איז באַקאַנט זייער ווירקונג, מיר קענען זיי אויפציילן, אויסמעסטן און דעפינירן דורך קאָמפּליצירטע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס; מיר זענען פונקט אַזוי זיכער אין זייער עקזיסטענץ, ווי אין דער עקזיסטענץ פון שטויב אונטער אונזערע פיס.

אָדער אינטערעסירט איר זיך אפשר מיטן אונטערבאַוווסטזיין, אין וועלכן עס איז איינגעשלאָסן די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט פון מענטשן?

ס׳איז אוממעגלעך אויסצודריקן מיט ווערטער יענע אַלע וונדער, וועלכע זענען באַהאַלטן אין צויבערלאַנד פון גייסט. דאָ זענען דאָ פּאַלאַצן פון אומפאַרגלייכלעכער שיינקייט, אוצרות גאָלד און איידלשטיינער. מיר טרעטן איבער זייערע שוועלן, ווי אלאדין פון דער מעשהלע פלעגט אַריינגיין אין דער הייל, וווּ עס איז געלעגן דער אוצר. מיר זענען די באַלעבאַטים און אַלץ, וואָס דאָ געפינט זיך, איז אונזער אייגנטום. ווער עס האָט געפונען דעם אַריינגאַנג אַהער — דעם געהערט נישט נאָר דער צויבער-לאָמפּ, נאָר אויך אַלע צויבער-מיטלען פון אונזערע קינדער-מעשהלעך. אים געהערט סיי דאָס היטעלע פון „רואה ואינה נראה", סיי דער צויבער-רונג, דער שווערד פון עקסקאליבור, וועלכן קיינער קען נישט צעברעכן, און די זילבערנע קויל, וועלכע מיט יעדע אַרט געווילד, און דער טעפּיך-פליִער, אויף וועלכן ער קען אַרומפליען די גאַנצע וועלט, און דאָס טאַרט-שטיבעלע, און דער ליבע-געטראַנק, און דער יוגנט-קוואַל, און די ספערן-מוזיק.

איך און די וועלט. — קאָנקורענץ און קאָאָפּעראַציע. — אַריסטאָקראַטיזם און דעמאָקראַטיזם. — די הערשנדיקע קלאַסן. — דער באַגריף פון סאָציאַלער עוואָלוציע. — די אינדוסטריעלע עוואָלוציע. — דער קלאַסנקאַמף. — די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם. — דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָצעס. — שלעכטע צייטן. — דער אייזערנער רייף. — אויסלענדישע מערק. — די קאַפּיטאַליסטישע מלחמה. — פּראָדוקציע-מעגלעכקייטן. — וויפל קאָסט אַפּ די קאָנקורענץ. — סאָציאַליזם און סינדיקאַליזם. — אַנאַרכיזם. — סאָציאַלע רעוואָלוציע. — רעקוויזיציע אָדער אַנטשעדיקונג? — די אַגראַר־פראַגע. — דער קאָנטראָל איבערן קרעדיט. — דער קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע. — די נייע וועלט. — די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע. — אינטעלעקטועלע פּראָדוקציע. — אַ נייע מענטשהייט.

## I

## איך און די וועלט

ווי אַזוי פּאַסט זיך דער מענטש צו דער געזעלשאַפט, צווישן וועלכער ער לעבט? אויף דער דאָזיקער פֿראַגע האָט די נייע וויסנשאַפט פון פּסיכאָאַנאַליז אויסגעגאָסן גאַנצע שטראָמען ליכט, און איך וויל געבן וועגן איר אַ באַגריף אין ווינציקע פּשוטע ווערטער.

איינער פון די ביאָלאָגישע געזעצן זאָגט, אַז דער מענטש חזרט איבער אין זיין אַנטוויקלונג די גאַנצע געשיכטע פון דער ראַסע; למשל: פון די אימפּולסן פון קינד און פון זיין גייסטי־קער אַנטוויקלונג קענען מיר זיך מאַכן אַ פאָרשטעלונג, וואָס עס האָבן ליב געהאַט און פאַרוואָס עס האָבן זיך געשראָקן אונזערע ווייטסטע אבות. אין דאָזיקן הינזיכט זענען גלייך צו די קינדער אויך די נויראַסטעניקער, ד. ה. מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט צופּאַסן צום קולטורעלן לעבן און וועלכע זענען אין געוויסע פּרטים אָדער אַפילו אינגאַנצן פאַר־בליבן אויף דעם גייסטיקן ניוואָ פון אַ קינד. ווען מיר אַנאַ־ליזירן דעם אונטערבאַוווסטזיין פון אַ נערוועזן פּאַציענט או מיר פאַרגלייכן אים מיט דעם, וואָס מיר געפינען ביי קינדער און ווילדע פעלקער — געפינען מיר אַ סך אַלגעמיינע שטריכן אין זייערע חלומות, אין זייער בענקשאַפט און שרעק.

דעם מענטשנס גייסטיק לעבן הויבט זיך נאָך אָן אין מוטער־לייב. אמת, מיר האָבן נישט קיין מעגלעכקייט עס צו באַאָבאַכטן אוממיטלבאַר, אָבער וועגן זיין עקזיסטענץ ווייכן מיר שוין פון דעם פּשוטן פאַקט אַליין, וואָס קיין שום אָרגאַ־ניש לעבן קען נישט עקזיסטירן אַנדערש, ווי אָנגעפירט דורך אַ גייסט, און פונקט ווי דער אונטערבאַוווסטזיין רעגולירט ביי דערוואַקסענע די פיזישע פּראָצעסן, אַזוי רעגולירט ער אויך ביים עמבריאָ די בלוט־צירקולאַציע, ער פאָרמירט די ביינער, מוסקולן, די אויגן און דעם מאַרך.

דאָס גייסטיקע לעבן פון אַ נאָך נישט־געבוירן וועזן איז, פאַרשטייט זיך, אויסשליסלעך עגאָאיסטיש. דאָסדאָזיקע וועזן ווייס נאָר זיך אַליין און האַלט זיין אַרומיקע וועלט פאַר זייער באַקוועם — ווייל דאָס אַלץ, וואָס ער האָט נויטיק, ווערט אים צוגעשטעלט שנעל און אַקוראַט, אָן די מינדסטע אָנשטרע־נגונגען פון זיין זייט.

און פּלוצלונג לעבט עס איבער צום ערשטן מאָל אַ שרעק. עס ליידט ווייטאָג, אים איז אומבאַקוועם און נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון זיין זייט ווערט ער אַרויסגעשטויסן אין אַ נייע, קאַלטע וועלט. אָנהויבנדיק ביי דאָזיקן מאָמענט הויבט זיך דאָס ניי־געבוירענע קינד אָן אויסצושטן צו געבן

גייע באַדינגונגען. עס איז אויסער זיך און עס וויינט. אינגיכן באַמערקט עס, אַז אויף זיין געוויין רעאַגירט עמעצער און זיינע באַדערפֿענישן ווערן באַפֿרידיקט: אויף עפּעס אַ ווונדערלעכן אופֿן דערנעמען זיך וואַרעמע, טרוקענע ווינדעלעך, ווונדערלעך זיס מילך. שפּעטער דערוויסט זיך דאָס קינד, אַז באַשטימטע קלאַנגען באַציִען זיך צו באַשטימטע זאַכן. דער קלאַנג „מאַמע“ רופֿט אַרויס אַ שיינע כּישופֿמאַכערין, אַ גוטין. אַזוי־אַרום טרעט אַריין דעם קינדס גייסט אין דער ספֿערע פֿון „כּישופֿדיקע ווערטער“. דאָס אַנטשפּרעכט אַ געוויסן טיפּ מיטן און גלויבונגען, וועלכע מיר טרעפֿן אָן ביי יעדער מענטשלעכער ראַסע, וועלכע האָט נאָר ווען נישט איז עקזיסטירט. עס עקזיסטירן טויזנטער געשיכטעס וועגן צויבערשטעקעלעך, צויבערונגען, צויבער־ווערטער און נישטאָ אויף דער וועלט קיין איין קינד, וועלכעס זאָל זיך נישט צוהערן צו זיי מיט פֿרייד און אויפֿמערקזאַמקייט. די סיבה איז אַ פּשוטע: דאָס קינד אַליין האָט נאָך גאָר נישט לאַנג דורכגעמאַכט דידאָזיקע פֿאַזע פֿון גייסטיקן לעבן און דידאָזיקע געפֿילן זענען נאָך אַזוי נאָענט זיין באַוווּסטזיין.

אָבער אינגיכן מאַכט דאָס קינד אַ טרויעריקע אַנטדעקונג, אַז נישט אַלץ אויף דער וועלט איז גרייט אים צו דינען, אַז עס זענען דאָ כּחות, אויף וועלכע עס ווירקן נישט קיין צויבער־השבעות. דידאָזיקע כּחות האַסט עס און עס שרעקט זיך פֿאַר זיי. פֿון צייט צו צייט מישן זיך אויס דער האַס און די שרעק מיט באַגייסטערונג און ליבע. אַזוי, למשל, איז יענס מעכטיק וועזן, וועלכעס רופֿט זיך אָן „פֿאָטער“. אַמאָל איז דאָסדאָזיקע וועזן גוט און נוצלעך, אַמאָל ווידער ציט עס אָפּ פֿון קינד די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער מוטער, פֿון דאָזיקן קוואַל, וואָס ברענגט דערנערונג, וואַרעמקייט און לעבן. און אָט וועקט דער פֿאָטער אויף צו זיך אַ האַס, דאָס קינד שליסט אים אויס פֿון זיינע פֿאַנטאַזיעס, און דאָס באַדייט ביי קינדער אַזוי גוט ווי — מאָרד. פֿון דידאָזיקע אַלע געפֿילן שאַפֿט זיך אַ גאַנצע וועלט פֿון גייסטיקן לעבן, וועלכעס פֿרויד רופֿט אָן „עדיפּ־קאָמפּלעקס“, לויטן נאָמען פֿון אַ העלד פֿון אַ גריכישער לעגענדע, וועלכער האָט געטויט זיין פֿאָטער, אַריינגעטראָטן אין אַ בלוטשענדערישער

פאַרבינדונג מיט זיין מוטער און דערוויסנדיק זיך וועגן זיין טאַט — זיך אויסגעשטאָכן די אויגן. אומצייליקע לעגענדעס, וואָס זענען אַלט ווי דער מענטשלעכער געדאַנק, חזרן איבער דידאָזיקע טעמע. מיר ווייסן נישט, צי זי באַזירט אויפן קינדס גייציקייט און גאווה, אָדער אויפן פאַקט, וואָס אין פּראָצעס פון דער מענטשהייט-אַנטוויקלונג איז באמת געווען אַ פּעריאָד, ווען די זין פלעגן טויטן די פאָטערס.

דערדאָזיקער פאַקט ווערט באַהאַנדלט דורך פרוידן אין זיין ווערק „טאָטעם און טאַבו". די פאַרהיסטאָרישע מענטשן פלעגן זיך פאַראייניקן אין שבטים, וועלכע פלעגן אָנגעפירט ווערן דורך איינעם פון די עלטסטע מענער. דערדאָזיקער פלעגט זיך באַנוצן מיט אַלע פרויען, טויטנדיק אָדער פאַרטרייבנדיק די יונגע מענער; דעריבער פלעגט זיך די יוגנט אָפּט פאַראייניקן און טויטן דעם פאָטער. די ענדערונג פון דער געזעלשאַפט, פון חתונה-אינסטיטוט און פון דער פאַמיליע איז געווען אָפּהענגיק פון יוגנטס באַשלוסן און זיי פלעגן קענען פאַרקומען אומגעשטערט ערשט דאַן, ווען עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו קריגן זיך צוליב פרויען פון אייגענעם שבט און ווען מ'פלעגט נעמען פרויען פון אַנדערע שבטים. אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען די „עקזאָגאַמישע" חתונה.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו אונזער קינד: עס געפינט זיך אין דער אומאַנגענעמער לאַגע פון מוזן זיך צופּאַסן צו דער אויסערלעכער וועלט און אָפט קומט זיך אים אויס צו איבערצייגן, אַז די צויבער-השבעות ווירקן נישט און זיינע פאַרלאַנגען ווערן נישט דערפילט. אַ חוץ אים זענען דאָ וועזנס, וועלכע באַזיצן אַן אייגענעם ווילן און קענען אים דורכפירן אין לעבן מיט קראַפט. דאָס קינד דאַרף זיך אויסלערנען לעבן בשלום מיט דידאָזיקע וועזנס און זיך אונטערוואַרפן זייער ווילן. די-יעניקע געפילן, וועלכע אַנטוויקלען זיך דערביי אין קינדס נשמה — האָפנונג און שרעק, טרויער און צאָרן — האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר זיין גאַנץ ווייטערדיק לעבן, ווייל קיין זאַך ווערט נישט פאַרלאָרן, וואָס איז איינמאָל אַריינגעדרונגען אין מענטשנס גייסט; אין אונטערבאַוווסטזיין בלייבן אַלע אונטערדריקטע, פאַרגעסענע קינדערשע פאַרלאַנגען. צום באַוווסטזיין קומען זיי נישט, אָבער זיי באַווייזן זיך כסדר אין מעשהלעך, אין פאַנטאַזיעס, צוזאָגן

און אין אַ סך אַנדערע גייסט־אויסדרוקן, וועלכע שטעלן פאָר מיט זיך זייער אַן אינטערעסאַנטן געביט פאַר פאָרשונגען. ווען מיר ווערן אָפּגעשוואַכט דורך אַ קראַנקהייט אָדער דורך אַ נערוון־אויפרעגונג, קענען דידאָזיקע קינדערשע פאַרלאַנגען קומען צום אויסדרוק אין דער פאָרם פון „נעוראָזן"; דערוואַקסענע מענטשן הויבן אָן צו שטאַמלען, ווערן אימפּאָטענטן אָדער היסטעריש, ווייל אין עלטער פון איין אָדער צוויי יאָר האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן צוצופּאַסן צום לעבן. דידאָזיקע פאַקטן זענען אונז באַקאַנט נישט נאָר טעאָרעטיש, נאָר אויך פּראַקטיש, ווייל עס איז דערוויזן געוואָרן, אַז דידאָזיקע פעלערן ווערן פון זיך אַליין באַזייטיקט, ווען דער פּסיכאָאַנאַליז שטעלט פעסט די עקזיסטענץ פון קינדערשע סודות.

אַזוי־אַרום זעען מיר, אַז אָנהויבנדיק פון געבוירן־מאָמענט, איז דער גאַנצער פּראָצעס פון מענטשלעכן לעבן אַ צופּאַסונג צו די אַרומיקע מענטשן. נישט נאָר דער מענטש איז אַ סאָציאַל וועזן, נאָר אויך זיינע אַלע אבות, ביז דער פאַרהיסטאָרישער צייט, זענען געווען אַזעלכע, זיי האָבן געלעבט גרופּעסווייז און דאָס רעכט אויף לעבן איז מערסטנטייל אָפּהענגיק געווען פון דער פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו די אַרומיקע באַדינגונגען. אויב דאָס פלעגט זיך נישט איינגעבן, פלעגט דער מענטש באַשטראָפט ווערן דורך זיין שבט אָדער דורך די פיינט פון שבט. מיר קע־נען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די וויכטיקסטע אויפגאַבע, וועלכע שטייט פאַר יעדן איינעם, איז — פאַרשטיין די אַרומיקע מענטשן און זיי זאָלן אונז פאַרשטיין.

אַפילו דער אויבערפלעכלעכסטער באַאָבאַכטער וועט באַ־מערקן, אַז ביי היינטיקן טאָג ווערט דידאָזיקע אויפגאַבע געלייזט ווייט נישט ריכטיק. סאַראַ סך אומגליקלעכע, סאַראַ סך עס שטרעבן צו דעם, וואָס זיי וועלן קיינמאָל נישט דערגרייכן. סאַראַ סך עס זענען פאַרשפּאַרט הינטער אייזערנע קראַטעס, ווי די חיות, בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך דערוועגט צו פאָדערן דאָס, וואָס זיי געפינען נישט אין לעבן. סאַראַ סך דערהרגעטע בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט ריכטיק אויפגענומען די סאָציאַלע סביבה און האָבן געשטרעבט דערצו, וואָס די וועלט האָט זאָר־געוודיק פאַרפאָלגט. אין דער צייט, וואָס איך שילדער די אויפ־

פירונג פון ניי-געבוירענעם מיט זיין פרימיטיוון „איך" פון פסיכאָ־אַנאַליטישן שטאַנדפּונקט, ווייס איך נישט, בנאמנות, וויפל ערנסט-וויסנשאַפטלעכס און וויפל בייזע איראָניע עס איז דאָ אין יענער גייסטיקער דעגענעראַציע פון מענטשן, אַפילו פון גאַנצע קלאַסן און פעלקער, וועלכע מיר קומט אויס צו באַאָבאַכטן.

דער ווייטערדיקער קאַפּיטל וועט זיך פאַרנעמען מיט אויפקלערן דעם תוך פון דער וועלט, וועלכע עס האָבן געשאַפן מענטשן און צו וועלכער זיי באַמיען זיך צוצופּאַסן. באַזונדערס וויל איך אונטערשטרייכן דעם מיטל, אַ דאַנק וועלכן די מענטשן וועלן קענען ענדערן סיי זיך אַליין סיי די גאַנצע וועלט און מאַכן זי ווינציקער אכזריותדיק און טרויעריק, מער פריידיק און מער פריי.

## II

## קאָנקורענץ און קאָאָפּעראַציע

טראַכטנדיק וועגן מיין טעמע, בין איך אַרויס הינטערן שטאָט, זיך געזעצט אין אַ אָפּגעלעגן אָרט און זיך פאַרטיפט אין מיינע געדאַנקען. מיטאַמאָל דערזע זיך עפּעס באַוועגלעכעס. אויפן הייסן, גראָען זאַמד איז געלעגן עפּעס אַ באַשעפעניש, וועלכעס כ'האָב געקענט באַמערקן בלויז דאַן, ווען עס האָט זיך באַוועגט, ווייל עס איז געווען פונקט פון זעלבן קאָליר, ווי דער זאַמד. דאָס איז געווען אַן עקדיש; זיין שווערע שופּן-הויט האָט אים געמאַכט פאַר נישט גאָר קיין צוציענדיק רויב. ווי נאָר איך האָב זיך אַ ריר געטאָן, איז ער פאַרשוווּנדן צווישן די שטיינער אַזוי פלינק, אַז כ'האָב אים נישט געקענט נאָכפאָלגן מיטן בליק.

דאָסדאָזיקע באַשעפעניש פאַרקערפּערט אין אַלע אירע האַנדלונגען, אין זיין גאַנצער אויסערלעכקייט דעם שרעק, שרעק פאַר דראָענדיקע שונאים, פאַרן שאַקאַל, וואָס איז גרייט צום שפרונג, פאַרן שפּאַרבער און פאַר דער הייסער מדבר־לופט, וועלכע טריקנט אויס די ווינציקע ווערטפולע טראָפּנס פליסיקייט.

די גאַנצע ענערגיע פון דעמדאָזיקן באַשעפעניש איז געווענדט אויף זעלבסט-פאַרטיידיקונג. אמת, עס פאָרט זיך, אָבער דאָס איז נישט מער, ווי אַ פאַרביילויפנדיקער פּראָצעס, דער גורל פון די אייער ווערט איבערגעענטפערט דער זון, און די יונגע עקדישן דאַרפן אַליין זאָרגן פאַר זיך ד. ה., מיט דעם מאָמענט, ווען זיי עפענען צום ערשטן מאָל די אויגן, ווערן זיי פונקט אַזאַ פאַרקערפערונג פון שרעק.

דער שאַקאַל פאַלט אָן אויפן עקדיש און דעריבער שרעקט ער זיך פאַר אים, אָבער דער שאַקאַל פון זיין זייט האָט מורא פאַר מער מעכטיקע שונאים. אויך דער שפּארבער, וועלכער לאָזט זיך מוטיק אַראָפּ אויפן עקדיש, פליט אוועק, קוים דערזעט ער אַ מענטש מיט אַ ביקס. אַ יעגער און אַ קרבן אייניצייטיק, אַ משונהדיקער געמיש פון אכזריות און שרעק, דאָס טרעפט זיך נישט זעלטן אין דער נאַטור. אין די שולעס און אוניווערזיטעטן לערנט מען, אַז דאָס איז דער עיקרדיקער געזעץ פון דער נאַטור און אַז ער איז גילטיק פאַר אַלע לעבעדיקע וועזנס. דער חשובער פּראָפ. פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע דערקלערט, אַז די דאָזיקע פאָרם — „אכזריות-שרעק" — איז אויך גילטיק פאַר די מענטשן; זי שטעלט פאָר מיט זיך דעם באַזיס פון דער פּאָלי-טישער עקאָנאָמיע און די פּרווון זי אויסצומיידן וואָלטן נישט געהאַט קיין גרעסערן ווערט, ווי די פּרווון אויפצוהייבן זיך אַליין פאַרן בענדל פון אייגענעם שוך.

דער פּראָפ. רופט אָן די „אכזריות-שרעק" „קאָנקורענץ". ער שאַפט פאַר זיך אַן אבסטראקטע באַשעפעניש, וועלכע ער רופט אָן „עקאָנאָמישער מענטש", וועלכע לעבט לויטן דאָזיקן געזעץ און עקזיסטירט אין דידאָזיקע באַדינגונגען. די ערשטע פאָרמולע פון פּראָפ. איז „מאלטוסעס טעאָריע", לויט וועלכער די צאָל באַפעלקערונג שטייט תמיד אין הסכם מיט די פאראנענע זאַפּאַסן דערנער-פּראָדוקטן. ער האָט אָבער אויך נאָך אַ פאָרמולע: „דער געזעץ פון דער פאַרמינערטער באַדן-פּרוכטבאַרקייט" — מיט אַנדערע ווערטער: ער לערנט, אַז די גרעטעניש איז נישט אָפּהענגיק פון דער אַרבעט און קאַפּיטאַל, וועלכע מ'לייגט אַריין אין באָדן. עס עקזיסטירט אַ פאָרמולע פון ריקאַרדאָ — „דער אייזערנער געזעץ פון אַרבעטס-לוין", וועלכער פאַרזיכערט, אַז

דער לוין קען נישט איבערשטייגן די לעבנס-קאָסטן. אַדאַם סמיט האָט אויך איבערגעלאָזט זיין פאָרמולע: „די קאָנקורענץ דאָס איז דער נערוו פון האַנדל”. דער פראָפ. לערנט קאַלט, אָן ליידנשאַפט, דידאָזיקע אַלע פאָרמולעס, אַזוי ווי דאָס פּאַסט פאַר אַ געלערנטן; ווענדט מען זיך אָבער צו דער געשעפטס-וועלט, זענען דאָרט דידאָזיקע פאָרמולעס פאַרוואַנדלט אין צינישע חכמהס און ווערטלעך, פון דעם שניט: „אַ מענטש איז פאַרן מענטשן — אַ וואָלף”, „געשעפט איז געשעפט”, אָדער „טו אַנדערע דאָס, וואָט זיי קלייבן זיך טאָן דיר”.

אין מענטשן לעבט אָבער פאָרט עפּעס אַזוינס, וואָס שטעלט זיך אַקעגן דידאָזיקע „נאַטור-געזעצן”. אין אונזער וועלט פון היינטיקן טאָג לעבן די מענטשן זעקס טעג אין דער וואָך לויט דידאָזיקע געזעצן, אָבער פאַרן זיבעטן איז גילטיק אַ לחלוטין קעגנזעצלעכע פאָרמולע פון קריסטלעכער מאָראַל: „האָב ליב דיין מיטמענטשן”. צווישן די וואָכנטעג און די יום־טובים קומט די גאַנצע צייט פאָר אַ קאַמף, און דער, ווען ס׳וואָלט איינגעפאַלן אָפּצוחוזקן פון די מענטשן אין דאָזיקן פרט, וואָלט געהאַט דערצו אַ סך מעגלעכקייטן. דעם זונטיק-פרעדיקער איז פאַרוואָרט צו באַרירן די איבעריקע זעקס טעג, אויב ער טוט עס אָבער פאָרט, ווערט דאָס אָנגערופן: „זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק אין קירכע”. פון דער צווייטער זייט ווידער (ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען), זענען דאָ פרעדיקער פון די וואָכעדיקע דאָקטרינעס, וועלכע האַלטן זיך פאַר קריסטן און גלויבן גלייכצייטיק אויך אין דער לערע פון די זונטיק-טעג. דאָס גיט זיך זיי איין אויף פאָלגנדיקן אופן: די פאַרווירקלעכונג פון דער זונטיק-לערע לייגן זיי אָפּ „אויף אַ בעסערער צייט”: כּל זמן מיר לעבן אויף דער וועלט, דאַרפן מיר, זיך אונטערגעבנדיק די „אייזערנע געזעצן”, זיך וואַרפן איינער אויפן צווייטן און פאַרניכטן די מיטמענטשן, דערפאַר אָבער וועלן מיר אויף דער בעסערער וועלט שפּילן אויף גאָלדענע האַרפעס און מיר וועלן קיין אַנדער זאַך נישט האָבן צו טאָן, ווי נאָר ליב האָבן איינער דעם צווייטן. אויב עמיצער איז אויף אַזוי ווייט נאַאיוו, אַז ער לעבט אין די וואָכנטעג לויט דער באַרג-פרעדיק, האַלטן מיר אים פאַר אַ אומשעדלעכן שוטה, אויב ער טרעט אָבער נישט

אָפּ פון זיין מיינונג און רעדט נאָך איבער אַנדערע, רופט מען אים אָן קאָמוניסט און מ'פאַרשפּאַרט אים אויף אַ צען אָדער צוואַנציק יאָר אין תּפיסה.

אין „בוך פון גייסט” האָב איך דערמאָנט וועגן קראָפּאַטקינס ווערק „קעגנזייטיקע הילף ביי מענטשן און חיות”, וועלכע איך האַלט פאַר איינס פון די ווערטפולסטע ביכער. קראָפּאַטקין ווייזט אויף גאַנץ גענוי, אַז די קאָנקורענץ שטעלט נישט פאָר מיט זיך דעם איינציקן געזעץ פון דער נאַטור, ווייל זי ווערט אומעטום געמילדערט דורך דער קאָאָפּעראַציע און אַז אין דער מערהייט פאַלן שפּילט די קאָאָפּעראַציע אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די מענטשן אַ סך אַ גרעסערע ראָל, ווי די קאָנקורענץ. נישטאָ אַזאַ באַשעפעניש, וועלכעס זאָל זיין לחלוטין עגאָאיסטיש. אַזאַ מין באַשעפעניש קען עקזיסטירן בלויז אין דער פאַנטאַזיע פון די, ווער עס שאַפט קלאַסן-פּריווילעגיעס. כּדי דער מין זאָל בלייבן ביים לעבן, איז אומבאַדינגט נויטיק, אַז אַ טייל ענערגיע פון זיינע איינצלנע פאָרשטייער זאָל גיין אויף פאַרמערונג, און וואָס קאָמפּליצירטער עס ווערט דאָס לעבן, אַלץ מער קרבּנות פאָדערט דער מין. וואָס אַנטוויקלטער עס איז דער טיפּ, אַלץ לענגער דויערט דער פּעריאָד פון וואַקסן, אַלץ מער קרבּנות פאָדערט דאָס באַשעפעניש פון זיינע עלטערן. חוץ דעם באַמערקט דער רוב באַשעפענישן, אַז דאַן, ווען זיי זענען פאַראייניקט אין טשערעדעס אָדער גרופּעס און זענען פאַרבונדן דורך קאָאָפּעראַציע, שאַפט זיך פאַר זיי אַ סך מער מעגלעכקייט צו בלייבן לעבן, ווי ביי דער הערשאַפט פון דער קאָנקורענץ. עס זענען דאָ פויגלען, וועלכע לעבן אין מחנות, פאַראַן אויך אַזעלכע, ווי שפּאַרבערס, אָדלערס און סאָוועס, וועלכע לעבן ביחידות: די ערשטע זענען טויזנט מאָל צאָלרייכער, ד. ה. זייערע שאַנסן אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ זענען טויזנט מאָל גרעסער. די גאַנצע מאַרך-קראַפט פון מענטשן איז פון סאָציאַלער אָפּשטאַמונג און זיין הערשאַפט איבער דער נאַטור איז בלויז אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס ער איז נישט געוואָרן קיין „עקאָנאָמישער מענטש”, וועלכן עס האָט געשאַפן די פאַנטאַזיע פון די אָנהענגער פון די קלאַסן-פּריווילעגיעס.

ס'איז קלאָר, אַז סיי קאָנקורענץ סיי קאָאָפּעראַציע זענען

נויטיק יעדן מענטשן און דער וווילשטאנד סיי פון יחיד סיי פון פאלק הענגט אפ פון דער ריכטיקער פראפארציע פון דיביידע פאקטארן. ווען א וועלכע נישט איז באשעפעניש וואלט געלעבט לחלוטין זעלבשטענדיק, וואלט זי אומגעקומען, נאך איידער עס וואלט דערגאנגען צו פארמערונג. פון דער צווייטער זייט ווידער, אויב עס וועט זיך אויסלערנען אנצוווענדן קאאפעראציע, וועט זיין באכוווקס זיין ווינציקער פעאיק צום קאמף פאר עקזיסטענץ, איידער די אנדערע באשעפענישן. מיר, אמעריקאנער, א פאלק פון 110.000.000 מענטשן, זענען אלע ביז איינעם אין א גרעסערער אדער קלענערער מאס באקאנט מיט קאאפעראציע. אייניקע פון אונז זענען זיכער, אז דער לעבנסגליק פון דידאזיקע מיליאנען מענטשן ווערט גרעסער מיט דער גרעסערער אנטוויקלונג פון דער קאאפעראציע. אבער אונזערע קעגנער זענען נישט מסכים מיט אונז; זיי ווילן גלייך זיין צו די עקדישן אויפן זאמד פון מדבר און צו די האיפיש אין ים, וועלכע פירן פינקטלעך אויס די לערע פון דידאזיקע הערן.

אין דער אמתן קען מען נישט ארויספירן נישט פון דער קאנקורענץ, נישט פון דער קאאפעראציע קיין אלגעמיין-גילטיקע, אומעטום-אנווענדבארע פארמולע. מיט דער פארמולע „די קאנקורענץ דאס איז דער נערוו פון האנדל” קען מען נישט לייזן קיין איין עקאנאמישע פראגע, קיין איין געשעפטלעכע אדער געזעצגעבערישע פראגע. די קאנקורענץ קען אויך באדייטן דעם טויט פון האנדל; דאס הענגט אינגאנצן אפ פון דער אנגעווענדעטער קאנקורענץ-פארם און פון דער אנטוויקלונגס-סטאדיע פון האנדל, אין וועלכער ער האט זיך געפונען דאן, ווען מ׳האט אנגעווענדט צו אים דידאזיקע פארמולע. אין אנהויב אכצנטן יארהונדערט, ווען אדאם סמיט האט אויפגעשטעלט זיין פארמולע, האט די קאנקורענץ פארקלענערט די פרייזן. זי האט אנגעשפארנט די אונטערנעמונגס-לוסט און אזויארום ארויסגערופן א פארגרעסערונג פון דער פראדוקציע.

דערנאך איז אבער געקומען א צייט, ווען עס איז געווארן צופיל מאשינען נישט נאר אויף צו דעקן די אינערלעכע באדערפענישן פון לאנד, נאר אויך פאר אלע דערגרייכבארע אויסערלעכע מערק, און די גרויסע פאבריקאנטן האבן געמוזט

מודה זיין, אַז די קאָנקורענץ איז געוואָרן דער טויט פאַר זייער האַנדל, און דעריבער, נישט הערנדיק די פראָפעסאָרן און פאָלגנדיק בלויז דעם געזונטן מענטשנפאַרשטאַנד, באַוואָפענען זיי זיך קעגן דער קאָנקורענץ און שאַפן טרעסטן. אין אַמעריקע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ קעגן דערדאָזיקער באַוועגונג, אָבער די פאַבריקאַנטן האָבן זיך פשוט אַרויסגעדרייט פון אויספירן אים. דאָס געדויערט שוין 53 יאָר און סוף כל סוף איז די פאַבריקאַנטן געלונגען אַרויסצוקריגן פאַר זייערע אונטערנעמונג.ן די ברכה פון העכסטן געריכט.

דעריבער טרעפן זיך אָפט אין דער גרויס-אינדוסטריע און אין גרויס-האַנדל קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע-פאָרמען. אַמאָל רופן זיי זיך „סינדיקאַט", „רעגולאַציע פון פרייזן" און „ווירטשאַפטלעכע אָפמאַכן". דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן זייער אַ נוטע ווירקונג אויף די פאַראייניקטע, אָבער פאַר די אַרבעטנדיקע און קאָנסומענטן באַדייטן זיי דעם טויט. דעריבער זענען אויך דידאָזיקע לעצטע געצוווּנגען זיך צו פאַראייניקן אין גרופּעס, אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און קאָנסום-געזעלשאַפטן. יעדער פון די צדדים איז זיכער, אַז דער קעגנערישער צד באַגייט אַ פאַרברעך, זיך אויסדרייענדיק פון דער קאָנקורענץ. דידאָזיקע אַמפּעריי צערייסט אונזער גאַנצן סאָציאַלן לעבן. מיר דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון אַ סך טויטע דאָקטרינעס און גענוי באַגרייפן, וואָס אַזוינס איז קאָנקורענץ און קאָאָפּעראַציע, און וויאַזוי געפינט מען דעם גלייכגעוויכט צווישן זיי.

אין דאָזיקן בוך האָב איך זיך באַמיט צו געבן אַ פונדאַמענט אויף צו לייזן ענלעכע פראַגעס. דאָ האַנדלט זיך וועגן פּראַקטישע פראַגעס און עס רעדט זיך וועגן אויפהיטן און אַנטוויקלען דאָס מענטשלעכע לעבן. מיר קענען נישט פעסטשטעלן קיין פעסטע כללים און יעדן פאַל מוזן מיר באַטראַכטן באַזונדער. מיר דאַרפן זאָגן, אַז אָט די פאָרם פון קאָנקורענץ איז ריכטיק, ווייל זי העלפט פאַרטיידיקן און אַנטוויקלען דאָס מענטשלעכע לעבן. מיר דאַרפן זאָגן, אַז די צווייטע פאָרם פון קאָנקורענץ איז נישט קיין ריכטיקע און זי העלפט צו דאָס קעגנזעצלעכע. מיר קענען זאָגן, אַז מיט פופציק אָדער אפילו בלויז מיט צען יאָר צוריק איז אַזאַ און אַזאַ קאָנקורענץ-פאָרם

געווען ריכטיק, ווייל זי האָט אין יענער צייט אַנטשפּראָכן די באַדינגונגען, אָבער פאַר דערדאָזיקער צייט האָט זיך דער און דער פאַקטאר געענדערט, די קאָנקורענץ האָט אַ קעגנזעצלעכע ווירקונג און דעריבער דאַרף זי באַזייטיקט ווערן.

עס האָט נאָך נישט עקזיסטירט אַזאַ קאָנקורענץ-פאָרם, וועלכע די מענטשן זאָלן נישט קענען באַאורטיילן אויף אַזאַ אופן און זי ענדערן, נישטאָ אַזאַ געביט פון מענטשלעכער טעטיקייט, אין וועלכן די עטישע געזעצן זאָלן נישט קענען שטעמפּלען די אָדער יענע האַנדלונגען. דער דורכשניטלעכער ענגלענדער האַלט פאַר ריכטיק, ווען צוויי זיך אַמפּערנדיקע נעמען אַראָפּ די סורדוטן און לייזן די פראַגע מיט די קולאַקעס, אָבער שלאָגן מעג מען נאָר אין נאָז; אויב עמיצער וועט אָבער אַ קלאַפּ טאָן נידעריקער פון בויך אָדער, לאָמיר זאָגן, אין קני, וועט תיכף אויסברעכן אַ צאָרן-שטורעם. דער אַנגלאָזאַקס, וועלכער אַנטשיידט זיינע קריגערייען מיטן קולאַק, פאַראַכטעט די סיציליאַנער, גריכן און אַנדערע דרום-פעלקער, וועלכע האַלטן מער פון מעסערס. אַזאַ אַרט קאָנקורענץ אָנערקענען מיר פונקט אַזוי ווייניק, ווי יענע, וועלכע באַנוצט זיך מיט גיפט און רכילות.

ווען מיר וועלן זיך צוקוקן צו די פריערדיקע צייטן, וועלן מיר זען, אַז אַ סך קאָנקורענץ-פאָרמען, וועלכע זענען בשעתו באַטראַכט געוואָרן פאַר גאַנץ אָנשטענדיק, זענען ביי היינטיקער צייט אומגעזעצלעך. אַזוי, למשל, איז געווען אַ צייט, ווען ס'איז כמעט קיין אונטערשייד נישט געווען צווישן ים-רויבעריי און אַ ים-מלחמה. די שיפן פון די וויקינגער פלעגן אַרויסגיין אין ים, אָנפאַלן אויף שיפן און פאָרטן פון אַנדערע פעלקער, פאַרכאַפּן געפאַנגענע און רויב און פלעגן דערפאַר גערימט ווערן אין לידער אַלס העלדן פון פאָלק. די ענגלישע קאַפּיטאַנען פון די עליזאַבעטישע צייטן דרעק, פראָבישער און אַנד. פיגורירן אין אונזערע לערנביכלעך אַלס מוטיקע מענטשן, וואָס זייער טעטיקייט האָט מיטגעהאָלפן צום בלי-צושטאַנד פון די ענגלישע קאָלאָניעס. אָבער לויט אונזערע היינטיקע געזעצן זענען דידאָזיקע מענטשן געווען די סאַמע איינפאַכסטע ים-רויבער. מיר קוקן מיעקל אויף מענטשנפרעסער, ס'איז דאָך אָבער געווען אַ צייט, וו

אַלע שטאַרקע פעלקער זענען געווען מענטשנפרעסערס און דער מנהג אויפצועסן די קריגס-געפאַנגענע האָט, אפשר, געבראַכט אַ געוויסן נוצן די פעלקער, וועלכע האָבן זיך אָן אים געהאַלטן.

פון דער צווייטער זייט עקזיסטירן סענטימענטאַלע מענטשן, וועלכע אָנערקענען נישט פרינציפּיעל קיין שום קאָנקורענץ און וועלכע וואָלטן וועלן פאַרניכטן יעדן רמז אויף איר אין דער געזעלשאַפט און דער עיקר אין דער פּעדאַגאָגיק. לאָמיר זיך אָבער אָפּשטעלן אויף אַ מאָמענט און זיך פאָרשטעלן, וואָס דערפון וואָלט געקענט אַרויסקומען. צי דען קענט איר, למשל, אָפּשטעלן די ריוואַליטעט אין דער ליבע? צי דען קענט איר אָפּשטעלן דעם פאַרמעסטונגס-גייסט אין דער קונסט, די שטרע-בונג פון מענטשן צו שאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין שענער און באַגייסטערטער פאַר אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר אים? צי דען לייקנט איר אין די אָנשטרענגונגען פון די גע-לערנטע אָפּצוּוואַרפן אַלע עקזיסטירנדיקע טעאָריעס? — פאַרשטייט זיך, אַז נישט. איר רופט אָן די דיזאָזיקע פאָרם פון קאָנקורענץ מיטן שיינעם נאָמען „ערלעכע ריוואַליטעט", אָבער דערמיט ענדערט איר דאָך נישט אויף קיין האָר דעם פאַקט, אַז זי באַדייט דעם מענטשנס רעכט צו דריקן אַ צווייטן און עפּעס אָפּנעמען ביי אים, זאָל זיין אייגנטום, געזעלשאַפטלעכע לאַגע, ליבע, באַרימטקייט אָדער מאַכט. אין דאָזיקן זינען איז די קאָנ-קורענץ באמת אַ געזעץ פון לעבן, און איר וועט טאָן זייער גוט, אויב איר וועט זיך צופּאַסן צו איר און שפּילן אייער ראָל אין לעבן.

לערנט דאָס אויס אויך אייערע קינדער. איר וועט זען, אַז אָן קאָנקורענץ וועט איר נישט קענען אַנטוויקלען זייערע כחות, איר וועט אפילו מוזן מאַכן אַ טריט הינטער זיך און אָנווענדן אַזעלכע פאָרמען פון קאָנקורענץ, וועלכע ווערן שוין ביי היינטיקס טאָג נישט אָנגעווענדט צווישן גרויסע. איך אַליין האָב אַמאָל גאַנצע צען יאָר פּרובירט לעבן אָן פיזישער קאָנקו-רענץ און כ'האָב זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אוממעגלעך. כ'האָב זיך סוף כל סוף געמוזט פאַרנעמען מיט אַ וואַסער נישט איז ספּאָרט. דער זעלבער גורל האָט געטראָפן אַ סך הונדערט טויזנטער אַנדערע מענטשן. וואָס אַזוינס איז ספּאָרט? דאָס איז

דער צוריקקער צו די ווילדע קאַמפן פון אונזערע אבות אין די־יאָמען פון שטרענגע, גענוי באַשטימטע הייגטצייטיקע כּללים, דער וועזן פון אמתן ספּאָרט פּאָדערט, די קעגנער זאָלן מיט אַלע כּחות קאָנקורירן צווישן זיך, אָפּהיטנדיק די פעסטגעשטעלטע כּללים.

דער גאַנצער ציל פון מיינע דערקלערונגען באַשטייט אין דעם, פעסטצושטעלן פאָלגנדיקן וויכטיקן פאַקט: געוויסע סאָציאַלע האַנדלונגען קענען ביי געוויסע באַדינגונגען זיין פּאַסיק, אָבער ביי אַנדערע באַדינגונגען נישט פּאַסיק. זיי קענען זיין פּאַסיק ביים שפּיל און נישט פּאַסיק ביי ערנסטע זאַכן, פּאַסיק אין דער יוגנט און נישט פּאַסיק אין רייפן עלטער, פּאַסיק אין אַ באַשטימטן פּעריאָד פון דער וועלט-אַנטוויקלונג און שעדלעך פאַר דער סאָציאַלער פאַרפולקאָמונג אין אַ אַנדער פּעריאָד. דעריבער, ווען מיר ווילן אָפּשאַצן וועלכע נישט איז מענטשלעכע האַנדלונגען, אַ וועלכן נישט איז געזעץ, אַ פּאָליטישע אָדער האַנדלס-פּראָגראַם, דאַרפן מיר קודם כּל זיך דערוויסן אַ סך וועגן יענער סביבה, ווו דאָס אַלץ קומט פאַר אָדער דאָס דאַרף דורכגעפירט ווערן. מיר דאַרפן זיך אַליין פרעגן, וועלכע רע־זולטאַטן עס וועלן ברענגען די ענדערונגען, אויב זיי וועלן דורכגעפירט ווערן אין אַזאַ און אַזאַ פאָרם אין דער אָדער יענער צייט. כּדי מיר זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו משפּטן וועגן דעם, דאַרפן מיר וויסן אַלע אַנטוויקלונגס-פאַזעס פון דער גע־זעלשאַפט, קענען יענע כּחות, וועלכע האָבן געווירקט אויף דער געזעלשאַפט, און יענע מיטלען, דורך וועלכע זיי האָבן דאָס פאַרווירקלעכט.

מיר דאַרפן אָבער נישט גלויבן בלינד די לעקציעס פון דער געשיכטע. „די פּרינציפּן פון די גרינדער" קענען פאַר אונז נישט בלייבן קיין ציל פאַר זיך, ווייל די וועלט האָט זיך פאַר דערדאָזיקער צייט שאַרף געענדערט, פּונקט אַזוי ווי די וועלט פון דער צוקונפט וועט נישט זיין ענלעך אויף אונזער היינט־צייטיקער וועלט. מיר זענען די שעפער און הערשער פון אונזער וועלט און על פּי רוב איז פון אונז געווענדט, ווי עס זאָל אויסזען די צוקונפטיקע וועלט. און אָט איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס מיר דאַרפן תּמיד געדענקען: מיר גריבלען זיך אין דער

פאַרגאַנגענהייט און מיר דענקען נאָך וועגן דעם הוה בלויז דער באַר, כדי צו שאַפן פאַר אונז און פאַר אונזערע קינדער און קינדס-קינדער אַ בעסערע און גליקלעכערע וועלט.

## III

# אַריסטאָקראַטיזם און דעמאָקראַטיזם

**אין** טאָמאַס דזשעפערסאָנס[1] מאַניפעסט געפינען **מיר** פאָלגנדיקע שורות:

„אַלעמענס אויגן זענען אָפן אָדער עפענען זיך אויף די מענטשלעכע רעכט. די ליכט פון וויסנשאַפט, וואָס פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער און מער, האָט שוין באַלויכטן דעם פאַר אַלעמען קלאָרן אמת, אַז מענטשן ווערן נישט געבאָרן מיט קיין זאָטלען אויף די פּלייצעס און אַ הייפל אויסדערוויילטע קומט נישט אויף דער וועלט מיט שפּאָרן, כדי צו רייטן געזעצלעך אויף די מאַסן מיט גאָטס דערלויבעניש.“

**דאָס**, וואָס איז פאַר דזשעפערסאָנען מיט העכער הונדערט יאָר צוריק געווען אַ „פאַרשטענדלעכער אמת“, איז נאָך ווייט נישט געקומען צום באַוווסטזיין פון דער וועלט. מיר ווילן קיין זאַך נישט גלויבן אויפן וואָרט, דעריבער וועלן מיר קאָנטראָלירן אויך דעמאָזיקן אמת. דערביי מוזן מיר מודה זיין, אַז אַ סך פאַקטן אין דאָזיקן אמת זעען אויס צו זיין סתירהדיק איינער צום צווייטן און דעריבער איז אים אַ סך שווערער צו דערווייזן, ווי דזשעפערסאָן האָט געמיינט. ס'איז נישט גענוג אָנצווייזן אויף די נישט געזאָטלטע רוקנס און אויף די נישט געשפּאָרנטע פיס פון די ניי-געבוירענע, ווייל מענטשן ווערן עקספּלואַטירט נישט דורך שפּאָרן. זיי ווערן עקספּלואַטירט דורך גאָלד און שטאָל, דורך באַנק און דעם קרעדיט-סיסטעם, דורך אייזנבאַנען, קוילנווערפערס און קריגס-שיפן.

1) פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע און דער שרייבער פון דער אומאָפּהענגיקייטס-דעקלאַראַציע (1743—1826).

די לערע, אַז „אַלע מענטשן זענען גלייכגעבאָרענע" אָדער, אַז זיי דאַרפן, לכל הפחות, זיין אַזעלכע, וועלן מיר צוליב באַקוועמלעכקייט וועגן אָנרופן מיטן נאָמען „דעמאָקראַטישע לערע". צוערשט איז זי פּראָקלאַמירט געוואָרן דורכן קריסטנטום, וועלכער האָט געפּרעדיקט די ברידערשאַפט פון אַלע מענטשן, וואָס זייער פאָטער איז — גאָט. אָבער אַפילו דידאָזיקע, דורך די קריסטן געפּרעדיקטע לערע, איז אין דער פּראַקטיק געווען אויסטערליש באַגרעניצט. אַ סך יאָרהונדערטער האָבן געמוזט פאַרגיין, איידער דער קירכנראַט האָט געהאַט די דרייסטקייט צו אָנערקענען, אַז אויך פרויען זענען מענטשן, אַז אויך זיי האָבן אַ נשמה. און איצט נאָך זענען אַ סך פרומע קריסטן נישט אינגאַנצן זיכער צי יאַפּאַנער, כינעזער, פיליפּינער און נעגערס זענען מענטשן. איך האָב געהערט אין דרום, ווי אַלטע לייט האָבן גאַנץ ערנסט פאַרזיכערט, אַז נעגערס זענען נישט קיין מענטשן, נאָר אַ באַזונדער מין חיות. און די געלערנטע לייט פון דרום פאַרזיכערן, אַז ביי די נעגערס ווערן שוין קינדווייז פאַרוואַקסן די שאַרבן-נעט און דעריבער קענען זיי נישט טראָגן קיין שום מאָראַלישע אחריות. דיזעלבע אידייען קענען אָנגעווענדט ווערן נישט נאָר דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך וועגן דער הויט-פאַרב, נאָר אויך דאָרט, ווו עס עקזיסטירן אייגנאַרטיקייטן אין דער עקאָנאָמישער לאַגע. דער דורכשניטלעכער ענגלישער אַריסטאָקראַט איז לחלוטין זיכער, אַז די „נידעריקערע שיכטן" וועלן תמיד זיין ווינציקער אַנטוויקלט, ווי די מענטשן פון זיין סביבה, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די ערשטע געהערן אויך צו דער אַנגלאָזאַקסישער ראַסע.

די לערע וועגן דעם נאַטירלעכן און אומפאַרענדערלעכן ווערט פון באַשטימטע פעלקער און קלאַסן וועל איך צוליב באַקוועמלעכקייט אָנרופן „אַריסטאָקראַטישע". ס'קען זיין, אַז איך וועל איבעראַשן מיינע לייענער, ווען איך וועל זיי זאָגן, אַז אויב דערדאָזיקער געטיינערטער ווערט עקזיסטירט, וואָלט געווען פאַלש צו גלויבן אין פּאָליטישער און עקאָנאָמישער גלייכקייט; אויב עס עקזיסטירן געוויסע קלאַסן און פעלקער, וועלכע קענען נישט דענקען און וועלכע קענען זיך אפילו נישט אויסלערנען צו דענקען ווי די אַנדערע קלאַסן און פעלקער,

וועלן זיי זיך אונטערוואַרפן די באַפעלן פון די אַנדערע, זיי וועלן לייכט געצוווּנגען ווערן דערצו, און נישט איר, נישט איך, און נישט אַלע פּרעדיקער און אַגיטאַטאָרן פון דער וועלט וועלן דאָס נישט קענען ענדערן. און ווען דאָס זאָל אונז געלינגען, וואָלטן מיר דורכדעם באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן לעבן און מיר וואָלטן געשטערט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט.

צי עקזיסטירט אָבער אין דער ווירקלעכקייט אַן ענלעכע נאַטירלעכע און אומענדערלעכע מינדערווערטיקייט? ביים שטודירן דידאָזיקע פראַגעס וועלן מיר זען, אַז זי ווערט קאָמפּליצירטער נאָך דורך אַ צווייטן פענאָמען, וועלכן מיר קענען נישט אַרומגיין און וועלכן מיר טאָרן נישט פאַרגעסן. דאָס איז דער פענאָמען פון דער אומרייפקייט פון דער ראַסע. צו די באַשטימטסטע פאַקטן פון דער נאַטור געהערן קינדהייט און יוגנטלעכקייט. די קאָנקורענץ-פאַרמעסטונג מיט אַ קינד קומט פאָר אין אַ גאַנץ אַנדער פאָרם און לויט לחלוטין אַנדערע כּללים, ווי מיט דערוואַקסענע, און אויב מיר האַלטן זיך נישט אָן דידאָזיקע כּללים — באַגייען מיר אַן אומרעכט און אפילו אַן אכזריות לגבּי דעם קינד. מ׳קען נישט לייקענען, אַז געוויסע ראַסן זענען ביי היינטיקס טאָג ווינציקער רייף אין זייער אַנטוויקלונג, איידער אַנדערע. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז אַן אומאָנגענעמער פאַקט, ס׳וואָלט אָבער געווען נאַריש אים אָפּצולייקענען. מענטשן, וועלכע וווינען אין געצעלטן, וועלכע פויקן אין טאַמטאַמס, וועלכע פירן מלחמות מיט פייל און בויגנס און קענען נישט ציילן מער פאַר צוועלף — אַזעלכע מענטשן זענען נישט גלייכווערטיק מיט אונזערע קולטורעלע ראַסעס נישט גייסטיק און נישט מאָראַליש. זיך באַגיין מיט זיי, ווי מיט גלייכע, און קאָנקורירן מיט זיי, אַרויסגייענדיק פון דערדאָזיקער הנחה, הייסט פּשוט זיי פאַרניכטן.

נישטאָ עפּעס ווערטפולערס פון אַ קלוגן, גוטן לערער, אָבער וואָס וועט איר זאָגן וועגן אַזאַ לערער, וועלכער וואָלט זיך אָנגענומען צו לערנען אייערע קינדער און אָנשטאָט דעם זיי פאַרוואַנדלט אין קנעכט און זיי עקספּלואַטירט? דער נאָמען פון דאָזיקן לערער איז—דער סוחר-קאַפּיטאַליסט, זיין באַשעפטיקונג: „די

מאַכט פון ווייטן מענטשן". דאָס מיסברויכן דידאָזיקע קראַפט איז די סיבה פון ראַסן-מלחמות און אויפשטאַנדן פון די אונטערדריקטע פעלקער. און, בנאמנות, ווען אַן ערלעכער מענטש וועט זיך פאַרטראַכטן איבער דעם, וועט אים זיין שווער צו באַשליסן, פון וואָס די פאַרביקע פעלקער ליידן מער: פון דער עקספּלואַטאַציע פון די ווייסע אָדער פון דער אייגענער אומרייפקייט?

ווען מיר זאָגן, אַז געוויסע ראַסעס געפינען זיך נאָך אין קינדערישן צושטאנד און נויטיקן זיך אין לערע און דערציאונג, הייסט דאָס נישט, אַז מיר אָנערקענען זיי פאַר מינדערווערטיק און אַז מיר לייקענען, דאָס זיי קענען אַליין אָנפירן מיט זיך. צי איז זיי באַשערט צו בלייבן מינדערווערטיק — דידאָזיקע פראַגע געהער צו די געלערנטע; זי דאַרף געלייזט ווערן אויפן וועג פון פסיכאָלאָגישע עקספּערימענטן, וועלכע געדויערן, אויב מעגלעך, נישט ווינציקער פון אַ גאַנצן דור. מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט דעם פּרווו דורכצופירן אַזעלכע עקספּערימענטן; נאָך מער, מיר באַזיצן נאָך אַפילו נישט די נויטיקע וויסנשאַפטלעכע אָביעקטיווקייט, וועלכע איז דערצו נויטיק.

דערווייל קענען מיר זיך נאָר אַרומקוקן און אָנמערקן די פאַקטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דערדאָזיקער פראַגע. אין אַזעלכע שטאַטן, ווי מאַססאַטשוזעט, ווו די נעגערס באַזוכן די אוניווערזיטעטן, ווייזן זיי, אמת, נישט אַרויס קיין שום אייגנשאַפטן, וואָס זאָל זיי שטעלן העכער פאַר די ווייסע, אָבער עס טרעפן זיך צווישן זיי הויך-קולטורעלע מענטשן, וועלכע גיבן נישט דעם מינדסטן גרונד אָנצונעמען די היפּאָטעזע וועגן דער בלומרשט פריצייטיקער צוזאַמענוואַקסונג פון די שאַרבן-נעט. מיר ווען אויך, אַז יענע ראַסן און פעלקער, וועלכע מ'האָט פון תמיד אָן געהאַלטן פאַר מינדערוועריק, ווייזן אַרויס אויסערגעוויינלעכע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, אַ מאָראַלישע ווידערשטאַנדס-קראַפט און אַ טאַלאַנט פון פירער. די אירלענדער, למשל, וועלכע די ענגלענדער האָבן באַטראַכט פאַר אַ ווינציקער קולטורעל פאָלק, האָבן באַוויזן, אַז זיי געהערן צו די מוטיקסטע און שטאַרקסטע פעלקער. אין אינדיע אַנטוויקלט זיך אַ באַוועגונג

וועלכע וועט זיך מוזן אַרויסווייזן פאַר שטאַרקער, ווי דאָס גאָלד און דער שטאָל פון די ווייסע. די עגיפּטער, די פּערסן, פיליפּינער און קאָרעער דערפינדן נייע מיטלען, וויאַזוי אויסצומיידן די הערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע-צענזור. אַ שאָד, וואָס דידאָזיקע אַלע פעלקער באַקומען זייער דערציאונג אין שנאה, און נישט אין ליבע צו זייערע לערערס.

אמת, די אָנפירער פון דידאָזיקע מורדים זענען כמעט תמיד מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַהעפט מיט דער קולטור פון די ווייסע; זיי געהערן צום יונגן דור, וועלכער האָט באַוואַקסן די שולע פון די ווייסע. אָבער אין דעם טאַקע ליגט דער ענטפער, וועלכן מיר האָבן געזוכט אויף דער פראַגע, צי זיי איז באַשערט אויף אייביק צו פאַרבלייבן מינדערווערטיק, אָדער זיי זענען פשוט אומרייף און נויטיקן זיך אין לערע. און נישט נאָר ביי די ברוינע, שוואַרצע און געלע ראַסעס הענגט דער פּראָגרעס אָפּ פון יונגן דור; דערדאָזיקער פאַקט איז גילטיק פאַרן גאַנצן לעבן.

אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אונזערע אַרגומענטן וועלן מיר מוזן אָננעמען אַלס דערוויזן, אַז די דעמאָקראַטישע לערע איז די גערעכטסטע און אַז די נאַטור שאַפט נישט קיין אייביק-מינדערווערטיקע ראַסעס און קלאַסן. מיר וועלן נישט גיין אַזוי ווייט, ווי דזשעפערסאָן אין דער אומאָפּהענגיקייטס-דעקלאַראַציע, ווו ער האָט פאַרזיכערט, אַז אַלע מענטשן זענען באַשאַפן געוואָרן גלייך, אָבער מיר דאַרפן פעסטשטעלן, אַז אַלע מענטשן זענען באַשאַפן געוואָרן מיט באַשטימטע רעכט, צו וועלכע עס געהערט אויך דאָס רעכט אויף לעבן און די שטרעבונג צו פרייהייט און גליק. און ווייטער: אויף דער וועלט וועט קיינמאָל נישט זיין קיין פרידן און אָרדנונג, ביז וואַנען אַלע מענטשן וועלן נישט באַקומען פרייהייט און רעכט אויף גליק.

IV

# דער הערשנדיקער קלאַס

מ׳קען זיך פאָרשטעלן אַזאַ נאַטירלעכע אָרדנונג, ווו אַלע יחידים ווערן געבוירן גלייכע, מיט דערזעלבער אַנטוויקלונג און באַזיצן דיזעלבע כחות. דאָס איז, ווייזט אויס, דער פאַל ביי די נידעריקערע מינים חיות, ווי, למשל, ביי מוראַשקעס און בינען. ביי מענטשן אָבער ווערן איינע געבוירן אַלס אידיאָטן, די צווייטע אַלס גאונים. און ווען אונז זאָל אַפילו געלינגען אויסצוהיילן שוואַכזיניקייט און בלינדקייט, וואָלט זיך אונז אָבער קיינמאָל נישט איינגעגעבן צו שאַפן אַ ראַסע פון גאונים. שטענדיק וועלן זיין קליגערע, וועלכע אַנטדעקן נייע לעבנס-כחות און צווינגען די אַנדערע זיך לערנען ביי זיי. די אינטערעסן פון דער ראַסע פאָדערן, אַז דערדאָזיקער לער-פּראָצעס זאָל פאָרקומען וואָס גיכער. מיט אַנדערע ווערטער, פאַר דער געזעלשאַפט שטייט די גרויסע פּראָבלעם אויסצוטיילן די הויך-אַנטוויקלטע פערזענלעכקייטן און פאַרפעסטיקן פאַר זיי דעם נויטיקן אויטאָריטעט.

זיך אומקוקנדיק אויף דער געשיכטע זעען מיר אַ סך חכמים און אַ סך הערשער, אָבער זייער, זייער זעלטן איז דער הערשער אַ חכם אָדער דעם חכמס אַ פריינט. איין הערשער האָט דערלויבט דעם המון צו קרייציקן יעזוסן, דער צווייטער האָט געהייסן סאָקראַטעסן אויסצוטרינקען אַ בעכער גיפט, דער דריטער האָט געפייניקט גאַליליייען, דער פערטער האָט געקעפּט דעם סער וואלטער ראַלעי¹) — און אַזוי ווייטער, אַ לאַנגע טראַגישע כראָניק. און אויב עס פלעגט זיך שוין געפינען אַמאָל אַ קלוגער הערשער, פלעגט ער שטענדיק זיין אַרומגערינגלט דורך אַ גאַנצן קלאַס פּאַראַזיטן און באַאַמטע, וועלכע פלעגן צעשטערן אַלע זיינע גוטע אָנהויבן. אין היסטאָרישן פּראָצעס

1) אַן ענגלישער מלוכה-מאַן און אַ באַרימטער ים־רייזנדער — געקעפּט אין 1618 אונטער דער הערשאַפט פון יאַקאָב I.

קומט אָפּט פֿאָר פֿאָלגנדיקס: אַ וועלכע נישט איז גרופּע פֿאַר־כאַפּט די מאַכט, האַלט זי איין מיט געוואַלט און באַמיט זיך צו פֿאַרפֿעסטיקן זי פֿאַר זיך און זי פֿאַרגרעסערן. אָפּט באַשטייען דידאָזיקע גרופּעס פֿון ענערגישע און פּראַקטיש־ווערטפֿולע מענטשן, וועלכע גיבן זיך נישט שלעכט אַן עצה מיט דער מאַכט, אָבער קיינמאָל איז זיי נאָך נישט געלונגען איבערצוגעבן דידאָזיקע אייגנשאַפֿטן די יורשים; זייערע יורשים פֿלעגן זיך אַרויסווייזן אַלס פֿאַרצערטלט און אויסגעלאַסן, און פֿלעגן דערפֿירן די פֿאַרשקלאַפֿטע קלאַסן צו אויפֿשטאַנדן. דידאָזיקע אויפֿשטאַנדן פֿלעגן זיך אָפּט נישט איינגעבן, אָבער ענדלעך פֿלעגט איינער פֿון זיי זיין זיגרייך, אַ נייע דינאַסטיע אָדער אַ נייער קלאַס פֿלעגט פֿאַרכאַפּן די מאַכט און אַמאָל זיך אַרויסווייזן פֿאַר אַביסל בעסער, און אַמאָל פֿאַר אַביסל ערגער, איידער די פֿריערדיקע. וואָס זשע זענען די סימנים, לויט וועלכע מיר קע־נען וויסן, צי דער נייער רעזשים איז בעסער אָדער ערגער? דאָס איז אַן ערנסטע פֿראַגע, ווייל זי האָט אַ שייכות נישט נאָר מיט דער וועלט־געשיכטע, נאָר אויך מיט אונזער טאָג־טעגלעכן לעבן. נאָכדעם, ווי איך האָב דורכגעלייענט אַ סך צענדליק טויזנט זייטלעך וועלט־געשיכטע און מיט יאוש און ווייטאָק זיך פֿאַרטראַכט איבער אירע לעקציעס, וועל איך אפֿשר קענען פֿעסטשטעלן אַן אַלגעמיינעם כּלל, וועלכן מ׳קען אָנווענדן אויף די רעוואָלוציעס און אויף דער מאַכט־ענדערונג. אויב אין רעזולטאַט פֿון דער איבערקערעניש פֿאַלט די מאַכט אַריין אין די הענט פֿון אַ אומבאַדייטנדיקער גרופּע, באַדייט דאָס אַ רעאַקציע, אויב די מאַכט ווערט אָבער געהערן אַ גרעסערער טייל באַפֿעלקערונג, איז דאָס שוין אַ טריט פֿאָראויס.

איך האָב נישט לאַנג צוריק געלייענט אַן אַרטיקל וועגן אַ מיטל־אַמעריקאַנישער מלוכה — דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען גוואַטעמאַלאַ: ווינציקער ווי אין הונדערט יאָר זענען דאָרט פֿאָר־געקומען הונדערט דרייסיק רעוואָלוציעס! אַ וועלכער נישט איז אויסוואָרף קלויבט צונויף אַרום זיך אַ באַנדע, וואָס איז ענלעך צו אים, פֿאַרכאַפּט די מאַכט און ראַבעוועט דאָס פֿאָלק. ווען ער האָט שוין גענוג אָנגעראַבעוועט, געפֿינט זיך אַ צווייטער אויסוואָרף, וועלכער מאַכט דורך אַן ענלעכע רעוואָלוציע. דידאָ־

זיקע אָפּערעטן-רעוואָלוציעס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיטן פּראָג-רעס פון פאָלק. מיר רופן זיי אָן „הויף-רעוואָלוציעס".

פאַרגלייכט זיי ערשט מיט די ענגלישע רעוואָלוציעס; מיר האָבן וועגן זיי געשריבן וויסנשאַפטלעכע ווערק, אָנרופנדיק ענגלאַנד „די מוטער פון פּאַרלאַמענט". זייער סיבה איז געווען די פּאָליטישע אומצופרידנקייט, וואָס האָט געהערשט אין ענג-לאַנד. די פּראָטעסטירנדיקע פלעגן זיך אָרגאַניזירן און, באַקאַנט מיט דער סיבה פון אַלדאָס בייז, זיך באַמיט זי צו באַזייטיקן. זיי האָבן פאַרמאָגט גענוג פאַרשטאַנד און מיט דער הילף פון דראָאונגען אָדער קראַפט פלעגן זיי צווינגען די הערשנדיקע קלאַסן נאָכצוגעבן זייערע פאָדערונגען. אויף אַזאַ אופן פלעגן זיי זיך דערשלאָגן אַלץ אַ גרעסערע פרייהייט און אַ גלייכמעסיקערע פאַנאַנדערטיילונג פון דער מאַכט. טעניסאָן האָט געזאָגט וועגן ענגלאַנד, אַז „דאָס איז אַ מלוכה, ווו די פרייהייט אַנטוויקלט זיך לאַנגזאַם און בהדרגהדיק, אָבער אַלץ מער און מער". אין היינ-טיקער צייט זענען מיר געניייגט אַרויסצורעדן דאָסדאָזיקע וואָרט „לאַנגזאַם" מיט אַ ביסל שפּאָט, אָבער טעניסאָן וואָלט אונז געקענט ענטפערן, אַז פאַר דער באַפעלקערונג איז בעסער לאַנג-זאַם זיך רוקן פאָראויס, איידער זיך אַ רוק טאָן שנעל, אָבער פונקט אַזוי שנעל זיך אומקערן צו דער אויסגאַנג-לאַגע.

מיר האָבן שוין אַ סך מאָל אָנגעוויזן אויף דעם וויכטיקן ביאָלאָגישן פאַקט, אַז די ענדערונג איז פון שטאַנדפּונקט פון געזונטן מענטשן-פאַרשטאַנד און פון דער מאָראַל נישט שטענדיק אַ פּראָגרעס. וואָרום פונקט אַזאַ ענדערונג קען דאָך אויך זיין די דעגענעראַציע און מ'קען נישט פאַרזיכערן, אַז אַלע ענדערט זיך צום בעסערן.

מיר מוזן דאָס איבערחזרן, ווייל דאָס איז פונקט אַזוי נוגע רעגירונגען און מאָראַל-באַגריפן, ווי לעבעדיקע מענטשן. די נאַציע קען אָנזאַמלען אַ סך רייכטימער, זי קען הונדערט-פאַך פאַרגרעסערן די קוואַלן פון רייכטום, אָבער זיך ענדערן דערביי בלויז פון דער אויסערלעכער זייט, אויפמונטערנדיק צו לוקסוס, שוחד, גיריקייט. לויט מיין מיינונג איז דאָ בלויז איין גרונט צו אורטיילן — דאָס איז דער, וועגן וועלכן איך האָב שוין

דערמאָנט: צי איז די פּאַקטישע מלוכה-מאַכט איבערגעגאַנגען צו אַ גרעסערן אָדער קלענערן פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג.

לייגט אַכט אויף די ווערטער „פּאַקטישע מלוכה-מאַכט". קיין זאַך טרעפט זיך נישט אין מענטשלעכן לעבן אָפטער, ווי די געבליבענע פאָרם נאָכדעם, ווי דער גייסט, וואָס האָט זי געשאַפן, איז שוין פון לאַנג געשטאָרבן. און קיין איין זאַך האָבן מיר נישט באַנוצט אַזוי אָפט כדי אַריינצוברענגען אין אַ טעות דאָס פאָלק, ווי גראָד די מאַסקע פון דידאָזיקע פאָרמעס. אין דער געשיכטע האָט שוין געטראָפן, אַז דאָס פאָלק פלעגט נאָך ווייטער ווילן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיינע שטימען האָבן שוין פון לאַנג נישט געהאַט קיין שום ווערט, און אומגעציילטע מאָל האָבן פולשטענדיק פאַרשקלאַפטע מאַסן איינגעהיט דעם אויסערלעכן שיין פון פלומרשטער פרייהייט. אין דער צייט פון דיאַצס הערשאַפט האָט מעקסיקע געהאַט אַן אויסגעצייכנטע, פולקאָמענע קאָנסטיטוציע, בעת אין דער ווירקלעכקייט האָט געהערשט אַן אומבאַגרענעצטער דעספּאָטיזם. מיר, אמעריקאַנער, ווייסן צום באַדויערן צו גוט, אַז עס עקזיסטירן פּאָליטישע דעמאָקראַטיעס, וואָס טויגן אויפן פייער.

איז וואָס-זשע זאָלן מיר טאָן — זיך פאַראייניקן צו די פּעסימיסטן און זאָגן, אַז די גאַנצע וועלט-געשיכטע דאָס איז אַ זינלאָזער קאַמף פאַר אַן אומנוציקער מאַכט און אַז דער פּראָגרעס איז בלויז אַן אילוזיע? ניין. פאַרקערט, איך גלויב, און דאָס לאָזט זיך באַווייזן, אַז דאָס וויסן האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די ברייטע מאַסן. איך גלויב, אַז אין אַלע פּעריאָדן פון דער אָנגעשריבענער געשיכטע לאָזט זיך קאָנסטאַטירן אַ פּאַקטישע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. מיר קענען אויך אַנאַליזירן די געזעצן פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט, אירע מעטאָדן, און מיר דאַכט זיך, אַז זייער דערקענטעניש איז פאַר אונז באַזונדערס וויכטיק, ווייל זי גיט אונז די מעגלעכקייט צו פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס און פאַרזיכערן זיינע דערגרייכונגען. דער אַנאַליז פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז די נאָענטסטע אויפגאַבע, צו וועלכער מיר דאַרפן צוטרעטן.

## V

## דער באַגריף פון סאָציאַלער עוואָלוציע

מיר האָבן קורץ נאָכגעפאָלגט די סאָציאַלע געשיכטע פון דער מענטשהייט, יענע גרופּעס, אין וועלכע זי פלעגט זיך אָרגאַניזירן און ווי אַזוי די סיסטעם פון דידאָזיקע גרופּעס האָט זיך געענדערט. אַלץ אין לעבן אַנטוויקלט זיך און וואַקסט און די מענטשלעכע געזעלשאַפט שטעלט נישט פאָר מיט זיך קיין יוצא מן הכלל. זי האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגן אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, וואָס ווען מיר שטודירן אים דורך אין אַלע זיינע פּרטים, זעען מיר איין, אַז עס ווערן אין אים גענוי באַשטעטיקט די געזעצן, וועלכע הערבערט ספּענסער האָט פעסטגעשטעלט.

אין אַנטוויקלונגס-פּראָצעס פאַראייניקן זיך איינצלנע, גלייכאַרטיקע פאַקטאָרן אין טיילן פון אַ קאָמפּליצירטן גאַנצן. אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט זענען אַזעלכע איינהייטן די מענטשן און פרויען, און די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז דער-יעניקער פּראָצעס, אַדאַנק וועלכן אַ קליינע און פּשוטע גרופּע, וואָס אירע יחידים זענען, אַזוי צו זאָגן, גלייך, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גרויסע און קאָמפּליצירטע גרופּע, ווו די יחידים זענען שוין פאַרשידן און זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען—קאָמפּליצירט און פאַרפּלאָנטערט.

צוויי מעכטיקע כוחות ווירקן אויפן מענטשן און צווינגען אים צו קאַמף און אַנטוויקלונג. דער ערשטער כוח איז מורא, די נויטווענדיקייט צו שיצן זיך פון שונאים; די צווייטע איז דער הונגער, די באַדערפעניש אין שפּייז און אין מיטלען צו באַקומען שפּייז און זי אויפצוהיטן. די ערשטע שטויסט די מענטשן זיך צו פאַראייניקן מיט אַנאַנדער און איינשטעלן אַ וועלכע-נישט-איז פאַרוואַלטונגס-פאָרם; דאָס איז די אַנטשטייאונג פון דער פּאָליטישער עוואָלוציע. די צווייטע שפּאָרנט זיי אָן צו זאַמלען רייכטימער און זיך פאַראייניקן אין אינדוסטריעלן לעבן; דאָס איז דער פאַקטאָר פון עקאָנאָמישער עוואָלוציע;

היות דער ערשטער פֿאַקטאָר איז אַ ביסל שטאַרקער, דעריבער זעען מיר, אַז די עוואָלוציע פֿון דער פּראָדוקציע-פֿאָרם קומט פֿאָר אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט פֿריער פֿאַר דער אינדוסטריעלער עוואָלוציע.

מיט אַ 20 יאָר צוריק האָב איך צום ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט דידאָזיקע מיינונג אין אַ אַרטיקל, וועלכער איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין זשורנאַל „Colliers Weekly“. כ׳האָב דאָרט געשריבן, אַז די ערשטע אויפֿגאַבע פֿון מענטשן באַשטייט אין פֿאַרזיכערן זיך פֿון שונאים, און ערשט דאַן, ווען דאָס געלינגט אים, זאָרגט ער פֿאַר זיין דערנערונג. דער זשורנאַל האָט פֿאָרגעלייגט דעם היינט שוין פֿאַרשטאָרבענעם פּראָפֿ. פֿון יעלסער אוניווערזיטעט ס ע מ נ ע ר, דעם פֿאָרשטייער פֿון דער אַלטער שולע, ער זאָל ענטפֿערן אויף מיין אַרטיקל. דער פּראָפֿ. סעמנער האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון מיר און דערקלערט, אַז דער מענטש שאַפֿט זיך איין שפּייז אַ סך פֿריער, איידער ער האָט זיך נאָך פֿאַרזיכערט קעגן די שונאים. אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ווען סעמנער איז שוין געווען טויט, האָט איינער פֿון זיינע פֿאַרערער געשריבן אין „New-Jork Times“, אַז דער פּראָפֿ. האָט צעקלאַפּט מיינע טעזיסן, אַז איך האָב אָנערקענט מיין מפּלה און נישט געהאַט דעם מוט צו ענטפֿערן. דאָס איז מיר פֿאָרגעקומען ביז גאָר קאָמיש. אמת, ס׳איז מעגלעך, אַז סעמנערן האָט זיך איינגעגעבן צו צעקלאַפּן מיינע טעזיסן, אָבער די פֿאַרזיכערונג, אַז איך האָב אָנערקענט מיין מפּלה, פֿאַרזאָרגט מיך מיט אַזאַ מאָס עניוות, וועלכע איך פֿאַרמאָג גאָרנישט. אינדערעמתן האָב איך דאָ באַקומען אַ לעקציע, צו וועלכער איך בין שוין געווינט אין די קאַפּיטאַליסטישע זשורנאַלן: „Colliers Weekly“ האָט פֿון אָנהויב צוגעזאָגט אָפּצודרוקן מיין ענטפֿער, אָבער דערנאָך האָט ער זיך געפּרוווט אַרויסדרייען פֿון צוזאָג און ערשט אויף מיינע עקשנותדיקע פֿאָדערונגען האָט ער אים אָפּגעדרוקט אויף די לעצטע זייטלעך, צווישן די אַנאָנסן וועגן זייף און ציגאַרן.

פּראָפֿ. סעמנער לעבט שוין נישט. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ סך שילער, און איך וויל זיך פֿאַרטיידיקן קעגן זיי, געגעבן אַנאַליזירנדיק מיינע טעזיסן. כ׳האָב נישט בדעה

צו פאַרזיכערן, אַז צוערשט פאַרזיכערט זיך דער מענטש ענטגילטיק פון די שונאים און ערשט דערנאָך גייט ער זוכן פאַר זיך שפּייז.

אַוודאי, מיר דאַרפן עסן און זיך פאַרזיכערן פון פיינט. אָבער פרעגט זיך נאָר אַליין: ווען איר זאָלט האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצוקלויבן, וואָס וואָלט איר אויסגעקליבן: בלייבן עטלעכע טעג אָן שפּייז, אָדער דערהרגעט ווערן דורך באַנדיטן, צוזעענדיק ווי אייער פרוי און אייערע קינדער ווערן אַוועקגעפירט אין קנעכטשאַפט. ס׳איז קיין ספק נישטאָ, אַז צוערשט וואָלטן מיר זיך אָפּגערעכנט מיט די שונאים און וואָלטן זיך דערביי באַגנוגנט מיט דער ערשטער-בעסטער, אונטער דער האַנט אונטערגעקומענער שפּייז. דאַן, ווען איר זענט פאַרנומען מיט אונטערדריקן אַ בירגער-קריג, אָדער מיט צוגרייטונגען צו אַ קריגס־מאַרש, וועט איר זיך פאַרשאַפן שפּייז אויפן זעלבן אופן, ווי דאָס האָבן געטאָן אייערע אבות; מיט אַנדערע ווערטער: די פּאָליטישע עוואָלוציע דויערט, די עקאָנאָמישע אָבער שטעלט זיך אויף אַ צייט אָפּ. ווען אייך געלינגט אָבער צו באַזיגן דעם שונא — האָט איר פאַר זיך אַ לאַנגן שלום-פּעריאָד און איר קענט באַאַרבעטן אייערע פעלדער, פאַרהיימישן חיות, אפשר אויך דערפינדן אַ נייעם מעטאָד צו שפּינען, און אַזוי-אַרום זיך פאַרנעמען מיט אייער עקאָנאָמישן לעבן.

ס׳איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס פּראָפ. סעמנער האָט פאַרמישט דידאָזיקע באַגריפן. ער האָט נישט געקענט אָפּלייקענען די פּאָליטישע עוואָלוציע, ווייל זי איז געווען אַ געשעענער פאַקט. די פּאָליטישע דעמאָקראַטיע האָט ער פיינט געהאַט און מורא געהאַט פאַר איר, זי האָט אָבער עקזיסטירט און ער האָט זי געמוזט העפלעך באַגעגענען, ווי אַ טיגער, וועלכער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין זיין שטוב. אָבער די אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע עקזיסטירט בלויז אין די האָפנונגען און נביאותן און דעריבער האָט דער אַלטער טשעמפּיאָן פון דער רעאַקציע געקענט לאַכן פון איר פון גאַנצן האַרצן. כ׳דערמאָן זיך, אַז מיט אַ צייט צוריק האָב איך געלייענט אַ מיינונג, אַז ס׳איז אַן אומזין זיך פאָרצושטעלן די מעגלעכקייט פון אַ וועלכער נישט איז פאַרבינדונג צווישן דעמאָקראַטיע און אינדוסטרי. דורכלייענענדיק

דאָס, האָב איך זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז לעבן דער פּאָליטישער עוואָלוציע, וועלכע האָט שוין דערגרייכט די דעמאָקראַטישע שטופע, עקזיסטירט אויך אַן עקאָנאָמישע עוואָלוציע.

לאָמיר שילדערן אין ברייטע שטריכן דעם פּראָצעס פון פּאָליטישער עוואָלוציע. אַ וואָסער נישט איז ווילדער שטאַם באַשטייט פון מער אָדער ווייניקער גלייכע יחידים. אייניקע פון זיי זענען אַ ביסל שטאַרקער, אַנדערע — אַביסל קליגער, נאָך אַנדערע ווידער פירן בעסער אָן אין אַ מלחמה, אָבער דער אונטערשייד צווישן זיי איז צו אומבאַדייטנדיק און ווען דער שטאַם קלויבט אויס פאַר אַ פירער איינעם, קען ער מיטן זעלבן דערפאָלג אויסקלויבן אויף זיין אָרט אויך אַן אַנדערן. סיי די מענער, סיי די פרויען האָבן שטימרעכט אין ראַט פון שטאַם, זייערע „רעכט" זענען גלייך. אמת, אַלע זענען זיי קנעכט פון עם-הארצות, אבערגלויבן און די קאָמישסטע „טאַבוס"; אָבער דאָס איז נוגע אַלעמען גלייך, נישטאָ קיין פּריווילעגירטע קלאַסן, נישטאָ קיין ירושהדיקע אומגלייכקייט.

ביסלעכווייז אָבער, מיט דער פאַרגרעסערונג, פאַרשטאַרקונג און אַנטוויקלונג פון שטאַם, ווען זיי הויבן אָן צו נעמען אין שלאַכטן געפאַנגענע, עקספּלואַטירן זייער אַרבעט און פאַראייניקן זיך מיט אַנדערע שטאַמען, אַנטשטייט אַ ירושה-אָנפירערשאַפט גלייכצייטיק מיט אַ גרופּע פּערזאָנען, וואָס האַלטן זי אונטער: וואסאַלן און הויף-לייט. ווען די געזעלשאַפט דערגרייכט די שטופע, וועלכע מיר רופן אָן „די באַרבאַרישע" באַשטייט זי שוין פון אַ העכערער קאַסטע, ירושה-כּוהנים, וואָס פאַרוואַלטן מיט גאָטס חסד, און קנעכט.

די געזעלשאַפט דערגרייכט דעם פעאָדאַלן פעריאָד, אין וועלכן זיינע פאַרשיידענע מדרגות און קלאַסן אונטערשיידן זיך בולט צווישן זיך; יעדער קלאַס פירט אויס פאַרשיידענע פונקציעס, האָט פאַרשיידענע פּריווילעגיעס, רעכט און פליכטן. די פעאָדאַלע פירשטנטומס קעמפן צווישן זיך און גיסן זיך צונויף דורך דעראָבערונגען און חתונות, אַ שטאַרקערער פירער צווינגט אַרויף זיין מאַכט אויף אַ גרעסערן שטח, עס אַנטשטייט אַ קעניגטום און צוזאַמען מיט אים אַ קאָמפּליצירט-אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט, אין וועלכער די קלאַסן-אונטערשיידן זענען נאָך

פעסטער ווי פריער. פאַרגלייכט אין פראַנקרייך פון דעם „אנסיען רעזשים"-פעריאָד אַ הויפמאַן אָדער אַן אַריסטאָקראַט מיט אַ לייב-אייגענעם: זייביידע זענען נישט נאָר נישט גלייך פאַרן געזעץ, נאָר אויך זייער שפּראַך, זייער לעבנס-פיר און אַפילו דער אויסערלעכער אויסזען זענען פאַרשיידן, און דער גוטבאַזיצער האַלט די לייבאייגענע פאַר אַ נידעריקערן מין מענטשן.

דער לעצטער אידעאַל פון אייראָפּע איז געווען אַ פּאָליטישע געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך אויסשפּרייטן אויפן גאַנצן קאָנטינענט און דערדאָזיקער אידעאַל האָט שוין עטלעכע מאָל געהאַלטן ביים פאַרווירקלעכט ווערן, עס עקזיסטירט אָבער אַ היסטאָרישער געזעץ, וואָס זאָגט, אַז אין אַ געזעלשאַפט, וואָס באַזירט אויף פּריווילעגיעס און פאַרקנעכטונג, זענען די הערשנדיקע קלאַסן טיי מאָראַליש און סיי גייסטיק נישט דערוואַקסן צו זייערע אויפגאַבעס און זייער הערשאַפט ווערט אומדערטרעגלעך. דאָס אַלץ האָט זיך באַשטעטיקט אויך אויף אייראָפּע, דאָרט זענען פאָרגעקומען פּאָליטישע רעוואָלוציעס, צוערשט אין ענגלאַנד, ווו זיי זענען דורכגעפירט געוואָרן בהדרגהדיק, דערנאָך אין פראַנקרייך און אין דער לעצטער צייט אין אַ סך גרויסע און קליינע מאָנאַרכיעס.

וואָס עס איז אַזוינס, אין תוך גענומען, אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע, לאָזט זיך זען אויפן ביישפּיל פון פראַנקרייך, ווו די איבערקערעניש איז פאָרגעקומען שנעל. די היינטיקע מענטשן קומט פאָר, אַז לודאָוויק XIV-טנס ווערטער „די מלוכה דאָס בין איך" זענען אַ פּשוטע באַרימערײַ, אָבער אין זייער צייט זענען זיי געווען אַ פּשוטע קאָנסטאַטירונג פון אַ פאַקט. לודאָוויק איז געווען „די מלוכה", ווי מ'האָט דאַן געגלויבט, לויטן ווילן פון פאָלק און לויט גאָטס חסד. די אַרמיי איז געווען זיין אַרמיי, דער פלאַט — זיין פלאַט, און די מלחמות, וועלכע ער האָט געפירט, זיינע מלחמות. יעדער מענטש אין דער מלוכה איז געווען זיין אונטערטאַן, דער מלוכהס גאַנצער פאַרמעגן איז געווען זיין פּריוואַט-אייגנטום, מיט וועלכן ער האָט זיך געשאַפט לויט זיין איינזען. די באַאַמטע האָבן אויסגעפירט זיין ווילן, די אַריסטאָקראַטן האָבן פאַרמאָגט דעם באָדן לויט זיין חסד.

פלוצלונג אָבער האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק אַראָפּגעוואָרפן דעם קעניג, אים געטויט און פאַרטריבן די אַריסטאָקראַטן פון לאַנד. עס האָט פאַרכאַפּט אין זיינע הענט די מלוכה-מאַכט און דערקלערט אַלע בירגער אַלס גלייכבאַרעכטיקט פאַרן געזעץ און אין דער רעגירונג. דעריבער ווערט פראַנקרייך אָנגערופן — רעפּובליק, און די־דאָזיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם פון דער געזעלשאַפט — פּאָליטישע דעמאָקראַטיע. זי פאַרענדיקט מיט זיך דעם פּראָצעס פון פּאָליטישער עוואָלוציע, וועלכער אַנטוויקלט זיך ספּיראַל-אַרטיק, זיך אומקערנדיק אין קרייז צום אויסגאַנגס-פּונקט, אָבער אויף אַ העכערער מדרגה. די בירגער פון אַ היינטיקער רעפּובליק זענען גלייך פאַרן געזעץ, ווי עס זענען געווען גלייך די מיטגלידער פון ווילדן שטאַם, אָבער די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע איז אַ גרעסערע, אַ קאָמפּליצירטער; יעדער אינדיווידואום שטייט אויף אַ העכערער ניוואָ, ווייל ער האָט זיין חלק אין די באַקוועמלעכקייטן פון דער מאָדערנער הויך-אָרגאַניזירטער און מעכטיקער מלוכה.

## VI

## די אינדוסטריעלע עוואָלוציע

איצט וועלן מיר נאָכפאָלגן דעם פּראָצעס פון דער אינדוסטריעלער עוואָלוציע. מיר וועלן דאָ געפינען אַן איבערחזרונג פון דער פּאָליטישער עוואָלוציע, אַריבערגעטראָגן אין אַ אַנדער געביט. שטעלט זיך נאָר פאָר צוויי ריזיקע ים-כוואַליעס. דאָ זענען זיי דערוויטערט איינע פון דער צווייטער, דאָ דערנעענטערן זיי זיך, דאָ פאַראייניקן זיי זיך. ס'קען זיין, אַז אין דער טיף זענען זיי אומצעטיילבאַר. אַ וואָסער נישט איז קריטיקער איז זייער לייכט צו באַווייזן, אַז די פּאָליטישע געשעענישן שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער אינדוסטריעלער עוואָלוציע, און, פאַרקערט, ס'איז לייכט צו דערווייזן, אַז דער אייגנטום פירט אָן מיט דער מלוכה, אַז די הויפּט-אויפגאַבע פון אַ פּאָליטישער מלוכה איז די פאַרטיידיקונג פון פּריוואַט-אייגנטום. ווי איך האָב

שוין געזאָגט, דאַרף דער מענטש קעמפן קעגן זיינע שונאים און זיך פאַרשאַפן שפּייז; אָפט קומט אים אויס צו טאָן ביידע זאַכן גלייכצייטיק און פונדעסטוועגן, פאַראַלגעמיינערנדיק, קענען מיר זאָגן, אַז צוויי ריזיקע כוואַליעס פאַרגיסן די מענטשלעכע געזעלשאַפט, צוויי כוואַליעס, וועלכע מ׳קען אונטערשיידן.

ביים ווילדן שטאם איז די אינדוסטרי און די רעגירונג פשוט און איינטאָניק: אַלע מיטגלידער פון שטאם לעבן אויפן זעלבן שטייגער. אמת, איינער פון זיי קען זיין געשיקטער ביים כאַפּן פיש, דער צווייטער ביים צונויפקלייבן קאָקאָס-ניס, אָבער אויך דער פישער זאַמלט צונויף קאָקאָס-ניס, און דער ניס-קלייבער כאַפּט פיש. אין די צייטן פון פרימיטיוון קאָמוניזם איז מסתמא נישט פאָרגעקומען קיין עקאָנאָמישער קאַמף. ער הויבט זיך אָבער אָן גלייך ווי ס׳ווערט איינגעפירט קנעכטשאַפט און צוזאַמען מיט איר די סיסטעם פון פריוואַט-אייגנטום. איינצלנע מיטגלידער פון שטאַם האַנדלען צווישן זיך, אַמפּערן זיך וועגן פרייז, איינע גיט זיך איין אָפּצונאַרן די צווייטע, זיי זאַמלען אָן סחורות און קנעכט און שפּעטער דערווערבן זיי אַלס אַן אייגנטום די ערד.

אמת, אָפט זענען דידאָזיקע מענטשן גלייכצייטיק אויך די פירער פון שטאם, אַזוי, אַז עס ווערט אומפאַרמיידלעך אַ צוזאַמענשטויס צווישן דער פּאָליטיק און דער עקאָנאָמיק; אָבער ווען די מלוכה וואָלט זיך אַפילו נישט אַריינגעמישט, ווען זי זאָל דערלויבן דעם האַנדל זיך אַנטוויקלען לויט זיין אייגענעם אייגזען, וואָלט אויך שטענדיק עקזיסטירט אַ שטרעבונג פון די קאָנקורענטן צו אַ מאָנאָפּאָל-לאַגע. די גרויסע פיש שלינגען איין די קלייניקע פישעלעך, די שטאַרקע וואַרפן אונטער אונטער זייער מאַכט די שוואַכע, די רייכע ווערן רייכער און די אָרעמע — אָרעמער. אַזוי ווי דער האַנדל האַלט זיך אין איין אַנטוויקלען און מענטשן ספּעציאַליזירן זיך אין אים, זעען מיר, וויאַזוי דאָס געלט קאָנצענטרירט זיך אַלץ מער און מער אין די הענט פון אַ קליינער צאָל מענטשן. דאָס קומט פאָר נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די פּאָליטישע מאַכט פאַרווערט דאָס אַמאָל, זי פּייניקט די יידן-פּראָצענטניקעס, ווי אין מיטלאַלטער, און נעמט אָפּ ביי זיי דאָס געלט, אָבער די פּראָצענטניקעס ווערן ווידער רייך.

און ערשט דעמאָלט, ווען עס ווערט פאַרענדיקט די פּאָליטישע

עוואָלוציע און עס ווערט געגרינדעט די רעפּובליק, ווערט די עקאָנאָמישע כּחות געגעבן אַ פרייע טעטיקייטס-פעלד, וואָס גיט זיי די מעגלעכקייט צו דערגיין ביזן לאָגישן סוף. דאָס האָבן מיר געזען אויפן בייַשפּיל פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן, ווו אַלע האָבן מיר אָנגעהויבן פון איין און דעמזעלבן שטאַפּל און ווי עס איז נישט געווען קיין פּאָליטישע טיראַניע. אונזער קולטור איז די קולטור פון אַ סוחר אָדער אַ געשעפטס-מענטשן, ווי ער ווערט אָנגערופן ביי אונז; מיר זעען כּסדר, וויאַזוי אַ גרויסע אונטערנעמונג שלינגט איין אַ קליינינקע און ווערט אַ דאַנק דעם גרעסער אין פאַרנעם און אין מאַכט. מיר ווייסן אַלע, אַז געשעפטס-מענטשן קויפן אונטער די רעגירונג, כּדי צו באַקומען געוויסע פּריווילעגיעס, און מיר פאַרמאָגן אַ גרופּע אַלטמאָדישע דענקער, וועלכע רופן זיך אָן דזשעפערסאָנישע דעמאָקראַטן און פאַרזיכערן, אַז ווען אין אונזער לאַנד וואָלטן נישט עקזיסטירט קיין האַנדלס-פּריווילעגיעס פון דער רעגירונג, וואָלטן די עקאָנאָמישע גלייכקייט און די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן געווען אייביק און אומדערשיטערלעך. לויט מיין מיינונג, איז די רעגירונג אָפטער אַרויסגעטראָטן קעגן מאָנאָפּאָליעס און ספּעציעלע פּריווילעגיעס, ווי פאַר זיי, און פונדעסטוועגן האַלטן זיך די מאָנאָפּאָליעס אין איין פאַרפעסטיקן.

קורץ, די טענדענץ צו קאָנצענטראַציע אין געשעפטס-לעבן, דאָס פאַרשלונגען ווערן פון די קליינע אונטערנעמונגען דורך די גרויסע איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער, נאַטירלעכער פּראָצעס, וועלכן קיינער קען נישט און דאַרף נישט שטערן. דער צושטאַנד פון קאָנקורענץ, זאָל זיין אין פּאָליטישן אָדער אין עקאָנאָמישן לעבן, קען קיינמאָל נישט זיין דויערהאַפט; דאָס איז אַ קאַמף, וואָס ווערט פאַרענדיקט אויטאָמאַטיש. דאָס פּראָדוצירן און פאַנאַנדער-טיילן איז אין אַ גרויסן מאַסשטאַב אַ סך באַקוועמער, ווי אין אַ קליינעם, אַ גרויסע אונטערנעמונג האָט פּאָדערהאַנט פאַר אַ קליינער אין געביט פון קרעדיט און סאָלידקייט. די בלינדע, אומזיניקע פּראָדוקציע פון סחורות, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קאָנקורענץ-סיסטעם, פירט צו דער איבערפּולטקייט פון די מערק און צו עקאָנאָמישע קריזיסן. אין אַזעלכע צייטן קומען אום די שוואַכע אונטערנעמונגען און לאָזן איבער זייער אָרט

פאַר די שטאַרקערע, אין רעזולטאַט דערפון קומען אויף די ריזיקע מאָדערנע פאַראייניקונגען, וועלכע גלייכן זיך אין אַלע הינזיכטן מיט די פּאָליטישע מאָנאַרכיעס.

מיר ריידן וועגן „אינדוסטריעלע באַראָנען", וועגן קוילן-, קאָנסערוון- און שטאָל־קעניגן, און שטעלן צווישן זיי אַ גלייכונגס-צייכן. פאַקטיש האַנדלט אַ מאָדערנער אינדוסטרי-באַראָן אין דער עקאָנאָמישער וועלט אויפן זעלבן אופן, ווי אין די אַלטע צייטן אַ וועלכער בישט איז פעאָדאַלער הערשער אין זיין מלוכה. ער האָט פאַרכאַפּט זיין מאַכט כמעט אין אַ ענלעכן קאַמף און האַלט זי איין כמעט מיט דיזעלבע מיטלען. ער פירט אָן מיט אַ גאַנצע געזעלשאַפט מענטשלעכע וועזנס, וועלכע טיילן זיך אין עקאָנאָמישן זין אויף פאַרשיידענע קלאַסן און מדרגות און זייער אויטאָריטעט, זייערע רעכט און פליכטן זענען פונקט אַזוי געגוי פעסטגעשטעלט, ווי פאַרן „אַנסיען רעזשים". פונקט ווי לודאוויק האָט געזאָגט, אַז „די מלוכה דאָס בין איך", אַזוי גלויבט ה' אַרמאָר, אַז ער — „אַרמאָר עט קאמפּ", און ה' מאָרגאַן האַלט, אַז ער פאַרקערפּערט מיט זיך מאָרגאַנס אונטערנעמונג, וועלכע עקזיסטירט בלויז פאַר אים אײנעם און ער איז געשטעלט איבער איר מיט גאָטס הסכמה.

אויב מיין אַנאַליז פון דער לאַגע איז ריכטיק, טאָ מוז דער פּראָצעס פון דער אינדוסטריעלער עוואָלוציע זיך פאַרענדיקן מיט דעם, מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט די פּאָליטישע. די אונטערטאַנען פון דער אינדוסטרי וועלן אַלץ מער און מער אויפגעבראַכט ווערן אויף זייער קנעכטשאַפט, קעגן די, וועלכע צווינגען זיי צו האָרעווען, און די גאַנצע רווחים שאַרן זיי אַריין צו זיך אין קעשענע. זיי וועלן זיך אָרגאַניזירן, צוגרייטן אַ סאָציאַלע איבערקערעניש, וועלכע מוז אין די פּרטים פאָרקומען פונקט אַזוי, ווי יענע רעוואָלוציע, וועלכע האָט פאַרניכטעט די מאַכט פון קעניג ג ע אָ ר ג איבער די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס און האָט פאַרוואַנדלט דעם קעניגס אונטערטאַנען אין פרייע, גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון דער רעפּובליק.

אַן ענלעכע איבערקערעניש דערוואַרט איך אין דער גאַנצער וועלט; זי וועט אָפּנעמען די פּראָדוקציע-מיטלען ביי די טרעסטן און פּריוואַט-אייגנטימער און זיי איבערגעבן אָדער אין

די הענט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אָדער יענער טייל אַי־דער, וועלכע אַרבעט אין דעם אַנטשפּרעכנדיקן פּראָדוקציע-צווייג. די דאָזיקע איבערקערעניש ווערט אָנגערופן „סאָציאַלע רעוואָלוציע". ווען זי וועט שוין זיין דורכגעפירט, וועט זיך די געזעלשאַפט פאַרוואַנדלען אין אַ אַרבעטס-רעפּובליק און וועט דורכפירן אַלע אירע געשעפטן לויט דער סיסטעם פון עקאָנאָמישער דעמאָקראַטיע.

די געשיכטע פון די פּאָליטישע רעוואָלוציעס איז כמעט אויסשליסלעך געשריבן געוואָרן דורך אַריסטאָקראַטישע און בורזשואַזע היסטאָריקער, וועלכע (ווי זיי זאָלן זיך נישט האָבן באַציגן צו פּאָליטישער דעמאָקראַטיע) האָבן קיין מינדסטע אַנונג נישט געהאַט וועגן עקאָנאָמישער דעמאָקראַטיע און וועלכע האָבן געגלויבט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף און די עקספּלואַטאַציע זענען נאָרמאַלע לעבנס־באַדינגונגען. לייענט אָבער דורך די „פראַנצויזישע רעוואָלוציע" פון קראָפּאָטקינען און איר וועט זיין פאַראינטערעסירט, ווען איר וועט זיך דערוויסן, סאַראַ גרויסע ראָל עס האָבן געשפּילט אין איר די עקאָנאָמישע כחות. צוגלייך מיט דער פּאָליטישער אומצופרידנקייט פון די סוחרים און פון מיטלשטאַנד, האָט עקזיסטירט אַ גרויסע סאָציאַלע אומצופרידנקייט פון די פּויערים און אַרבעטער. די מאַסן האָבן אָנגעהויבן די רעוואָלוציע, אָבער דער מיטלשטאַנד האָט זי פאַרכאַפּט אין זיינע הענט און אויסגענוצט די רעוואָלוציע פאַר זיינע אינטערעסן, אונטערדריקנדיק די פּרוּוון איינצושטעלן אַן עקאָנאָמישע גלייכקייט און באַגרענעצנדיק אַלע ענדערונגען אויסשליסלעך אויפן געביט פון פּאָליטיק.

דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען אומעטום. אַזוי, למשל, האָט מאַרטין לוטער געקעמפט פאַר דאָס רעכט צו פּרעדיקן גאָטס וואָרט אומאָפּהענגיק פון פּויפּסט, אָבער ווען די פּויערים האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד און זיך געוואָלט באַפרייען פון אונטער דער מאַכט פון די פעאָדאַלע גוטבאַזיצער, האָט זיך לוטער געווענדט קעגן זיי און גערופן די פירשטן, זיי זאָלן זיי צעשיסן. „דעם אייזל דאַרף מען שלאָגן, און דאָס פאָלק האַלטן — מיט אַ שטאַרקער האַנט!" די גוטבאַזיצער און אייגנטימער פון ענגלאַנד זענען גרייט געווען צו באַגרעניצן די מאַכט פון קעניג און

געבן וואַל־רעכט אַלע געבילדעטע און פאַרמעגלעכע מענטשן. די אָרעמע אָבער פלעגן זיי צעשיסן, אָנהויבנדיק פון די צייטן פון דזשעק קעד ביז אויף היינטיקן טאָג.

אָבער דער עקאָנאָמישער פּראָצעס קומט ווייטער פאָר, די היינטצייטיקע פאַבריק־סיסטעם פאַראייניקט די אַרבעטער אין אַלץ מער און מער וואַקסנדיקע גרופּעס און לערנט זיי קלאַסן־באַוווּסטזיניקייט. דער טריאומף־טאָג פון פּראָלעטאַריאַט דערנענטערט זיך. דער ערשטער פּרוּוו, אין אונזער צייט, דורכצופירן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע און איינשטעלן אַן עקאָנאָמישע רעפּובליק, איז געווען די פאַריזשער קאָמונע. ווען די פראַנצויזישע קע־ניגלעכע מאַכט איז אין 1870, נאָך דער מלחמה מיט דייטש־לאַנד, געבראָכן געוואָרן, האָבן די פאַריזשער אַרבעטער פאַרכאַפּט די מאַכט. פופציק טויזנט פון זיי זענען דערשאָסן געוואָרן, און די פאַרמעגלעכע קלאַסן פון פראַנקרייך האָבן אויפגעשטעלט אַ בורזשואַזע רעפּובליק, וועלכע איז ביי היינטיקן טאָג דער שטיץ־פונקט פון דער רעאַקציע אין אייראָפּע. אין 1905 איז פאָרגע־קומען די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַן אינטערעסאַנטן ביישפּיל פון די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן ביידע כוואַליעס פון מענטשלעכן פּראָגרעס. אין אינדוסטריעלן הינזיכט איז רוסלאַנד געווען אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, אָבער אידעיש אַ לחלוטין רייפעס פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די רוסן האָבן אנגענומען די מאַרקסיסטישע לערע און דעריבער זענען זיי נישט געגייגט געווען צו געניסן בלויז פּאָליטישע פריי־הייט. אין 1905, ווען דאָס רוסישע פאָלק איז אויפגעשטאַנען און געצווונגען דעם צאַר איינצופירן פּאַרלאַמענטאַריזם, האָבן די עקסטרעמע פּאַרטייען געמאַכט אַ פּרווו גלייכצייטיק דורכצופירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. די פויערים האָבן געפאָדערט ערד, די אַרבעטער — די פאַבריקן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די קאַפּיטאַליסטן און דער מיטלשטאַנד האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעאַקציע און סיי די פּאָליטישע, סיי די סאָ־ציאַלע רעוואָלוציע זענען דערשטיקט געוואָרן.

דערנאָך איז אַנטשטאַנען די גרויסע מלחמה, צו וועלכער רוסלאַנד מיט איר קורצזיכטיקער רעגירונג און דער אומאַנט־

וויקלטער אינדוסטרי איז נישט געווען גענוג צוגעגרייט. אירע כּחות זענען אויסגעגאַנגען פריער, ווי ביי די אַנדערע פאַרבינ־דעטע, און די אַלגעמיינע נויט און ליידן האָבן ווידער געצוווּנגען דאָס רוסישע פאָלק צו מאַכן אַן אויפשטאַנד. ס'איז פאָרגעקומען אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע, דער צאַר איז איינגעזעצט געוואָרן אין תּפיסה און די מאַכט איז איבערגעגאַנגען צו דער „דומא”. דער ליבעראַליזם פון אַלוועלטלעכן מיטלשטאַנד האָט געבענטשט די דאָזיקע רעוואָלוציע און זיך געאײַלט אַרײַנצונעמען אין קרייז פון די איבעריקע מלוכות די נייע פּאָליטישע דעמאָקראַטיע. אָבער אָט איז געשען דאָס, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך פאַר דער אָר־טאָדאָקסאַלער דעמאָקראַטיע די שרעקלעכסטע זייטל פון דער וועלט־געשיכטע. דאָס רוסישע פאָלק האָט צו לאַנג געהונגערט און די מאַסן זענען געווען אָנגעפילט מיט אַ צו גרויסן צאָרן; זיי האָבן געמאַכט אַ צווייטן אויפשטאַנד און אַראָפּגעוואָרפן נישט נאָר דעם צאַר און די גרויספירשטן, נאָר אויך די קאַפּיטאַליסטן און גוט־באַזיצער. צום ערשטן מאָל איז אין דער וועלט־געשיכטע פאָרגעקומען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע און דער פּראָלעטאַריאַט האָט איבערגענומען די מאַכט אין אַ גרויסער מלוכה. ווייטער זעען מיר פונקט דאָסזעלבע, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין אייראָפּע אין 1789 יאָר, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע פּאָליטישע רעפּובליק און אַלע מאָנאַרכיעס פון דער וועלט האָבן זיך פאַראייניקט, כּדי זי צו פאַרניכטן. מיר האָבן געזען די קאַמפּאַניע פון בלאָקאַדעס, אינטריגעס און פּראָפּאַגאַנדע קעגן סאָוועט־רוסלאַנד און דאָס אַלץ איז כּלומרשט געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון רוסישן פאָלק, כּדי אים צו באַפרייען פון ליידן, אָבער אײַנדערעמתן בלויז פון מורא פאַר דער שכנות פון אַ פּראָלעטאַרישער מלוכה.

קיינער קען נישט זאָגן מיט זיכערקייט, אַז די ראַטן וועלן זײַן אייביק, אָבער איינס ווייסן מיר אויף געוויס: פונקט ווי די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אויפגעטרייסלט די וועלט, און געשאַפן אין די הערצער פון די פּשוטע מענטשן אַ האָפענונג אויף באַפרייאונג פון קיסרים און די הערשנדיקע קלאַסן, אַזוי האָט די רוסישע רעוואָלוציע געגעבן אַ האָפענונג דעם פּראָלע־טאַריאַט אויף דער באַפרייאונג פון די קאַפּיטאַליסטן און גוט־

באַזיצער. אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פילט זיך אַ יווירונג: דאָ אין דעם, דאָ אין יענעם לאַנד באַווייזן זיך די מבשרים פון אַ נייעם ווייגאַכטן. מיר זעען, ווי די קאַפּיטאַליסטן און גוט-באַזיצער, וועלכע האָבן אַמאָל באַטראַכט די לאָזונגען „דעמאָקראַטיע", „פרייהייט פון וואָרט" און „גלייכקייט פאַרן געזעץ" אַלס ווירקזאַמען מיטל קעגן דער מאַכט פון קיסרים און אַריסטאָקראַטן, וואַרפן זיך איצט אָפּ פון זיי און גייען איבער אויף דער זייט פון דער ערגסטער רעאַקציע. מיר זעען, אַז אין אונזער „פרייעם לאַנד" האָט די רעגירונג נישט דערלויבט בעת דער מלחמה איבערצודרוקן די אומאָפּהענגיקייטס-דעקלאַראַציע און האָט פאַרשפּאַרט אין תפיסה די פערזאָנען, וועלכע פלעגן זי ציטירן און פאַרשפּרייטן. נאָך מער, מיר האָבן צוגעזען, ווי דאָס יוסטיץ-מיניסטעריום האָט פאַרווערט צו דרוקן און פאַרשפּרייטן די באַרג-פּרעדיק!

## VII

# דער קלאַסנקאַמף

עס עקזיסטירט אַ טעאָריע פון סאָציאַלער אַנטוויקלונג, וועלכע טראָגט דעם נאָמען היסטאָרישער מאַטעריאַליזם אָדער עקאָנאָמישע דערקלערונג פון דער געשיכטע. מיר האָבן איר צו פאַרדאַנקען קאַרל מאַרקסן; פּונקט ווי די איבעריקע מאַרקסיסטישע טעאָריעס איז זי אויך אַן אָביעקט פון פאַרביסענע אַמפּערייען נישט נאָר צווישן סאָציאַליסטן און בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, נאָר אויך צווישן די אָנהענגער פון די רעוואָלוציאָנערע דאָקטרינעס פון פאַרשיידענע ריכטונגען. איך פּערזענלעך האָב זיך תמיד שלעכט פאַנאַנדערגעקליבן אין דאָקטרינעס — אַלטע צי נייע — און כ'האָב דאָס קיינמאָל נישט באַדויערט. כ'האָב תמיד געזעצט: באַאָבאַכטעט דאָס לעבן מיט אייגענע אויגן און דריקט אויס מיט פּשוטע ווערטער דאָס, וואָס איר טראַכט.

אַ מענטש איז אַ חיה, וואָס דערנערט זיך און שאַפט

געצייג, וועלכע ער האָט נויטיק פאַר זיין אַרבעט. אויב איר ווילט, וועל איך אים אויך אָנרופן — א חיה, וואָס שאַפט אידעאַלן. די, וועלכע ספּעציאַליזירן זיך אויף אידעאַלן, לאָזן אין אַ זייט די חיה, וועלכע דערנערט זיך און שאַפט פּראָדוציר־געצייג — און ס'איז שוין פאַרטיק נאָך אַ טעמע פאַר אַמפּע־רייען צווישן מארקסיסטן און מאָראַליסטן. אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט טרעפן מיר זיך אָפט מיט דער כסדר זיך באַנייענדיקער אָנשטרענגונג פון מענטשן צו אַנטוויקלען זיין גייסט און אים באַפרייען פון די ענגע קערפּער־ראַמען. אַסך פון די דאָזיקע פּרוּוון זענען ווייט נישט געווען אומבאַדינגט ערלעך, אָבער קיינעם איז נאָך נישט געלונגען צו ענדערן דעם עיקרדיקן געזעץ, וואָס זאָגט, אַז דער מענטש איז אַ חיה, וואָס דערנערט זיך, און אַ חיה, וואָס איז נישט גענוג באַשיצט פון דער נאַטור פאַר קעלט, וואָס איר איז זייער נישט אָנגענעם, ווען קאַלט וואַסער נעמט רינען איבער דער פּלייצע. די מבשרים פון רעליגיעס גייען אַרויס מיט פּוסטע קעשענעס און „זאָרגן נישט פאַרן מאָרגן", אָבער די כּחות פון דער נאַטור צווינגען זיי ביסלעכווייז צו קאָמפּראָמיסן. אָט פּרעדיקן זיי שוין וועגן אַ דאַך קעגן שלעכטן וועטער, זיי הויבן אָן צו לעבן אין שטיבער און אַפילו בויען זייערע אייגענע הייזער, און עפענען קאָנטעס אין די בענק, אַזוי אַרום טרעפן זיי זיך צונויף מיט די שטאַרקע פון אונזער וועלט און די דאָזיקע לעצטע, וועלכע זענען זייער פליינק און היטן גוט אָפּ די אייגענע אינטערעסן, נוצן סוף־כּל־סוף אויס די נייע לערע פאַר זייער אייגענער טובה וועגן.

אויף אַזאַ אופן ווערט די נייע רעליגיע אַ פאַרענדערטע פאָרם פון אַלטער צביעות. ווי פרישע לופט אין אַ לאָקאַל, וואו אַלץ פוילט, קומען אונז פאַר עמיצנס ווערטער: „וואַרפט אָפּ די פאַרעלטערטע שווינדלערישע מיטלען און דעם נאָכגעמאַכטן אידעאַליזם. לאָזט אונז קוקן דעם לעבן גלייך אין פּנים אַריין. מיר וועלן דערזען, אַז דער מענטש איז אַ חיה, וועלכע קען דענקען געזונט און שעפעריש נישט פריער, ווי מ'וועט אים פאַרזאָרגן מיט שפּייז און אַ דאַך איבערן קאָפּ. אַנטשליסט זיך מוטיק, נישט קיין פּינטל טוענדיק מיט קיין אויג, אַריינצוקוקן אין די אויגן פון דער געשיכטע און אָנערקענען, אַז שפּייז און

אַ דירה, די מאַטעריעלע גוטס פון לעבן האָבן תמיד פאַרשאַפט זאָרג דעם מענטשן פריִער פאַר אַלץ און זיי וועלן אים תמיד פאַרשאַפן זאָרג, ביז מיר וועלן נישט אַוועקשטעלן די פראָדוקציע און די פאַרטיילונג אויף יסודות פון גערעכטיקייט, און נישט פון קראַפט".

דידאָזיקע ווינציקע ווערטער דריקן אין קורצן אויס דעם מהות פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. אויף דער וויסנשאַפטלעכער שפּראַך ווערט דערדאָזיקער מהות אויסגעדריקט אומגעפער אַזוי: די פאָרמען פון דער פראָדוקציע און פון דער פאַנאַנדערטיילונג באַשטימען די אינסטיטוטן און פאָרמען פון דער געגעבענער געזעלשאַפט. מיר דאַכט זיך, אַז כ'קען זאָגן אָן אַ גוזמא, אַז אין דער ריכטיקער אויסטייטשונג פון דערדאָזיקער פאָרמולע געפינט זיך דער שליסל צו פאַרשטיין די מענטשלעכע געזעלשאַפט.

תמיד, ווען דער מענטש פלעגט דערגרייכן די שטופע פון קנעכטשאַפט און פריוואַט-אייגנטום, פלעגט עקזיסטירן אַ גרופע מענטשן, וועלכע פלעגט פאַרקערפערן מיט זיך די מאַכט. דידאָזיקע גרופע פלעגט באַשטימען פאַר אַלע די כּללים פון אויפפירונג און גלויבן; איידער מ'טרעט צו צו שטודירן די אָנפירונג, די רעליגיע, די זיטן, די מאָראַל, די פילאָזאָפיע, די ליטעראַטור און די קונסט פון דער געגעבענער געזעלשאַפט, דאַרף מען זיך ווענדן צו דער הערשנדיקער גרופע און צו יענע מעטאָדן, מיט דער הילף פון וועלכע זי האַלט איין איר מאַכט. דאָס אַלץ איז גילטיק נישט נאָר פאַר די קולטור-פאָרמען, וועלכע דער הערשנדיקער קלאַס האָט אַריינגעפירט, נאָר אויך פאַרן שטודיום פון די רעוואָלוציאָנערע פאָרמען, די גלויבונגען און די אויפפירונג פון די, וועלכע שטייען אַקעגן דעם הערשנדיקן קלאַס. מענטשן מאַכן נישט כּסדר קיין אויפשטאַנדן, זיי מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן באַשטימטע באַדינגונגען און דידאָזיקע לעצטע באַשטימען די פאָרם פון זייער אויפשטאַנד. למשל: דאָס אַלטע קריסטנטום איז געווען אַ שטרעבונג צום גייסטיקן, נישט-ערדישן. אָבער מ'קען אים אַנדערש נישט באַגרייפן, ווי נאָר אַלס נייע אויפשטאַנד-פאָרם פון קנעכט קעגן רוימישן אימפּעריאַליזם און קאַפיטאַליזם.

דער שליסל צו דער וועלט-געשיכטע איז די טעאָריע פֿון קלאַסנקאַמף. אומעטום עקזיסטירן צוויי לאַגערן: דער הערשנדיקער קלאַס, אין וועמענס הענט עס געפֿינט זיך די מלוכה-מאַכט, און די פֿאַרשקלאַפֿטע קלאַסן; פֿריער אָדער שפּעטער הויבן די לעצטע אָן צו פּראָטעסטירן און קעמפֿן פֿאַר גרעסערע רעכט. אויב זיי זענען גענוג שטאַרק, קומט צו אַן אויפֿשטאַנד, אַמאָל אויך צו אַ זיגרייכער רעוואָלוציע. אין לעצטן פֿאַל שאַפֿן די מורדים די געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציע און זייערע פֿירער ווערן העלדן און מלוכה-טוער. ווען זיי ווערן אָבער באַזיגט, ווערט די געשיכטע געשריבן דורך זייערע קעגנער און די רעוואָלוציאָנערן ווערן אַרויסגעשטעלט אַלס פֿאַרברעכער.

די איבערצייגונג, אַז די, וואָס מאַכן אַן אויפֿשטאַנד פֿאַר אַ גערעכטער זאַך, מוזן ווען-נישט-איז זיגן, איז אומעטום פֿאַרשפּרייט, אָבער פֿונדעסטוועגן איז דאָס נישט מער ווי אַ סענטימענטאַלע, דורך דער געשיכטע אָפּגעלייקנטע אַפּיקורסות. עס איז מעגלעך, אַז אַ גערעכטער אויפֿשטאַנד ווערט דערדריקט אויך אַ צווייטן מאָל און אַזוי ווייטער און אַז. וו., פּונקט ווי ס׳איז מעגלעך, אַז אַ נאָרמאַל-אַנטוויקלט קינד שטאַרבט ביים געבורט. אין די הוגענאָטן איז געווען פֿאַרקערפּערט די גאַנצע אינטעליגענץ פֿון פֿראַנקרייך, די טוגנטן און די גאַנצע אַרבעטזאַמקייט פֿון דעמאָלטיקן פֿראַנקרייך און דאָס האָט נישט געשטערט, אַז די קאַטוילישע פֿאַנאַטיקער זאָלן זיי פֿאַרטיליקן, אַז די רעאַקציע זאָל שמידן אין קייטן דעם פֿראַנצויזישן פֿאָלק אויף צוויי יאָרהונדערטן. דער פֿאַקט, וואָס אין די הענט פֿון די אַראַבער האָט זיך געפֿונען די גאַנצע אינדוסטרי פֿון שפּאַניע, האָט לחלוטין נישט געשטערט דער אינקוויזיציע זיי אַרויסצוטרייבן, צוליב וואָס דאָס גייסטיקע לעבן פֿון שפּאַנישן פֿאָלק איז געצוווּנגען געווען נאָך דריי-פֿיר יאָרהונדערטער צו פֿירן אַ קאַמף מיט די פֿינסטערע כּוחות.

מיט אַ אַכטהונדערט יאָר צוריק האָבן די אור-אבות פֿון די היינטיקע אַמעריקאַנער אין ענגלאַנד באַזיגט אין שלאַכט אַן אַכזריותדיקן קעניג-דעספּאָט און ער האָט געמוזט אונטערשרייבן אַ דעקלאַראַציע פֿון די ענגלענדערס רעכט. דערדאָזיקער דאָקומענט איז באַקאַנט אונטערן נאָמען מאגנא כארטא — די גרויסע

פרייהייט-כארטיע און יעדער, וועלכער שרייבט היינט די פּאָלי-
טישע געשיכטע, אָנערקענט זי אַלס איינע פון די גרעסטע דער-
גרייכונגען פון דער מענטשהייט, אַלס אָנהויב פון פּראָצעס, פון
וועלכן מיר דערוואַרטן, אַז ער וועט זיך פאַרענדיקן מיט אַן
אַלגעמיינער פרייהייט און מיט גלייכקייט פאַרן געזעץ.

## VIII

## די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם

אין די פאַרגאַנגענע צייטן האָט זיך דער מענטש באַ-
שעפטיקט מיט געיעג און פיש-פאַנג. שפּעטער האָט ער גענומען
האָדעווען טשערעדעס און ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען צו
ערד-אַרבעט. מיטן איינפירן קנעכטשאַפט און ערדאייגנטום פון
די הערשנדיקע קלאַסן האָט זיך גענומען אַנטוויקלען דער
אַרבעטער-קלאַס, וואָס פלעגט פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט באַ-
אַרבעטן די ערד און אין בעסטן פאַל דערנערן זיך און זיין
פאַמיליע. אַלץ איינס, צי דידאָזיקע אַרבעטער האָבן זיך אָנגע-
רופן קנעכט, לייבאייגענע אָדער פויערים, אַלץ איינס — צי די
פּראָדוקטן פון זייער אַרבעט פלעגן צוגענומען ווערן ביי זיי
אין דער פאָרם פון אַ שטייער פאַרן קעניג, אָדער אין דער
פאָרם פון צינז דורכן גוטבאַזיצער; די אַרבעטער זענען געווען
צוגעפעסטיקט צו דער ערד, פּונקט ווי די בהמות, מיט וועלכע
זיי האָבן געלעבט. זיי האָבן געדאַרפט דינען אין די אַרמייען,
קעמפן פאַר זייערע הארן, זיי האָבן געליטן פון הונגער, קראַנק-
הייטן, שרפות און עקזעקוציעס, אָבער מיט אַן אומדערשעפּלע-
כער סבלנות פלעגן זיי ווידער אויפשטעלן זייערע אָפּגעברענטע
הייזלעך, פלעגן ווידער צעאַקערן און פאַרזייען די ערד, אַלץ
איינס — פאַרן נייעם אָדער פאַר דעם אַלטן האַר.

גאָר אין די אַלטע צייטן פלעגן די אַרבעטער אַליין
אויסאַרבעטן זייערע פרימיטיווע געצייג און כלי-זין, אָבער אויך
דאַן, ווייזט אויס, זענען געווען אייניקע, וועלכע האָבן זיך
ספּעציאַליזירט אויפן דאָזיקן געביט. און מיטן וווּקס פון די-

שטעט און פון די פאַרקער-מיטלען האָט זיך געשאַפן אַ נייע פאָרם פון אַרבעט, וועלכע האָט באַזירט אויף אַ נייער סיסטעם. אַ וועלכער-נישט-איז פעאיקער אונטערנעמער פלעגט קויפן קנעכט, אָננעמען אַרבעטער, באַקומען רוי-מאַטעריאַל און צווינגען אויסצואַרבעטן זאַכן, וועלכע ער פלעגט בייטן אָדער פאַרקויפן. ער פלעגט צאָלן גענוג זיינע אַרבעטער, כדי זיי אָפּצורייסן פון דער ערד, פלעגט פאַרקויפן די אויסאַרבעטונגען פאַר אַ וואָס העכערן פרייז, און דער אונטערשייד צווישן אַרבעטס-לוין און דעם פאַרקויפס-פרייז איז געווען זיין ריוח. אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט דער קאַפּיטאַליזם, צוערשט אין אַ גאַנץ אומבאַדייטנדיקן פאַרנעם; די מענטשן, וועלכע האָבן אים רעפּרעזענטירט, האָבן נישט געהאַט קיין שום סאָציאַלע לאַגע. אָבער די פירשטן און הערשער האָבן זיך גענויטיקט אין כלי-זין און פראָוויאַנט אויף צו פאַרזאָרגן זייערע אַרמייען; און די מענטשן, וועלכע האָבן זיי דאָס געקענט צושטעלן, האָבן באַקומען אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע באַדייטונג; די מלוכות האָבן זיי אונטערגעשטיצט, אַלץ מער און מער פאַרגרעסערנדיק זייער מאַכט, די סוחרים און הענדלער זענען געוואָרן פריינט פון די קיסרים, און צו דער צייט פון דער רוימישער אימפּעריע איז דער קאַפּיטאַליזם געווען אַ וועלט-כוח, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער מלוכה און וואָס האָט באַנוצט די אַרמיי פון דער מלוכה פאַר אירע צילן. דער קאַפּיטאַליזם איז געפאַלן צוזאַמען מיט דער רוימישער קולטור, ער האָט אָבער אויפגעלעבט אין מיטלאַלטער, און סוף אַכצנטן יאָרהונדערט זענען די פראַנצויזישע סוחרים און פראָצענטניקעס, צוזאַמען מיט זייערע וואַסאַלן — די יוריסטן און זשורנאַליסטן, געווען גענוג שטאַרק, כדי איבערצונעמען די קאָנטראָל איבער דער געזעלשאַפט.

אין אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דערפונדן געוואָרן די מאַשין און ס'איז אָנגעווענדט געוואָרן די קראַפט פון דאַמף. דער קאַפּיטאַליזם איז מאָמענטאַל אויסגעוואַקסן, ווי אַ יונגער ריז צווישן ליליפּוטלען. אין משך פון איין יאָרהונדערט האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצושטויסן אַלע אַנדערע מעטאָדן פון פּראָדוקציע, צוזאַמען מיט די אַנדערע פאָרמען פון סאָציאַלער טעטיקייט. מיט הונדערט יאָר צוריק איז דער ענגלישער פאַר-

לאַמענט געוועזן אַ פּאַרלאַמענט פון גוטבאַזיצער, ביי היינטיקער צייט איז דאָס אַ פּאַרלאַמענט פון סוחרים און פאַבריקאַנטן. פון 707 מיטגלידער פון ענגלישן פּאַרלאַמענט געהערן 361 צו דער „פעדעראַציע פון דער בריטישער אינדוסטרי". דעמזעלבן בילד זעען מיר אין יעדן פּאַרלאַמענט, אין יעדער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה. אַלע רייכטימער פון דער וועלט ווערן פּראָדוצירט דורך קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדן און ווערן פאַנאַנדערגעטיילט אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער קאָנטראָל; דעריבער הערשן אין אונזער גאַנצער געזעלשאַפט אויסשליסלעך קאַפּיטאַליסטישע אידייען. אין מיין בוך וועגן רעליגיע האָב איך אויפגעוויזן, אַז דידאַקטיקע אידייען האָבן אויך פאַרכאַפט די היינטצייטיקע קירכעס, אין אַ צווייטן בוך, „שכר פאַר זינד", האָב איך אויפגעוויזן, ווי אַזוי זיי פאַרכאַפּן די פּרעסע[1]. כ'האָב בדעה אָנצושרייבן נאָך צוויי ביכער, ווו איך וועל באַווייזן, אויף ווי וויט עס זענען שטאַרק די קאַפּיטאַליסטישע אידייען אין אונזער דערציאונגס-סיסטעם און אין אונזער ליטעראַטור.

מיט הונדערט יאָר צוריק האָט אין אַ וועלכער-נישט-איז פּראָדוקציע אונטער דער פּערזענלעכער אָנפירונג פון באַלעבאָס זעלטן געאַרבעט מער ווי אַ טוץ מענטשן, אין היינטיקער צייט האָט זיך אָבער דידאַקטיקע פּראָדוקציע פאַרוואַנדלט אין אַ גראַנדיעזן טרעסט, וואָס פאַרמאָגט הונדערטער פאַבריקן, וואָס אין יעדער איינער פון זיי זענען באַשעפטיקט טויזנטער אַרבעטער. אַזאַ פאַראייניקונג, ווי דער שטאָל-טרעסט, פאַרמאָגט אַזויפיל קוואַלן פון רוי-שטאָף, אַז פאַקטיש האָט ער אַ מאָנאָפּאָל אויף דער פּראָדוקציע. ער פאַרמאָגט אַ גאַנצן פלאָט אויף טראַנספּאָרטירן די מעטאַלן איבערן ים, אַ גאַנצע ריי אייזנבאַנען, כדי צוצופירן די מאַטעריאַלן צו די פאַבריקן. דורך אַ סיסטעם פון ספּעציעלע דירעקטאָרן קאָנטראָלירט דער טרעסט אַלע אייזנבאַנען, וועלכע פירן איבער זיינע אויסאַרבעטונגען, אַלע בענק און פאַרזיכערונגס-געזעלשאַפטן, און אַזוי-אַרום פינאַנסירט ער זיינע אונטערנעמונגען מיט געזעלשאַפטלעכע מיטלען, חוצדעם געהערן צו איס אַ סך הייזער, גרויסע ערד-שטחים, אויף וועלכע

1) דידאַקטיקע ביידע ביכער דערשיינען איצט אין זעלבן פאַרלאַג. (איב.)

ער בויט וווינונגען פאַר זיינע אַרבעטער. ער האָט אין זיין רשות אַ גאַנצע אַרמיי אויף צו באַשיצן זיין אייגנטום — אַן אמתע אַרמיי פון קאַוואַלעריע, פוסגייער און אַרטילעריע און אַ זייער גוט אַנטוויקלטן און אָרגאַניזירטן געהיימדינסט. ער פאַרמאָגט צייטונגען אויף פּראָפּאַגאַנדע, ער קאָנטראָלירט די אָרטיקע מאַכט פון יעדן דאָרף, פון יעדן ערד-שפּאַן און פון יעדער שטאָט, ווו עס זענען פאַרטראָטן זיינע אינטערעסן. אויב איר וועט זיך באַמיען צו באַזוכן אַ וועלכע נישט איז „שטאָל-שטאָט” און איר וועט כאַפּן אַ שמועס מיט דער מאַכט, זשורנאַליסטן און אַנדערע מענטשן פון הינטער די קוליסן, וועט איר הערן פון זיי, אַז זיי אַלע באַטראַכטן די הערשאַפט פון „שטאָל” אַלס נאַטירלעך; זיי קענען זיך לחלוטין נישט פאָרשטעלן קיין אַנדערע באַדינגונגען. ווען איר וועט באַזוכן יענע לאַנד-געגנטן, ווו עס געפינען זיך אַנדערע גרויסע אינדוסטרי-נעסטן, וועט איר זען, אַז דאָרט האַלט מען פאַר גאַנץ נאַטירלעך די הערשאַפט פון „קופּער”, „וואַלד”, „קוילן” און „נאַפט”.

ביי דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז די אַרבעטס-קראַפט אַ סחורה, וואָס ווערט פאַרקויפט און געקויפט אויפן מאַרק פונקט ווי אַנדערע סחורות. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין קאָנגרעס אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ געזעץ-פּראָיעקט, וואָס איז געשטאַנען אין סתירה צו דערדאָזיקער אַקסיאָמע פון וועלט-קאַפּיטאַליזם. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען דעמדאָזיקן געזעץ, אָבער ער איז אַזוי קונציק פאָרמולירט געווען, אַז אייגנטלעך האָט קיינער נישט געוווּסט, וואָס ער באַטייט, און אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער דורכן העכסטן געריכט אָנערקענט געוואָרן אַלס אומגילטיק. אין משך פון דערדאָזיקער צייט זענען די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַריאַטס עקזיסטענץ געבליבן אומגעענדערט: עס האָט עקזיסטירט אַ מאַרק פון אַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געהאַט, לויט מאַרקס פאָרמולע, וואָס צו פאַרקויפן, אַ חוץ זייער אַרבעטס-קראַפט. זיי קאָנקורירן צווישן זיך פאַר די פאַבריק-טויערן און די דורכגעטריבענע אויפזעער קלייבן אויס יענע, וועמעס אַרבעטס-קראַפט עס זאָגט צו מער ריוח.

אין דאָזיקן פּראָצעס האָט מען לחלוטין נישט צו טאָן מיט

דער פערזענלעכקייט, און אין אַמעריקע עקזיסטירן גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס אין משך פון יאָר זאָגן זיי אָפּ און נעמען ווידער אָן ביז ניינציק פּראָצענט אַרבעטער. דידאָזיקע מענטשן אַרבעטן גרופּעסווייז; איינער אַ מוסטערהאַפטער אַרבעטער גיט דעם טעמפּ פון דער אַרבעט און אַלע אַנדערע דאַרפן נישט אָפּשטיין פון אים; אויב דאָס געלינגט זיי נישט, ווערן זיי אָפּגעזאָגט. דערדאָזיקער פּראָצעס טראָגט דעם נאָמען „אונטערשמייסן" און האָט דעם ציל אויסצוקוועטשן פון יעדן אַרבעטער אַ וואָס גרעסערן קוואַנטום ענערגיע. אין דער שטאָל-אינדוסטריע אַרבעטן מענטשן זעקס טעג אַ וואָך צו צוועלף שעה און אַ זיבעטן טאָג פיראונצוואנציק שעה. אויב אין אַנדערע אינדוסטריעס איז די אַרבעטס-צייט קירצער, איז נאָר דערפאַר, ווייל ס'איז דערוויזן געוואָרן, אַז ביי אַ קירצערן אַרבעטס-טאָג קען מען פון אַרבעטער אויסקוועטשן מער ענערגיע. בלויז ווינציקע האַלטן אויס אַזאַ טעמפּ אַ לאַנגע צייט. דער, ווער עס ווערט נישט פאַרקריפּלט אָדער געטויט דורך אַ צופאַל, פאַרלירט די אַרבעטספעאיקייט צו פערציק יאָר. די אויפזעער קלייבן אויס צווישן די קאַנדידאַטן בלויז די יונגע, און קיין איין אונטערנעמונג כמעט נעמט נישט אָן צו דער אַרבעט מענטשן עלטער פון פערציק אָדער פינף-און-פערציק יאָר.

כ'וועל דאָ נישט ברענגען קיין פּרטים וועגן גורל פון פּראָלעטאַריאַט ביי דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם; דער, ווער עס וויל זיך מיט זיי באַקענען, זאָל איבערלייענען מיינע ראָמאַנען „קעניג קויל" און „זומפּ". דאָ וועט זיין גענוג בלויז אויבנאויפיק אָנצוּוואַרפן די לאַגע.

אין אַ קאַפּיטאַליסטישער מלוכה איז די ברייטע מאַסע געצוווּנגען צו גיין אויף די פאַבריקן און אונטערנעמונגען, וואָס אין זייערע רווחים באַטייליקט זי זיך נישט און וואָס אין זייער אויפבלי זענען זיי נישט פאַראינטערעסירט. די אַרבעטער קענען נישט דיי־יעניקע, פאַר וועמען זיי אַרבעטן. זיי זעען, ווי דער ריוח פון דער פּראָדוקציע ווערט פאַרווענדט אויף אויסצוהאַלטן דעם קלאַס ליידיקגייערס, וועלכער איז זיי בלויז באַקאַנט לויט די סקאַנדאַליעזע גט־פּראָצעסן און לויט די ליבע-געשיכטעס אין קינאָ. די אַרבעטער קאָנקורירן איינער מיטן צווייטן, כדי איינ-

צוהיטן זייער פאַרדינסט, און ווען זיי באַמיען זיך אַ סוף צו מאַכן צו דערדאָזיקער קאָנקורענץ אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, ווערן זייערע פרווון אונטערדריקט דורך דער פרעסע-פראָפּאַגאַנדע און דורך די פּאָליציי-שטעקנס. זיי ווייסן, אַז אַן אָפּענע אָדער אַ געהיימע מאָנאָפּאָליע שטעלט איין פרייזן. אַמאָל האָט די אַמעריקאַנער ענערגישע יוגנט געהאַט אַ מעגלעכקייט אַוועקצוגיין אויפן מערב, אָבער איצט האָט די כוואַליע פון קאַפּיטאַליזם דערגרייכט די ברעגעס פון שטילן אָקעאַן, זיך אָפּגעקלאַפּט אויף צוריק און עס עקזיסטירט נישט פאַר איר קיין שום גרעניצן.

דער מענטש, וואָס באַאַרבעט די ערד, איז תּמיד געווען געזעלשאַפטלעך איינזאַם. ער חברט מער מיט זיינע קי און פערד, ווי מיט אַנדערע מענטשן. ער איז פאַרגרעבט געוואָרן אויף דער ערד און לעבט זיך ווייטער צווישן שמוץ פון זיינע בהמות.

ער איז אַ קרבן פון די נאַטור-כּחות, וועלכע ער באַגרייפט נישט, און דעריבער איז ער כּמעט שטענדיק אַבערגלויבעריש. ווי אַ יחיד איז ער שטענדיק הילפלאָז לגבי זיין האַר, און ערשט ווען מען דערפירט אים צו יאוש — מאַכט ער אַן אויפשטאַנד.

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע פון די אַרבעטער. זיי זענען צונויפגעדריקט אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן פון די שטעט, זייער באַוווסטזיין ווערט שאַרפער דורך דער טאָג-טעגלעכער באַריִרונג צווישן זיך. די דרוק-קונסט גיט די מעגלעכקייט צו פאַרשפּרייטן בילדונג און נאָך מער העלפן דאָ די רעדנער אויף די גאַסן-ראָגן. אַ מענטש, וועלכן מ'האָט שלעכט באַהאַנדלט, וועט תּמיד געפינען אַן עולם צוהערער, כּדי צו דערציילן וועגן דעם, און איידער די אונטערנעמער אָדער די פּאָליציי וועלן אים פאַרשטאָפּן דאָס מויל, וועט ער באַוויזן צו דערציילן זייער אַ סך. חוצדעם איז דער היינטיקער פּראָלעטאַריער נישט געצוווּנגען צו קעמפן מיט טריקעניש, שטורעמס און האָגל, ער זעט נישט, ווי די פּרוכט פון זיין אַרבעט ווערט פאַרניכטעט דורך אַ ווולקאַן־אויסברוך אָדער דורך אַ בליץ-שלאָג; ער האָט צו טאָן מיט מאַשינעס, וועלכע ער אַליין האָט געשאַפן און

וועלכע ער קען באַהערשן. ווען די מאַשין ווערט קאַליע, פאַלט ער נישט אויף די קני, און בעט נישט ביי גאָט, ער זאָל זי פאַרריכטן. זיין גאַנץ לעבן לערנט אים, אַז דער רעזולטאַט איז אָפּהענגיק פון דער סיבה און אַז ער דאַרף אָנווענדן מיטלען, כדי צו דערגרייכן דעם ציל. דעריבער איז דער היינטיקער אַר־בעטער פּראַקטיש, סקעפּטיש און נישט סענטימענטאַל. און נאָך מער: לויט זיין מוסטער ווערט פאָרמירט די גאַנצע געזעלשאַפט. ער בויט וועגן, וואָס פירן צום דאָרף, ער אַרבעט אויס מאַשי־נען, וועלכע באַוועגן זיך איבער דידאָזיקע וועגן, ער ציט אָן די טעלעפאָן־דראָטן און שיקט צייטונגען, זשורנאַלן און קינאָס אין דאָרף אַריין. אַזויאַרום לערנען זיך די יונגע פויערים און פאַרמערס צו לייגן די האָפנונג אויף דער שטאָט און שאַפן מאַשינעס, אַנשטאָט מתפלל זיין צו גאָט.

אַזוי איז די פּסיכאָלאָגיע פון היינט־צייטיקן אַרבעטער־קלאַס, און זיין גרעסטע דערגרייכונג איז, וואָס ער האָט באַ־גריפן דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָצעס. אמת, דעמדאָזיקן פּראָצעס האָבן דערקלערט די אַרבעטער מענטשן פון מיטלשטאַנד, אַדוואָ־קאַטן, לערער און שרייבער — פוריע, אָאוען, לאַסאַל, מאַרקס. די מאָדערנע לערעס טראָגן פאַרשיידענע נעמען: סאָציאַליזם, קאָמוניזם, אַנאַרכיזם, קאָלעקטיוויזם און סינדיקאַליזם. וועגן זיי וועלן מיר רעדן ווייטער. דאָ וועל איך בלויז אָנווייזן אויף דאָס געמיינזאַמע, וואָס זיי פאַרמאָגן צווישן זיך: די שטרעבונג צו צעברעכן די מאַכט פון קלאַסן־פּריוואַט־אייגנטום און דעם קאָנטראָל איבער די מאַשינעס און די פּראָדוקציע־מיטלען. אַלע שטרעבן זיי צו פאַרבייטן דעם קאַפּיטאַליזם מיט אַזאַ סי־סטעם, וואָס זאָל פאַרוואַנדלען די פּראָדוקציע־מיטלען אין אַ אַלגעמיינעם אייגנטום. די איבערקערעניש מוז דורכגעפירט ווערן מיט די כחות פון אומפאַרמעגלעכן קלאַס. ווייטער וועל איך דידאָזיקע לערעס אָנרופן „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע“, דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז דאָס וואָרט „רעוואָלוציאָנער“ ווערט דאָ נישט באַנוצט אין זיין געוויינלעכן באַטייט פון אַ פּשוטער פיזישער ווירקונג. צי די איבערקערעניש וועט פאָר־קומען אויף אַ פרידלעכן אופן אָדער נישט, — דאָס הענגט אינגאַנצן אָפּ פון די אינדוסטריעלע הערשער.

## IX

# דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָצעס

איצט ווילן מיר זען, וויאַזוי איז געשאַפן געוואָרן די קאַפּיטאַ־ליסטישע אָרדנונג. אַזויאַרום ווילן מיר באַשטעטיקן אונזערע אַרגומענטן מיט פאַקטן, וועלכע קיינער, אַפילו די הייסטע אָנ־הענגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, לייקענען נישט.

אַלע מענטשן נויטיקן זיך אין באַשטימטע געגנשטאַנדן, וועלכע מיר רופן אָן — סחורות. אַזוי ווי דידאָזיקע סחורות ווערן נישט געשאַפן פון זיך אַליין, איז נויטיק, אַז עמיץ זאָל אַרבעטן. די אַרבעטער דאַרפן, ערשטנס, האָבן פּראָדוציר־געצייג, צווייטנס, דאַרפן זיי האָבן אַ צוטריט צו דער ערד און צו די מקורים פון רוי־שטאָפן. די פּראָדוציר־געצייג זענען דאָס אייגנטום פון איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע האָבן אַ דאַנק דעם די מעג־לעכקייט אָנצופירן און קאָנטראָלירן די אַרבעט פון די אַנדערע. די־יעניקע, וועמען עס געהערן די פּראָדוציר־געצייג: דער באָדן און די נאַטירלעכע רוישטאָף־קוואַלן, רופן מיר אָן קאַפּיטאַליסטן, אָבער די אַנדערע, ווער עס האָט דאָס נישט לגמרי אָדער ווער עס האָט דאָס אין אַ אומבאַדייטנדיקער מאָס, ווערן אָנגערופן פּראָלעטאַריער אָדער אַרבעטער־קלאַס.

ווען איר זאָלט זאָגן אַ דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער, אַז אין אונזער לאַנד עקזיסטירן אַ קאַפּיטאַליסטישער און פּראָלע־טאַרישער קלאַסן, וועט ער זיך באַמיען אָנווייזן אויף דעם, אַז אַ סך פון די, וועלכע מ׳רעכנט ביי היינטיקס טאָג צו צו די קאַפּיטאַליסטן, שטאַמען אָפּ פון פּראָלעטאַריאַט, — זיי האָבן גע־אַרבעט, אָפּגעשפּאָרט און אָנגעקליבן זייער פאַרמעגן. אָבער דערדאָזיקער מעטאָד איז נישט מער ווי אַ פּרווו צו פאַרפּלאָנ־טערן די אַמפּעריי. דאָס, וואָס אייניקע פּראָלעטאַריער ווערן קאַפּיטאַליסטן און פאַרקערט, בייט גאָרנישט אין עצם פאַקט פון דער עקזיסטענץ פון צוויי קלאַסן — אַ קאַפּיטאַליסטישן און פּראָלעטאַרישן. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל אַ פעלד, אויף וועלכן

עס וואַקסן בוימער, — דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט ערד און בוימער, און דער אונטערשייד צווישן זיי לאָזט זיך לייכט פעסט-שטעלן. די וואָרצלען פון די בוימער דרינגען אַריין טיף אין דער ערד, זויגן אַריין אין זיך אירע טיילכעלעך און פאַרוואַנד-לען זיי אין טיילן פון בוים. די בלעטער און טרוקענע צווייגן פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד און ווערן מיט דער צייט ערד. אָבער פנים אל פנים מיט אַזעלכע קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן בוים און דער ערד וועט איר דאָך נישט פאַרזיכערן, אַז די ערד און דער בוים זענען נישט קיין ריכטיקע טערמינען.

די אַרבעטער גייען צום אונטערנעמער און בעטן אַרבעט. דער אונטערנעמער גיט זיי אַרבעט, פאַרכאַפּט אירע פרוכט און פאַרקויפט זיי אויפן מאַרק פאַר אַזאַ פּרייז, וואָס פאַרזיכערט אים ריוח.

אויב דאָסדאָזיקע לעצטע גיט זיך אים איין, ווערט די אַרבעט ווייטער געפירט, און די אַרבעטער בלייבן ביי זייער פאַרדינסט. אויב נישט, ווערן די אַרבעטער אַרבעטסלאָז.

פון אונטערנעמערס אַלגעמיינער הכנסה גייט אַוועק איין טייל אויף אַרבעטס-לוין, די צווייטע אויף איינצוקויפן רוי-שטאָפן, די דריטע אויף הוצאות פאַר דער אונטערנעמונג; דער רעשט איז ריוח אין פאַרשיידענע פאָרמען: אַרענדע-אָפּצאָל דעם ערד-אייגנטימער, דיווידענדן די אַקציאָנערן, פּראָצענטן די אַקציעס-אייגנטימער. די גאַנצע סומע ווערט פאַרטיילט צווישן איינצלנע פערזאָנען און יעדער פון זיי באַקומט אַ באַשטימטן חלק, וועלכן אויך ער, פון זיין זייט, גיט אויס אויף איינצו-קויפן סחורות, אויף אָפּצאָלן דאָס באַדינען אים און אַז. וו. אַזוי צירקולירט דאָס געלט און די געשעפטן שטעלן זיך נישט אָפּ. ביזן דאָזיקן מאָמענט דערגייט געוויינלעך דער דורכשניטלעכער פאָרשער.

מיר אָבער וועלן זיך באַמיען אַריינצודרינגען טיפער. ס׳איז קלאָר, אַז אין דאָזיקן סחורות-אומזאַץ באַקומען איינע אַ גרעסערע טייל, ווי די אַנדערע. אונזער רעגירונג מאָנט אויף דעם נויטיקן שטייער און דעריבער פאַרמאָגן מיר אין אונזער רשות אַ סטאַטיסטיק פון די הכנסות, אויף וועלכע עס ווייזן געורן אָן פאַראינטערעסירטע פערזאָנען. אין 1917-טן יאָר איז פון זעקס

פאַמיליעס געווען איינע מיט אַ הכנסה פון העכער 1000 דאָלאַר, פון צוועלף — איינע מיט אַ הכנסה פון העכער 2000 דאָלאַר. פון דער צווייטער זייט זענען געווען 19000 פאַמיליעס מיט אַ הכנסה פון העכער 50.000 דאָלאַר און 300 מיט אַ הכנסה פון העכער אַ 1.000.000 דאָלאַר אַ יאָר.

פאַמיליעס מיט אַ הכנסה ווינציקער פון 1000 דאָלאַר אַ יאָר דאַרפן זי, פאַרשטייט זיך, גרעסטנטיילס אויסגעבן אויף הוצאות, וועלכע זענען נויטיק אויף אונטערצוהאַלטן דאָס לעבן. אָבער די, וואָס פאַרדינען צו 50.000 אַ יאָר, האָבן אַ מעגלעכקייט אַריינצולייגן קאַפּיטאַלן אין געשעפטן און אַזוי אַרום מיטהעלפן צו בויען דעם קאָמפּליצירטן אַפּאַראַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע.

קיינער וועט נישט קענען פעסטשטעלן, וואָסער טייל פון דער גאַנצער אינדוסטריע עס הענגט אָפּ פון אַזעלכע פּקדונות, אָבער מיר ווייסן, אַז אונזערע שטעט וואַקסן אויסערגעוויינלעך, די פּראָדוקציע-כחות ווערן פאַרגרעסערט מיט גרויסע שפּרונגען, מיר פאַרפולקאָמען די מעטאָדן פון דער פּראָדוקציע, געבנדיק אַ מעגלעכקייט איין מענטשן צו טאָן די אַרבעט פון הונדערט מענטשן און פאַרגרעסערנדיק אַזויאַרום די פּראָדוקטיווקייט פון דער אַרבעט אויף הונדערט מאָל. דאָס אַלץ קומט פאָר בלינד און אויטאָמאַטיש, עס ווערן פּראָדוצירט גאַנצע שטראָמען, גאַנצע געאָגראַפעס סחורות, און דאָס רופן מיר אָן „רייכטום".

אָבער פּלוצלונג אַנטשטייט עפּעס שרעקלעכס. פּלוצלונג, אָן אַ שום וואָרנונג, שטעלן זיך אָפּ די באַשטעלונגען, די פּרייזן פאַלן, אונטערנעמונגען פאַרמאַכן זיך און מיליאָנען מענטשן בלייבן אָן אַרבעט. די געשעפטסלייט זענען בלייך. יעדער פון זיי האָט זיך געקליבן צו באַצאָלן צו ריוח זיינע חובות, אָבער קיין ריוח איז נישטאָ און נישטאָ מיט וואָס צו צאָלן. די ציי-טונגען און זשורנאַלן פאַרזיכערן, אַז אַזאַ לאַגע קען לאַנג נישט דויערן, אַז שוין די צווייטע וואָך וועלן זיך ווידער עפענען די אונטערנעמונגען — דאָס רייכטום איז אַזוי נאָענט... אָבער די אונטערנעמונגען שטייען און די מענטשן בלייבן אַרבעטסלאָז.

אין אַזאַ לאַגע געפינען מיר זיך, בעת איך שרייב דאָס-דאָזיקע בוך. די דאָזיקע דערשיינונג חזרט זיך איבער אין אַמעריקע

אומגעפער יעדע צען יאָר. שוין הונדערט יאָר האָבן מיר די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן און באַגרייפן די סיבות פון די קריזיסן, אָבער די געשעפטס-אינטעליגענץ פון געבילדעטסטן וועלט-טייל איז נאָך נישט רייף געוואָרן אויף אַזוי ווייט, כּדי צו באַהאַנדלען דידאָזיקע רעגולער זיך-איבערחזרנדיקע אויפטרייסלונגען אין אונזער סאָציאַלער סיסטעם און געפינען מיטלען זיי אויסצומיידן.

# X

## שלעכטע צייטן

לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ קליין אינזעלע, אויף וועלכן עס לעבן זעקס מענטשן. איינער פון זיי פאַרנעמט זיך מיט פיש-פאַנג, דער צווייטער לעבט פון געיעג, דער דריטער קלייבט צונויף קאָקאָס-ניס, דער פערטער האָדעוועט קאָזעס, כּדי צו באַנוצן זייער פעל אויף בגדים און אַז. וו. אַלע זעקס פּראָדוצירן פּראָדוקטן, אין וועלכע זיי בויטיקן זיך און בייטן זיי אויס צווישן זיך. דידאָזיקע מענטשן זענען פריי און קענען בייטן זייערע פּראָדוקטן אויף גלייכע באַדינגונגען. אַזאַ גלייכמעסיקע אָרדנונג אין דער פּראָדוקציע קען דויערן אַ גאַנצע אייביקייט און עס זאָלן נישט אַנטשטיין קיין שום מיספאַרשטענדענישן. אמת, עס איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון אַ איבער-פּראָדוקציע, זי וועט אָבער נישט ברענגען מיט זיך קיין הונגער און טויט. אַ פישער קען אַמאָל האָבן גליק און ער וועט לעבן עטלעכע טעג, בייטנדיק זיינע זאַפּאַסן און רוענדיק פון דער טאָג-טעגלעכער אַרבעט. צוליב קורצקייט וועגן וועל איך אַ נאָמען געבן דעמדאָזיקן גליקלעכן אינזל — „פרייע״ געזעלשאַפט.

אָבער שטעלט זיך נאָר פאָר, אַז איינער פון דידאָזיקע זעקס איז באַזונדערס שטאַרק און קריגעריש; ער וואַרפט אָן זיין מאַכט די איבעריקע אינזל-באַוווינער און צווינגט זיי אונטערצושרייבן אַ דאָקומענט, אין וועלכן ער פּראָקלאַמירט זיך אַלס דירעקטאָר פון דער אינזל-געזעלשאַפט, אַלס באַלעבאָס פון

ישפאַנג און פון דעם קאָקאָס-וועלדל; אויף ווייטער ווערט
אַרוועקט דער סחורות-טויש, עס ווערט איינגעפירט דער טויש
און סחורות אויף געלט, דערביי איז ער דער באַנקיר און גלייכ-
נייטיק דער הערשער, וועלכער האָט די אויסשליסלעכע רעכט
אויסצושלאָגן געלט. אין דערדאָזיקער נייער געזעלשאַפט זענען
מיט פראָדוקטיווער אַרבעט באַשעפטיקט בלויז פינף און זיי גע-
ניסן שוין נישט אין דער פולער מאָס אַלע פרוכטן פון זייער
אַרבעט. דער פישער כאַפט אַ פיש, אָבער ער געהערט שוין
נישט צו אים. אַ טייל פון פאַנג באַקומט ער אין דער פאָרם
פון אַרבעטסלוין, די איבעריקע טייל געהערט דעם „געשעפטס-
מאַן". וועט דעם פישער אַ שיין טאָן דאָס גליק — וועט די
פיש-אונטערנעמונג בליען, עס וועלן זיך אָנזאַמלען זאַפאַסן און
דער פישער וועט ווערן אַרבעטסלאָז.

דאָסזעלבע איז מיטן האָדעווער פון קאָזעס. נאָך מער:
דעם באַלעבאָס קען קומען אויפן געדאַנק, אַז יענער מענטש,
וועלכער קלייבט צונויף קאָקאָס-ניס, וועט זיך אויך אַן עצה
געבן מיט די קאָזעס און אַט ווערט דער קאָזעס-האָדעווער אַר-
בעטסלאָז. אַזוי ווי אַלע דערנער-פראָדוקטן אויפן אינזל געהערן
זיין באַלעבאָס, מוז דער אַרבעטסלאָזער קאָזעס-האָדעווער ווערן
אַ פארברעכער. דאַן באַוואָפנט דער אינזל-באַלעבאָס דעם נוס-
זאַמלער מיט אַ שטעקן און מאַכט אים פאַר אַ פאָליציאַנט
אָדער ער אָרגאַניזירט אַ מיליציע פון פישער מיטן יעגער. די-
דאָזיקע לעצטע וועלן גיכער דינען דעם באַלעבאָס, ווייל צוליב
דער גרויסער פראָדוקטיווקייט אויפן אינזל, ווערן זיי אָפט אַר-
בעטסלאָז און אָן דעם באַלעבאָס' דאָזיקן חסד וואָלטן זיי נישט
געקענט זיכערן זייער עקזיסטענץ.

אָבער ווען דער נוס-זאַמלער וואָלט דערפונדן אַ מאַשין,
וואָס וואָלט מעכאַניש אויסגעפירט אין אַ וואָך זיין יאָרלעכע
אַרבעט און ווען דער פישער וואָלט געפונען אַ מיטל אָנצופילן
אין משך פון עטלעכע מינוט זיין שיפל מיט פיש, וואָלט דער
באַלעבאָס אין רעזולטאַט דערפון אויף אַזוי ווייט רייך געוואָרן,
אַז ער וואָלט אָפגעפאָרן קיין פאַריזש און וואָלט זיך מער
קיינמאָל נישט באַגעגנט מיט זיינע אַרבעטער, ער וואָלט אַפילו
נישט געוווסט זייערע נעמען. אין אַזעלכע באַדינגונגען וואָלטן

די איבערפּראָדוקציע און אַרבעטסלאָזיקייט אויפן אינזל אויסגע-
וואָקסן, דער באַלעבאָס וואָלט אַלץ מער און מער געוועקט די-
שנאה פון זיינע קנעכט און ס׳וואָלט זיך פאַרענדיקט מיט אַ
גרויסער פאַרמערונג פון דער אינזל-פּאָליציי. ס׳וואָלט נויטיק גע-
וואָרן אַ געהעריקע פּראָפּאַגאַנדע אויף אויפצוהאַלטן די לאָיאַ-
ליטעט צווישן די פּאָליציי-לייט און דער געהיים-פּאָליציי, כּדי
די אַגיטאַטאָרן זאָלן נישט אַריינדרינגען אין די שולעס.

און אָט ווערן אַלע אינזל-באַוווינער אַרויסגעוואָרפן אויפן
גאַס. מ׳דערקלערט זיי, אַז דאָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכ-
דעם, וואָס זיי האָבן פּראָדוצירט צו פיל דערנער-פּראָדוקטן. ס׳קען
זיין, אַז דאָס קלינגט סיי אומזיניק, סיי קאָמיש, אָבער דאָסזעלבע
ווערט דאָך איצט דערקלערט 5.000.000 אַמעריקאַנער. די שניי-
דערס גייען אַרום אין טראַנטעס, און זיי דערקלערט מען, אַז
דאָס קומט פאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן אויסגעאַרבעט צופיל
בגדים. די שוסטערס גייען אַרום מיט אָפענע זוילן, און מ׳דער-
קלערט זיי, אַז דאָס קומט פאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן אויס-
געאַרבעט צופיל שטיוול. עס זענען דאָ היימלאָזע טשעסלאַרעס —
דערקלערט מען זיי, אַז עס זענען דאָ צו וויניק הייזער,
אָבער פונדעסטוועגן לוינט נישט צו בויען נייע. ס׳איז מעגלעך,
אַז דאָס אַלץ קלינגט ווי אַ פּאַראָדיע אויפן אמת, אָבער ס׳איז
פּאָרט אַ פאַקט, וואָס באַשעפטיקט איצט 5.000.000 אַמעריקאַנער.
ס׳איז גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס זיי זענען אומצופרידן מיט
דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג.

און פונדעסטוועגן איז די לייזונג פון דערדאָזיקער פּראָב-
לעם אַזוי פּשוט, אַז זי וועט לאַנג נישט קענען בלייבן פאַר-
באָרגן פון די דאָזיקע 5.000.000 אַרבעטסלאָזע אַמעריקאַנער. פינף
אינזל-באַוווינער הונגערן, ווייל דער גאַנצער אינזל געהערט איין
מענטשן, און צו די איבעריקע געהערט גאָרנישט. ווען דער
אינזל זאָל זיין אַ געמיינזאַם אייגנטום, וואָלט קיינער פון די פינף
אינזל-באַוווינער נישט געדאַרפט הונגערן. ווען די פּראָדוקציע-
געצייג וואָלטן אין אַמעריקע געהערט 100.000.000 אַמעריקאַנער,
וואָלט די אַרבעטסלאָזיקייט פאַרשווונדן, ווי אַ בייזער חלום. דער
ערדאַרבעטער, וואָס נויטיקט זיך אין שטיוול, וואָלט זיי אויס-
געביטן פאַר זיינע פּראָדוקטן ביי אַ הונגעריקן אַרבעטער, און

דער אַרבעטער וואָלט ווידער געדאַרפט אויסאַרבעטן שטיוול, וואָלט דער ערדאַרבעטער געדאַרפט האָבן בגדים, וואָלט ער זיי אויסגעביטן ביי אַ שניידער. אָבער בלויז דורך איין וועג קען מען דאָס דערגרייכן — מיטן וועג פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע.

XI

## דער אייזערנער רייף

מיר האָבן געזען, אַז אין אַ עקספּלואַטאַטאָרישער געזעלשאַפט באַמערקט זיך שטענדיק אַ פּראָדוקציע-איבערפלוס און אַז דערדאָזיקער עודף דאַרף אין אונזערע היינטיקע באַדינגונגען ריווחדיק פאַרקויפט ווערן, איידער די פּראָדוקציע קען ווידער געלאָזן ווערן אין גאַנג. אונזער היינטצייטיקע געזעלשאַפט האָלט פאַר איר חוב אַוועקצושטעלן דעם אַרבעטער אין אַזעלכע באַדינגונגען, ער זאָל נישט האָבן גענוג געלט אויף צו קויפן אַלע סחורות, וועלכע ער אַרבעט אויס; דערדאָזיקער פאַקט מאַכט די איבערפּראָדוקציע אומפאַרמיידלעך. ווען דאָס קומט אָן, מוז די פּראָדוקציע פאַרקלענערט ווערן און אויף דערדאָזיקער גאַנצער צייט בלייבט דער פּראָלעטאַריער אָן אַרבעט און אָן מיטלען. אין אַזאַ געזעלשאַפט ווערט דער פּראָדוקציע-אַפּאַראַט קיינמאָל נישט אויסגענוצט אינגאַנצן, ווייל ער ווערט קאָנטראָלירט דורך פּערזאָנען, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט בלויז אין דעם, זיי זאָלן ריווחדיק פאַרקויפן די סחורה און רעגולירן דעם פאַרנעם פון דער פּראָדוקציע אין שייכות מיט די אָפּזאַץ-מעגלעכקייטן. די פאַקטישע פּראָדוקציע געפינט זיך נישט אין קיין שייכות מיט דער מעגלעכער פּראָדוקציע, און מענטשן, וועלכע לעבן אין אַ עקספּלואַטאַטאָרישער געזעלשאַפט, האָבן נישט קיין שום באַגריף וועגן דעם ווירקלעכן וווילשטאַנד פון דער ווירטשאַפט.

אויפן מאַרק הערשט די סיסטעם פון קאָנקורירנדיקע לויפן. מיר האָבן געזען, אַז אין דער רייכער אַמעריקע האָט בלויז איין פאַמיליע פון זעקס אַ פאַרדינסט פון העכער 1000

דאָלאַר אַ יאָר און פון צוועלף בלויז איינע העכער 2000 דאָ-
לאַר. די שפּייכלערס מעגן זיין איבערגעפּולט מיט סחורות —
יעדע פאַמיליע שטעלט פאַר מיט זיך אַ מאַרק, מיט אַן אויפ-
נאַם-פעאיקייט פון אַזויפיל און אַזויפיל דאָלאַר א יאָר, און ווי
נאָר דידאָזיקע דאָלאַרן זענען אויסגעגעבן, הערט דידאָזיקע
פאַמיליע אויף צו עקזיסטירן פאַר דער פּראָדוקציע — זי פאַר-
צערט גישט מער און דורכדעם טאָרמאַזירט זי דעם אָפּאַצ-
אַפּאַראַט.

די ריווח-סיסטעם בין איך געוווינט צו באַצייכענען אַלס
אַ אייזערנעם רייף אויפן קערפּער פון אַ קליין קינד. צוערשט
וועט דערדאָזיקער רייף זיין אומבאַקוועם, אָבער דאָס שאַדט
נישט, מיר וועלן זיך צו אים צוגעוווינען, אָבער ווי נאָר דאָס
קינד וואַקסט אונטער, ווערט די אומבאַקוועמלעכקייט אַלץ גרעסער
און גרעסער און סוף-כל-סוף קומט אַ צייט, ווען עס ווערט קראַנק.
אויסהיילן אים קען מען בלויז דורך איין מיטל — צעברעכן
דעם רייף. דאָס קינד וויינט? צעברעכט דעם רייף! זיין פאַר-
דייאונג איז נישט אין אָרדנונג? צעברעכט דעם רייף! עס דראָען
אים קאָנוווּלסיעס און אַ בלוט-פאַרגיפטונג? צעברעכט דעם רייף!

אָט איז אונזער אינדוסטריעלע געזעלשאַפט. זי וואַקסט
אַזוי שנעל, ווי קיין איין קינד איז נאָך נישט געוואַקסן. אַרום
איר קערפּער — אַן אייזערנער רייף. זי ליידט פון אָרעמקייט,
אַרבעטסלאָזיקייט, כאַבאַר, פאַרברעכנס, זי קרעכצט אונטער דער
לאַסט פון מלחמה, קראַנקהייטן און הונגער און דידאָזיקע אַלע
אומגליקן שטאַמען פון איין סיבה און ווערן אויסגעהיילט בלויז
דורך איין מיטל: מ׳דאַרף צעברעכן דעם רייף! באַפרייט די
אינדוסטריע פון דער שטיקנדיקער ריווח-סיסטעם.

איך נעם אָן, אַז אין לעבן פון דאָזיקן סאָציאַלן קינד
איז געווען אַ צייט, ווען דער רייף איז געווען נויטיק. כ׳דער-
לאָז דעם געדאַנק, אַז אין יענער צייט, ווען עס האָט זיך
געשאַפן דער אינדוסטריעלער אַפּאַראַט, האָט די באַפעלקערונג
געדאַרפט פאַרצערן בלויז אַ טייל פון דער פּראָדוקציע, די
צווייטע טייל האָט געשפּילט די ראָלע פון קאַפּיטאַל. אָבער אָט
איז שוין דער פּראָצעס פאַרענדיקט און דער אַפּאַראַט — אויס-
געבויט. מיר באַזיצן אַן אַפּאַראַט, וועלכער איז בכוח צו פּראָ-

דוצירן צווײמאָל אַזויפיל, וויפל מיר קענען פאַרצערן; צו וואָס-זשע דאַרפן מיר אים אײַנאָרדנען? דאָס איז פונקט דאָסזעלבע, ווי מיר וואָלטן געהונגערט, כדי אָפּצושפּאָרן געלט און די פּראָדוקטן וואָלטן זיך אָנגעזאַמלט אין אַלץ אַ גרעסערן און גרעסערן סכום און מיר וואָלטן געבליבן אָן אַרבעט, און צו-לעצט געשטאָרבן פון הונגער.

מיט עטלעכע דורות צוריק האָט אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס געלעבט אַ געזעלשאַפט, וואָס איז כאָטש טײלווײַז געווען „פרײַ". אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט האָט יעדער גע-קענט באַקומען אַלץ, וואָס ער האָט נויטיק געהאַט צום לעבן. אמת, דאַן זענען נאָך נישט געווען קיין אילוסטרירטע בײַלאַגעס צו די זונטאָקדיקע צײַטונגען, עס זענען נאָך נישט געווען קיין קינאָס, דערפאַר איז געווען ברויט, פלײש, גוטע בגדים און מעבל, אַזאַ פעסטע, אַז מיר קענען זי נוצן אויך הײַנט. די קינדער פון יענער געזעלשאַפט פלעגן אויסוואַקסן שטאַרקע, גע-זונטע מענער און פרויען, וועלכע האָבן, בנאמנות, נישט גע-דאַרפט מקנא זײַן די גײַסטיקע און פיזישע אײגנשאַפטן פון דער באַפעלקערונג פון ניו-יאָרקער און טשיקאַגער ברוד-נעסטן, מיט אײן וואָרט, דידאָזיקע געזעלשאַפט האָט אויסגעאַרבעט אַלע נויטיקע לעבנס-פּראָדוקטן און געגנשטאַנדן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מאַשינעס זענען נאָך דאַן נישט געווען באַקאַנט.

אָבער אָט קומט אויף די מאָדערנע מאַשינען-טעכניק, זי פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע-קראַפט פון אַמאָליקן קוסטאַר אויף פינף, צען און אַפילו אויף הונדערט מאָל. אַזוי, למשל, פאַרקויפט דער זשורנאַל „אַ רוף צום שכל" מיליאָנען ביליקע ביכער צו צען סענט יעדן און באַקומט דערבײַ אַ געוויסן ריווח. ער האָט אויפגעשטעלט אַ גיגאַנטישע ראָטאַציע-מאַשין, וועלכע דרוקט לײַכטצײַטיק צו הונדערט-אַכט-און-צוואַנציק זײַטלעך פון בוך און לאָזט אַרויס אין אַ שעה צען טויזנט עקזעמפּלאַרן. עס עקזיסטירט, למשל, אַ פאַבריק, וואָס לאָזט אַרויס הונדערט טויזנט אויטאָמאָבילן אין אַ חודש און אַ צווײטע, וועלכע אַרבעט אויס מיליאָנען יאַרדן טוך. ווען מ'זאָל דערצײלן וועגן דידאָזיקע אַלע וווּנדער אונזערע אבות, וואָלטן זײ געזאָגט: „אין יענער געזעלשאַפט לײַענט, מסתמא, יעדער אַלע ביכער, וועלכע ער וויל נאָר, ער

האָט אַלע נויטיקע בגדים און אַן אויטאָמאָביל. אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט דאַרף יעדער באַזיצן אַ פינף, אַ צען, אַ הונדערט מאָל גרעסערן פאַרמעגן ווי מיר".

שטעלט זיך נאָר פאָר די שטוינונג פון דידאָזיקע אבות, ווען זיי וועלן דערהערן אונזער ענטפער: „די ברייטע מאַסע פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט האָט ווינציקער נויטיקע זאַכן, איידער איר, זיי האָבן עטלעכע ביליקע באַפוצונגען, זיי לייענען ביליקע צייטונגען, וועלכע גיבן שטרענג אַכטונג, די לייענער זאָלן וואָס ווינציקער באַקומען פאַרן גייסט און זיי זאָלן זיין צופרידן מיט זייער גורל, זיי גייען אין קינאָ, וועלכער פאַרפאָלגט דיזעלבע צילן, און אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, איז שלעכט, נישט שטאַרק אויסגעאַרבעט, די דערנער-פּראָדוקטן זענען פאַלסיפיצירט, די בגדים זענען געמאַכט פון שלעכטן מאַטעריאַל; דאָס אַלץ איז אויסגערעכנט נישט לטובת די, וועלכע קויפן, נאָר פאַרן ריווח פון די, וועלכע פאַרקויפן. דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַ מענטשן אין דערדאָזיקער נייער מאַשינען-קולטור מאַכט אויס בלויז אַ העלפט פון דער סומע, וועלכע איז נויטיק אויף אונטערצוהאַלטן דאָס לעבן, איין צענטחלק פון דער באַפעלקערונג לעבט אין אַזאַ נויט, וועלכע שליסט אויס די מעגלעכקייט זיי זאָלן דערציען געזונטע קינדער".

XII

## די אויסלענדישע מערק

אויב אונזער אַנאַליז פון דער היינטיקער געזעלשאַפט איז ריכטיק, מוזן די אינדוסטריעלע מלוכות פאַרמאָגן גרויסע מאַסן מענטשן, וועלכע לעבן כסדר אויפן גרענעץ פון הונגער, וואָס זייער לעבן איז אָפּהענגיק דערפון, צי דער אַרבעטגעבער האָט געקענט געפינען אַ גוטן מאַרק פאַרן אָפּזאַץ פון זיינע סחורות. ווען די אינערלעכע מערק ווערן איבערגעפולט, וואַרפט דער אונטערנעמער אַריבער זיינע סחורות קיין אויסלאַנד. אַזוי-אַרום אַנטוויקלט זיך דער אויסערלעכער האַנדל און די קאָנקורענץ

צרום אים איז דער הויפט-פאקטאָר פון קאפיטאליזם און די עיקרדיקע סיבה פון די היינטיקע מלחמות.

אין דעם אויסערלעכן האנדל טאָר מען נישט ארויסלאָזן פון אויג איין אונטערשייד. אויך אין דער „פרייער" געזעלשאפט איז מעגלעך אן אויסערלעכער האנדל. אזוי, למשל, ארבעטן מיר אויס אין די פאראייניקטע שטאטן אלע נויטיקע לעבנס-ארטיקלען, פונדעסטוועגן זענען דאָ אייניקע, ווי, למשל, קאוטשוק, באנאנעס און גוטע מוזיק, וועלכע ווערן ביי אונז נישט אויסגעארבעט. דאָס וועלן מיר אימפּאָרטירן. מיר קויפן זיי ביי אנדערע פעלקער, פארשולדיקן זיך און מיר צאָלן אָפּ אונזער חוב מיט פּראָדוקטן, וועלכע אנדערע לענדער פּראָדוצירן נישט, ווי, למשל, ווייץ, קופער און פילמען מיט קאָוובאָיען. דאָס איז א טויש-האנדל אויף גלייכע באדינגונגען. א „פרייע" געזעלשאפט וואָלט אויסגעארבעט אזא עודף פון סחורות, וועלכער איז נויטיק אויף אויסצובייטן אויף אויסלענדישע פּראָדוקטן.

אָבער דער קאפיטאליזם טוט עפּעס גאָר אנדערש — מיר פּראָדוצירן אזא סכום סחורות, וועלכן מיר מוזן פארקויפן, כדי די אונטערנעמונגען זאָלן ווייטער קענען פונקציאָנירן און די ארבעטער זאָלן נישט שטארבן פון הונגער, אונז געלינגט אָבער נישט צו באקומען פאר זיי א גלייכן סכום אויסלענדישע סחורות. מיר נויטיקן זיך אין אייניקע גינסטיקע באדינגונגען: אנדערע דארפן זיך ביי אונז פארשולדיקן, כדי מיר זאָלן קענען עקספּאָרטירן מער סחורות, וויפל מיר פירן איין, מיר דארפן זאָרגן וועגן קרעדיטן, דערנאָך ווידער אויסארבעטן אן עודף סחורות, פארקויפן זיי אויף נייע קרעדיטן, פארן ריווח אויפבויען נייע מאשינעס, כדי אויסצוארבעטן נאָך א גרעסערן עודף סחורות און באקומען נאָך א גרעסערן ריווח.

אָבער אין א געוויסער צייט צרום קומט פאָר עפּעס אומאנגענעמעס: די לענדער, וועלכע קויפן בלויז און פארקויפן נישט, דארפן אונז אָבער צאָלן מיט גאָלד אָדער פאָדערן ביי אונז קרעדיטן. אָבער „צאָלן מיט גאָלד" קען מען נישט אָן א שיעור, ווייל סוף-כל-סוף וועט זיך דאָס גאנצע גאָלד קאָנצענטרירן אין אונזערע הענט, און די לענדער, וועלכע האָבן עס נישט, וועלן מיר קיין קרעדיטן נישט געבן. פון דער צווייטער זייט קען מען נישט

אַרבעטן כּסדר אויף קרעדיט, ווייל אונטער קרעדיטן פאַרשטייט מען דעם צוזאָג צו באַצאָלן, אָבער אָננעמען סחורות אַלס דעקונג פאַרן קרעדיט קענען מיר נישט: דאָס וועט שעדיקן אונזער אינדוסטריע.

אין דער איצטיקער צייט ווערט דידאַזיקע טעאָריע פאַר־ווירקלעכט אויף אונזערע אויגן. מיר האָבן קרעדיטירט אייראָפּע מיט סחורות אויף אַ סומע העכער 10.000.000.000 דאָלאַר, און זי קען אונז נישט באַצאָלן פאַר זיי. אגב, ווען זי וואָלט יאָ באַצאָלט, וואָלט די אַמעריקאַנער אינדוסטריע אומגעקומען. פראַנק־רייך פאָדערט פון דייטשלאַנד אַ ריזיקע קאָנטריבוציע, אָבער קיינער ווייס נישט, ווי אַזוי צו באַקומען דידאָזיקע קאָנטריבוציע, נישט ברענגענדיק קיין שאָדן דער פראַנצויזישער אינדוסטריע. די פראַנצויזן פאָדערן פון דייטשלאַנד קוילן, אָבער אַליין האָבן זיי אים מער, וויפל זיי דאַרפן האָבן, און זיי וואַרפן אים אַרויס אויף נידעריקע פרייזן אויפן בעלגישן און האָלענדישן מערק, אונטעררייסנדיק אַזוי־אַרום די ענגלישע קוילן־אינדוסטריע. די פראַנצויזן פאָדערן, די דייטשן זאָלן צוריק אויפבויען די צע־שטערטע מזרח־געביטן פון פראַנקרייך, און די דייטשן זענען גרייט צו שיקן אַהין זייערע אַרבעטער, אָבער די פראַנצויזן נעמען דאָס אָן פאַר אַ באַליידיקונג, ווייל אַזוי־אַרום פאַרלירט דאָך זיין פאַרדינסט דער פראַנצויזישער אַרבעטער.

שוין אַ יאָר דרייסיק, אויב נישט מער, ווי אונזער פּאָלי־טיש לעבן איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי קאָנוווּלסיעס פון אַ סאָציאַלן קערפּער, וועלכער איז אַרומגעכאַפּט פון אַ ענגן רייף פון ריווח־סיסטעם. אומעטום קעמפט איין גרופּע מיט דער צווייטער פאַר ריווח, און די פּאָליטיקער שפּילן זיי אונטער.

דער פּראָלעטאַריער פון אונזער צייט איז געגליכן צו אַ מענטשן, וועלכער פּאָמפּעט אויס וואַסער פון אַ פּאָמפּע. אויב ער אַרבעט געגוג אינטענסיוו, גיט זיך אים איין אַרויסצורופן אַ דיניקן שטראָם וואַסער, אָבער פונדעסטוועגן מוז ער מאַכן צוגמאָל אַזויפיל אָנשטרענגונגען, ווי דער, ווער עס האָט אויס־געגראָבן דעם ברונעם, אָבער דעם ברונעם האָט מען געגראָבן אונטער דער ערד און דער פּראָלעטאַריער האָט דאָס נישט געזען; ער ווייס בלויז, אַז ער וועט נישט האָבן קיין אַרבעט,

ווען די „ביליקע אויסלענדישע פּראָדוקטן" וועלן אַרײַנפאַלן אויפן אַמעריקאַנער מאַרק. ער ווייס דאָס און דעריבער שטימט ער פאַר צאָל אויף אויסלענדישע אויסאַרבעטונגען, וואָס דאָס גיט דעם אַמעריקאַנער אונטערנעמער אַ מעגלעכקייט רווחדיק צו פאַרקויפן זײַנע סחורות, און דער אַרבעטער כאַפּט זיך נישט, אַז אויף אַזאַ אַרט העלפט ער פאַרגרעסערן די פּרײַזן אויף אַלע סחורות.

אַלע רעגירונגען זענען אויפן זיבעטן הימל פון די צאָל-טאַריפן, ווײַל זיי גיבן זיי די מעגלעכקייט, אומבאַמערקט פאַר אַלעמען, צו פאַרכאַפּן געזעלשאַפטלעכע געלט. דער רעזולטאַט דערפון, וואָס „דער אויסלענדער צאָלט צאָל" איז נישט לאַנג פאַר דער מלחמה געווען דאָס, וואָס דער שטאָל-טרעסט האָט פאַרקויפט זײַנע אויסאַרבעטונגען אין אַמעריקע פאַר אַ הויכן פּרײַז, און דעם עודף פלעגט אָפּגעשטעקט ווערן אויף די אויסלענדישע מערק לויטן פּרײַז פון צאָל-טאַריף. און דאָסזעלבע קומט פאָר אויף דער גאַנצער וועלט. לענדער-קונים ווערט אַלץ ווייניקער און ווייניקער. איין מלוכה נאָך דער צווייטער הויבט אָן צו באַפרידיקן אירע באַדערפענישן דורך אַן אינערלעכער פּראָדוקציע און דער קאַמף פאַר אויסלענדישע מערק ווערט אַלץ פאַרביסענער.

„דער אײַזערנער רייף" פון איבערפּראָדוקציע און פון מאַנגל אין אָפּזאַץ-מערק דריקט אָן אויפהער אויף אונזער אינדוסטריעלן קערפּער און הויבט אים אָן צו שטיקן. און אַזוי ווי דער קערפּער באַמיט זיך צו צעברעכן דעם רייף, דריקט אים דערדאָזיקער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. מיר האָבן פעריאָדן פון אַזוי-גערופענעם אויפבלי, נאָך וועלכע עס קומען אָן פעריאָדן פון פּאַניק און קריזיסן. איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז בלויז אַ מינימאַלער פּראָצענט טראַנזאַקציעס ווערט געמאַכט פאַר מזומנים און אַרום 99 פּראָצ. ווערט געמאַכט אויף קרעדיט, וואָס דאָס ברענגט אַרײַן אין האַנדל אַ געוויסן פּסיכאָלאָגישן פאַקטאָר. די אונטערנעמונג בליט, ווײַל יעדער גלויבט אין צווייטנס הבטחה, דער קרעדיט וואַקסט, ווי אַ גרויסער שניי-קויל, אָנגעפּילט מיט צוזאָגן. אָבער דער מאַרק בלײַבט דערווײַל אין דערזעלבער לאַגע, ער קען זיך נישט פאַרגרעסערן, ווײַל ער

נעפינט זיך אין אַ אייזערנעם רייף, און דער פּאַרדינסט-ניוואָ באַגרענעצט די קויף-פעאיקייט פון דער באַפעלקערונג. אָבער אָט באַמערקט עמעצער, אַז ער האָט איבערגעשאַצט זיינע האָפנונגען, ער שטעלט אָפּ אויסצופירן די באַשטעלונגען אויף קרעדיט און פאָדערט מזומנים. אין דער לופט שמעקט מיט אַ קראַך. אַן ענלעכן קראַך האָבן מיר איבערגעלעבט אין 1907, און איינער אָ געשעפטסמאַן פון אואָל-סטריט האָט אים שאַרפזיניק פאָרמולירט: „עמעץ האָט געפאָדערט איין דאָלאַר אין מזומנים".

## XIII

## די קאַפּיטאַליסטישע מלחמה

אין אַ דיסקוסיע וועגן דער עקאָנאָמישער וועלט-לאַגע אין 1906 האָט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות געשילדערט דעם הערשנדיקן קלאַס פון דייטשלאַנד, ווי ער זיצט ביי אַ טערמאָמעטער, קוקט זיך צו, ווי עס הויבט זיך דער קוועקזילבער און איז לחלוטין זיכער, אַז ווען דער קוועקזילבער וועט דערגרייכן דעם העכסטן פּונקט, וועט דער טערמאָמעטער פּלאַצן. דער טערמאָמעטער איז געווען די דייטשע קלאַסן־סיסטעם, און דער קוועקזילבער — די צאָל שטימען פאַר די סאָציאַליסטן.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| אין | 1870 | האָט | דער | טערמאָמעטער געוויזן | 30.000 |
| „ | 1884 | „ | „ | „ „ | 549.000 |
| „ | 1893 | „ | „ | „ „ | 1.876.000 |
| „ | 1903 | „ | „ | „ „ | 3.008.000 |
| „ | 1907 | „ | „ | „ „ | 3.250.000 |
| „ | 1911 | „ | „ | „ „ | 4.250.000 |

אָנהויבנדיק פון 1906 און ענדיקנדיק מיטן 1913-טן יאָר האָב איך שטענדיק אָנגעוויזן אויף דעם, אַז דער וווקס פון דאָזיקן ציפער איז אַ סימפּטאָם פון סאָציאַלער אומצופרידנקייט אין דייטשלאַנד, וואָס איז אַרויסגערופן דורך דער איבערפּראָדוקציע

פון קאפיטאל, וואָס איז אינוועסטירט אין דער גאַנצער וועלט, און דורך דער אַלץ וואַקסנדיקער קאָנקורענץ פאַר די וועלט-מערק. כ'האָב אָנגעוויזן, אַז ס'איז שוין נישט ווייט דער מאָמענט, ווען די סאָציאַליסטישע מערהייט שטימען וועט געבן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַ מעגלעכקייט צו נעמען די מאַכט אין זייערע הענט און אַז דער קלאַס, וואָס הערשט אין דייטשלאַנד, וועט גיכער אָנהויבן אַ מלחמה, איידער דערלאָזן דערצו.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען מלחמות זענען באמת אַרויסגערופן געוואָרן דורך סיבות פון נאַציאָנאַלער און ראַסן-ריוואַליטעט. איצט פעלן אויך נישט דידאָזיקע סיבות, אָבער קיינער קען נישט לייקענען, אַז די היינטצייטיקע מלחמות זענען מלחמות אין נאָמען פון האַנדלס-קאָנקורענץ. אין 1917 איז יעווגעני דעבס פאַרשפאַרט געוואָרן אין תפיסה דערפאַר, וואָס ער האָט דערקלערט, אַז די וועלט-מלחמה איז אַ מלחמה פון קאַפּיטאַליסטישער גיריקייט. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט פּרעזידענט ווילסאָן, וועלכער האָט געפירט די מלחמה, געזאָגט, — אַז יעדער ווייסט, דאָס די מלחמה איז געווען אַ מלחמה פון האַנדלס-קאָנקורענץ. די היינטצייטיקע אַרמיי-פירער פאַרפאָלגן צוויי צילן: ערשטנס שטרעבן זיי צו די קוואַלן פון מאַכט — נאַפט און קוילן, צווייטנס, צו די קוואַלן פון קרעדיט — גאָלד און זילבער. יענע געביטן, וועלכע האָבן דאָס אומגליק צו פאַרמאָגן דידאָזיקע קוואַלן, ווערן דאָס צאַנק-עפּעלע צווישן די קאָנקורירנדיקע פינאַנס-גרופּעס, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין מלוכות. איינער אַ שרייבער האָט אָנגערופן „אָפּגעשטאַנענע" יענע מלוכה, וועלכע גראָבט גאָלד און פאַרמאָגט נישט קיין פלאָט. מיר לייענען מיט אויפגעבראַכטקייט וועגן די מלחמות פון די פראַנצויזישע קיטרים, וועלכע פלעגן אַרויסגערופן ווערן דורך דער קאָנקורענץ פון די קעניגלעכע פאַוואָריטקעס, אָבער מיר ווייסן דאָך, אַז די רוסיש-יאַפּאַנישע מלחמה פון 1905, וועלכע האָט אומגעבראַכט און פאַרקריפּלט מיליאָנען לעבנס, איז אַרויסגערופן געוואָרן בלויז דערפאַר, ווייל עפּעס רוסישע גרויספירשטן האָבן אונטערגעקויפט עפּעס כינעזישע מאַנדאַרינען און באַקומען די וואַלד-קאָנצעסיעס אויף יאַלו. פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבן איינע די צווייטע דערפאַר, ווייל עס עקזיסטירן די לאָטארינגישע אייזנגרובנס און

דערפאַר, ווייל די פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך באַמיט אָפּנעמען ביי די דייטשן און איבערגעבן די פּאָלאַקן די שלעזישע קוילנשאַכטעס.

נאָך אַ ציל פאַרפאָלגן די קעמפנדיקע צדדים: אַ מאַרק פאַר די פאַבריקאַנטן און אַ קאָנטראָל איבער די האַנדלס-וועגן, די קוילנבאַזעס און קאַבעלן. ענגלאַנד איז דרייהונדערט יאָר געווען די „הערשערין איבער די ימים", דאָס הייסט, אַז אירע סוחרים האָבן געהאַט די אַלע אויבנאָנגעוויזענע יתרונות. אָבער אָט איז אויפגעקומען דייטשלאַנד מיט אירע סוחרים און גענומען ענג מאַכן דעם קעגנער. דער ענגלענדער קוקט זייער לייכט אויפן לעבן, האָט עס ליב, שפּילט נאָכן מיטאָג אין קריקעט, טרינקט טיי, אַרבעט ווינציק, און דער דייטש האָט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג און נאָך אַ טייל פון דער נאַכט; ער איז געוואָרן אַ ספּעציאַליסט, ער האָט אויסגעשטודירט אַלע באַדערפעּנישן פון זיינע קונדן, — און אָט דאָס אַלץ האָט דעם ענגלענדער פאָרגעקומען, ווי אַן „אומערלעכע" קאָנקורענץ. אין ענגלאַנד האָט תּמיד אַרומגעבלאָנקעט דער שאָטן פון אַרבעטסלאָזיקייט, עס האָט זיך תּמיד געלאָזט הערן דאָס פאַרשטיקטע וואָרטשען פון סאָציאַלער אומצופרידנקייט. אויף די גאַסן-ראָגן האָבן גערעדט אַגיטאַטאָרן, און די אַרבעטער האָבן זיך אַלץ גערנער צוגעהערט צו זיי אין דער צייט, וואָס די זשורנאַליסטן, פּאָליטיקער און באַנקירן זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַלץ מער פאַרזאָרגטע פּנימער.

און דאָ אַנטשטייט די גרויסע מלחמה. דורך נאַכט ווערט פאַרגעסן די גאַנצע סאָציאַלע אומצופרידנקייט. פראַנקרייך מיט ענגלאַנד וואַרפן זיך צוזאַמען אויפן פאַרהאַסטן קאָנקורענט, כּדי איינמאָל-פאַר-אַלעמאָל זיך אָפּרעכענען מיט אים. און דאָס געלינגט. דייטשלאַנד פאַרלירט איר פלאָט, אירע קאַבעלן און די קוילנבאַזעס; די אייזנבאַן בערלין-באַגדאַד ווערט אַ נישט פאַרווירקלעכטער טרוים, די ענגלענדער זענען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, די סחורות ווערן געבראַכט מיטן ים-וועג. דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם כאַפּט זיך אויף, ווישט אויס די אויגן נאָך דער פּראַסוויטעריאַניש-אידעאַליסטישער אָרגיע און זעט, אַז

ער האָט אויסגעגעבן 20.000.000.000 דאָלאַר אויף דעם, כּדי אָפּצוטרעטן זיינע אַלע נוצנס זיינע קאָנקורענטן.

אויף וויפל איך געדענק, האָבן פון אייביק אָן עקזיסטירט „שלום-געזעלשאַפטן”· פון דעמאָלט אָן, זינט עס האָבן צוערשט אויסגעבראָכן מלחמות, עקזיסטירן אויך נביאים, וואָס פּראָטעסטירן קעגן זיי אין נאָמען פון דער מענטשהייט און גאָט. אין דער צייט, וואָס איך שרייב דידאָזיקע שורות, קומט פאָר אין וואַשינגטאָן אַ אַנטוואָפּענונגס-קאָנפערענץ, און אַלע גוטע אַמעריקאַנער גלויבן, אַז מיט דער מלחמה איז אויס און דער אייביקער שלום איז געזיכערט. אָבער איך וועל אָנווייזן בלויז אויפן עיקרדיקן, אַלץ-באַשטימענדיקן פאַקטאָר: אויב דער הערשנדיקער קלאַס פון אַ וועלכן נישט איז לאַנד וועט באַשליסן זיך צו אַנטוואָפּענען און אויפהערן צו פירן מלחמות· וועט ער דערמיט אונטערשרייבן אויף זיך אַ טויט-אורטייל. דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם קען בלויז עקזיסטירן כּל זמן ער וועט זיין שטאַרקער, איידער דער ענגלישער און דער יאַפּאַנישער. די ווייטזיכטיקע קאַפּיטאַליסטן פוןביידע לאַגערן ווייסן דאָס אויסגעצייכנט.

די מיטגלידער פון די „שלום-געזעלשאַפטן” און די דיפּלאָמאַטן אויף די קאָנפערענצן וועגן אַנטוואָפּענונג האַקן בלויז אָפּ די צווייגן אויפן בוים פון מלחמה און רירן נישט אָן די וואָרצלען. און ווען דער בוים הערט נישט אויף צו וואַקסן נאָך דעם, איז צו זייער פאַרוווּנדערונג קיין גרעניץ נישטאָ.

## XIV

## די פּראָדוקציע-מעגלעכקייטן

די קאַפּיטאַליסטן פאַרענטפערן זיך געוויינלעך: „די סומע, וועלכע מיר צאָלן די אַרבעטער, שטייגט אַ סך איבער דאָס, וואָס מיר לאָזן איבער פאַר זיך, ווען מאָרגן זאָל מען מאַכן אַ סוף צו די דיווידענדן און ריווחים, און מ'זאָל דאָס גאַנצע געלט פאַנאַנדערטיילן צווישן די אַרבעטער, טאָ וויפל וואָלט אויסגעקומען

אויף יעדער איינעם? קוים אַ הונדערט אָדער צוויי הונדערט איבעריקע דאָלאַרן אַ יאָר. בנאמנות, עס לוינט נישט ריזיקירן צוליב דעם מיט דער פאַרקלענערונג פון דער פּראָדוקציע.

דאָס איז אָבער נישט ריכטיק. דאָס געלט, וועלכעס דער קאַפּיטאַל שלעפּט פון די אַרבעטער, איז נישט איינס און דאָס-זעלבע מיט דעם, וואָס ער לאָזט זיך איבער פון דער פּראָדוקציע. די הויפּט-בייז פון דער ריווחים-סיסטעם איז נישט אין דער הויכער באַלוינונג, וועלכע זי צאָלט דעם הערשנדיקן קלאַס, נאָר דער אייזערנער רייף, מיט וועלכן זי שמידט אַרום די אינדוסטריע, שטערנדיק די אַרבעטער צו באַקומען די נויטיקע סחורות, נישט געבנדיק דערביי צו פאַרדינען די קאַפּיטאַליסטן. דער פּראָלע-טאַריאַט צאָלט דעם אונטערנעמער אַ גרויסע סומע געלט פאַר זיין פאַרוואַלטן מיט דער אונטערנעמונג, אָבער אים וואָלט געלוינט צו צאָלן נאָך מער, ווען ער זאָל מסכים זיין צו באַ-קומען זיין פאַרדינסט מיט סחורות, — ווייל דאָס וואָלט דעם פּראָלעטאַריאַט געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצואַרבעטן דאָס, וואָס ער באַדאַרף.

אָבער דער אונטערנעמער גייט נישט איין אויף דעם, דער אייגנטימער פון אַ גרויסער אויטאָמאָביל-פאַבריק וועט פאַר זיך באַשטעלן אַן אויטאָמאָביל, אָדער אַפילו צוואַנציק אויטאָמאָבילן. אָבער מער קיין אויטאָמאָבילן דאַרף ער נישט האָבן, די איבע-ריקע וועט ער פאַרקויפן און מאַכן געלט. ער דערלויבט נישט, די אַרבעטער זאָלן מאַכן אויטאָמאָבילן פאַר זיך אַליין און נעמט צו אַלץ, וואָס זיי אַרבעטן אויס, ביז איינעם. און אויב דער פאַבריקאַנט געפינט נישט קיין מעגלעכקייט פון אַ ריווחדיקן אָפּזאַץ ווערט די אונטערנעמונג פאַרמאַכט. אויף אַזאַ אַרט פאַר-מינערט דער אייזערנער רייף נישט נאָר דעם פאַרדינסט פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך די פאַרגרעסערונג פון קאַפּיטאַל. לאָמיר באַטראַכטן די פאַרמלחמהדיקע לאַגע. עס האָט עקזיסטירט אַ סיסטעם פון קאָנקורענץ און מיטן אויסנאַם פון עטלעכע פּאַראַ-זיטן, האָבן מיר אַלע געפּראַצעוועט מיט דער פולער אָנשטרענ-גונג פון אונזער ענערגיע. ווען עמיץ זאָל אונז זאָגן, אַז מיר קענען פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע אויף צוויי-דריי מאָל, וואָלטן מיר אים אויסגעלאַכט אין פּנים. אָבער אָט האָט זיך דאָס לאַנד

געפונען אין קריגס-צושטאַנד און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַר-גרעסערן די פּראָדוקציע. מיר האָבן נישט פאַרלאָרן קיין צייט אויף אַמפּעריערן וועגן די רעכט פון פּריוואַט-קאַפּיטאַל, וועגן די סכנות פון ביוראָקראַטיזם און וועגן דערשטיקן די איניציאַ-טיוו. די רעגירונג האָט אָרגאַניזירט אַ קאָנטראָל. זי האָט איבער-גענומען אין איר רשות די אייזנבאַנען און זיי סיסטעמאַטיזירט, זי האָט גענומען די גרויסע אונטערנעמונגען און געגעבן פעסט-געשטעלט, וואָס זיי דאַרפן אויסאַרבעטן, זי האָט גענומען אין באַטראַכט דעם סכום פאַראַנענע רוי-שטאָפן און פעסטגעשטעלט, ווו מ'דאַרף זיי איבעראַרבעטן, זי האָט רעגולירט די פאַרדינסטן, זי האָט איבערגעשיקט מיליאָנען מענטשן פון איין אָרט אויפן צווייטן, פון איין אַרבעט צו דער צווייטער. זי האָט אַפילו פאַרכאַפּט די דערנער-פּראָדוקטן און פעסטגעשטעלט, מיט וואָס מענטשן דאַרפן זיך דערנערן. מיט טויזנט פאַרשיידענע מיטלען האָט זי פאַרניכטעט די קאָנקורענץ און זי פאַרביטן מיט אַן אָרדנונג און אַ סיסטעם. און וואָס זענען געווען די רע-זולטאַטן?

מיר האָבן אָפּגענומען ביי דער אינדוסטרי פינף מיליאָן יונגע מענטשן, אירע בעסטע כחות, מיר האָבן זיי אָנגעטאָן אין אַ פאָרמע, זיי אויסמושטרירט — מיט אַנדערע ווערטער: זיי האָבן באַקומען מער שפּייז, געהאַט בעסערע בגדים און פאַר-ברויכט מער סחורות, וויפל ביין צענטל פון זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרברויכט אין זייער לעבן. מיר האָבן געבויט פאַר זיי לאַגערן און אויסגעאַרבעט פאַר זיי פאַרשיידענע טייערע שפּיל-צייג — ביקסן, באַוואָפענונג, אויטאָמאָבילן און אַעראָפּלאַנען. פאַר צוויי מיליאָן פון זיי האָבן מיר באַצאָלט די רייזע-הוצאות קיין אייראָפּע און מיר האָבן זיי דערלויבט, קומענדיק אַהין, פאַרברענען און פאַרניכטן פאַר אַ מיליאַרד דאָלאַר פּראָדוקטן. און מיר האָבן פאַרזאָרגט מיט אַלעם נישט נאָר אונזער אייגענע אַרמיי, נאָר אויך די אַרמייען פון אונזערע פאַרבינדעטע. פאַר אַ סך מיליאָנען דאָלאַרן האָבן מיר אויפגעבויט שיפן פאַר זיי און זיי אַוועקגעשיקט קיין אייראָפּע; מיר האָבן געשיקט אין איי-ראָפּע — לויט דער פּריוואַטער איניציאַטיוו אָדער אין דער פאָרם פון רעגירונגס-הלוואות — פאַר 10.000.000.000 דאָלאַר סחורות —

מער, ווי אונזער צענפאַכער עקספּאָרט אין אַ נאָרמאַלער צייט.

די אַרבעטסקראַפט, וועלכע האָט זיך געפאָדערט אויף צו פּראָדוצירן דעמדאָזיקן רייכטום, איז אָפּגענומען געוואָרן פון אונזער אינדוסטרי. מ'האָט צוגענומען ביי איר אַרום צען מיליאָן פון די טיכטיקסטע אַרבעטער. אַרום צוויי דריטל פון אונזער פּראָדוקטיווער ענערגיע האָבן מיר פאַרווענדט אויף קריגס-צוועקן און בלויז איין דריטל אויף דער איבעריקער אינדוסטרי. און פונדעסטוועגן האָבן מיר נישט געשפּירט קיין שום מאַנגל דערפון. מיר האָבן געאַרבעט אינטענסיוו, אָבער נישט אינטענסיווער, ווי געוויינלעך. דער רוב פון אונז האָט באַקומען ווינציקער מעל און צוקער, ווי פריער, אָבער קיינער האָט פונדעסטוועגן נישט געהונגערט און קיינער איז נישט קראַנק געוואָרן פון נויט; דער פאַרדינסט פון די אַרבעטער איז גרעסער געוואָרן, און זיי האָבן געלעבט בעסער, ווי פריער. דאָס באַווייזט, אַז ביי אַ ריכטיקער אָרגאַניזאַציע און ביי אַ ריכטיקער פאַרוואַלטונג מיט אונזער אַפּאַראַט, איז ער בכח אַרויסצוגעבן אַ דרייפאַכע פּראָדוקציע, ווי דאָס איז נויטיק דער באַפעלקערונג. אויב אַ דורכשניטלעכער אַרבעטס-טאָג איז ביי היינטיקס טאָג ניין שעה, קומט אויס, אַז ביי אַ ריכטיקער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט קען מען דעמזעלבן סכום סחורות פּראָדוצירן ביי אַ דריי-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג.

איצט וועלן מיר אַ קוק טאָן אויף דער לאַגע פון אַ צווייטן שטאַנדפּונקט. דער העלד פון דער אַמעריקאַנישער געשעפטסוועלט איז ביי היינטיקן טאָג הערבערט הוווער. ה' הוווער האָט נישט לאַנג צוריק געגרינדעט אַ קאָמיטעט, וועלכער באַשטייט נישט פון סאָציאַליסטישע „אוטאָפּיסטן", נאָר פון אינזשיניערן-עקספּערטן. דער ציל פון דאָזיקן קאָמיטעט איז געווען אויסצושטודירן די אַמעריקאַנער פּראָדוקציע-מעטאָדן. די באַריכטן פון קאָמיטעט האָבן דערוויזן, אַז די פּראָדוקטיווקייט פון אונזער אינדוסטרי ביי די היינטיקע מעטאָדן איז נישט מער ווי פינף-און-דרייסיק—פערציק פּראָצענט. דערדאָזיקער קאָמיטעט האָט געמוזט אָנערקענען, אַז פופציק פּראָצענט שולד פאַלט דערפאַר אויף די פאַרוואַלטונגען און בלויז פינף-און-צוואַנציק

פראָצענט — אויף די אַרבעטער. מיט פופצן יאָר צוריק האָט סידנעי א. ריוו פעסטגעשטעלט אין זיין ווערק „די קאָסטן פון קאָנקורענץ", אַז זיבעציק פראָצענט פון דער ענערגיע, וואָס ווערט אָפּגעגעבן אויף דער פּראָדוקציע, ווערט פאַרשווענדעט אומפּראָדוקטיוו. אויף הונדערט פּראָצענט אַרבעט באַקומען מיר בלויז דרייסיק פּראָצענט פון אירע רעזולטאַטן. ווען מיר זאָלן קענען דערגרייכן הונדערט פּראָצענט פון אירע רעזולטאַטן, וואָלטן מיר אויסגעאַרבעט דריי מיט אַ דריטל מאָל מער, און דער יערלעכער פאַרדינסט פון אונזערע אַרבעטער וואָלט זיך פאַרגרעסערט אויף צוויי טויזנט דאָלאַר.

## XV

# וויפל קאָסט אָפּ די קאָנקורענץ

מיר האָבן דערוויזן, אַז די היינטיקע מלחמות זענען אַ רעזולטאַט פון דער עקזיסטירנדיקער ריוח-סיסטעם און ווען די קולטור-פעלקער וואָלטן קאָאָפּערירט זייער אינדוסטרי, וואָלטן זיי פאַרשפּאָרט צו טראַכטן וועגן מלחמות. אין דאָזיקן פאַל וואָלטן מיר געהאַט פערצן מאָל אַזויפיל נוצן פון אונזערע רעגירונגען, פערצנמאָל בעסערע וועגן, פערצנמאָל מער שולעס, אַ פערצנמאָל בעסערע פּאָטשט און אַ פערצנמאָל מער באַפרידיקנדיקן קאָנגרעס. די באַדייטונג, וואָס דאָס אָפּשאַפן מלחמות וואָלט געהאַט פאַר דער אינדוסטרי, קענען מיר זיך אַפילו נישט פאָרשטעלן, — וואָרום דריי-און-ניינציק פראָצענט פון די רעגירונגס-הכנסות ווערן דאָך אויסגעגעבן אויף מלחמה-צוגרייטונגען פלוס אַ ריזיקן פראָצענט פון אונזער גייסטיקער ענערגיע און אונזער ערפינדערישקייט.

צו די היזקות, וועלכע עס פאַרשאַפט אונז די ריוח-סיסטעם, געהערן אויך די היזקות, וועלכע עס פאַרשאַפן די שטרייקן און די הוצאות אויף צו אונטערדריקן זיי. דאָ דאַרפן אַריינגערעכנט ווערן נישט נאָר די דירעקטע היזקות פון דער פאַרלאָרענער אַרבעטס-צייט, נאָר אויך די הוצאות אויף פּאָליציי און געהיים-

פּאָליציי ; דאָס אַלץ מאַכט אויס עטלעכע הונדערט מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. דער אינדוסטריעלער קאַמף דאָס איז יענער מע־טאָד, מיט וועמעס הילף סיי די אונטערנעמער סיי די אַרבעטער ווילן איינשטעלן די פּאַרטיילונג פון די פּאַבריקאַטן ; דאָס איז פּונקט דאָסזעלבע, ווי ווען צוויי, וועלכע האָדעווען הינער, וואָלטן זיך צוקריגט, וועמען עס געהערן די אייער, און אין דער היץ פון קאַמף געגומען וואַרפן די אייער איינער אין צווייטן.

די אַנדערע היזקות ווערן אַרויסגערופן דורך באַנקראָטן. יעדעס יאָר גייען אונטער אומגעפער צען פּראָצענט פון אונ־זערע אונטערנעמונגען — און יעדער באַנקראָט ברענגט מיט זיך מענטשלעכע טראַגעדיעס און אַ שרעקלעכע פאַרשווענדונג פון מענטשלעכער ענערגיע. דער באַנקראָט ווערט אַרויסגערופן דורכן פאַקט, וואָס מיר ווייסן נישט קיין בעסערן אופן ווי צו פאַרטיילן די סחורות, ווי עפּעגען ערגעץ־ווו אַ קראָם און דער־נאָך זיך איבערצייגן, אַז אין דער געגנט איז דאָ גענוג דער מין סחורה.

צו די דערמאָנטע היזקות דאַרף מען צורעכענען אויך די שרפות, וועלכע די באַנקראָטן רופן אַרויס. ס׳קען זיין, אַז איר וועט מיר חושד זיין אין שפּאַסמאַכעריי, אָבער יעדער שפּעטנער סוחרל, וואָס געפינט זיך אונטער דער דראָאונג פון אַ באַנק־ראָט, ווייסט, אַז ער האָט פאַר זיך אַן אויסוועג : אומקומען אָדער פאַרברענען זיינע סחורות ; אין לעצטן פאַל וועלן אים די גרויסע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן העלפן זיך שטעלן אויף די פיס.

דערפון נעמען זיך די היזקות פון גאַנצן פאַרזיכערונגס־וועזן, וועלכע זענען אומפאַרמיידלעך ביי דער עקזיסטירנדיקער ריווח־סיסטעם. די גרויסע אונטערנעמונגען, ווי, למשל, דער שטאָל־טרעסט אָדער די פאָטשט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרזיכערן זיך נישט, זיי זענען גענוג רייך, כּדי זיך אַן עצה צו געבן מיט די געליטענע היזקות. אין דערזעלבער לאַגע וואָלט זיך אויך געפונען אַ נאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג און צו די פאַרזיכערונגען און צו די פּראָצעסן, וואָס זענען מיט זיי פאַרבונדן, וואָלט געגומען אַ סוף.

די רעקלאַמע? כ'וועל נישט איבערטרייבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז זיבעציק פּראָצענט אַנאָנסן-שורהלעך, וועלכע ווערן געדרוקט אין די אַמעריקאַנער צייטונגען און זשורנאַלן, ווערן אויסגעגעבן אומזיסט. מיט אַנדערע ווערטער: עס איז אומזיסט זיבעציק פּראָצענט אַרבעט פון די אַלע, ווער עס האַקט בוימער, אַרבעט אויס און טראַנספּאָרטירט פּאַפּיר, דרוקט און פאַרשפּרייט דרוק-אויסגאַבן. אמת, אַ געוויסער פּראָצענט רעקלאַמע איז נויטיק, אָבער אין דער מערהייט פאַלן איז זי נישט מער ווי אַ שווינדל און אָפּנאַרעריי, וועלכע זענען בלויז נוצלעך דעם פאַרקויפער, אָבער לחלוטין נישט דער געזעלשאַפט.

דאָסזעלבע איז נוגע די קאָמיוואָיאַזשאָרן און די פּאַרמיט-לער און דעם גרעסטן טייל פון טראַנספּאָרטוועזן.

פאַרברעכנס? איך האָב שוין גערעדט וועגן די אונטער-ציינדונגען, כ'וואָלט אויך געקענט דערמאָנען די קעשענע-גנבות, די רויב-אָנפאַלן, די פעלשונגען און אַ סך אַנדערע אַרטן פאַרברעכנס. אמת, עס עקזיסטירן „איינגעבוירענע" פאַרברעכער, אָבער אַזעלכע זענען דאָ ווינציק און זייער אָרט איז אין די שפּיטעלער. באַקענט זיך מיט די פאַקטן פון דער פּאָליציי-סטאַ-טיסטיק פון פאַר און נאָך דער מלחמה — איר וועט איינזען, אַז די צאָל פאַרברעכנס איז קלענער, ווען די אַרבעט זוכט מענטשן, און מער, ווען מענטשן זוכן אַרבעט. כ'ווייס נישט, וויפל עס קאָסט אָפּ דער מלוכה די פּאָליציי, די געריכטן, די תפיסות פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער כ'רעכן, אַז נישט ווינציקער ווי הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן אַ יאָר.

איך האָב שוין גערעדט וועגן דער פאַרענגונג פון די פּראָ-דוקטיווע כוחות ביים מענטשן און מיר בלייבט נאָך איבער צו זאָגן וועגן די שטערונגען, אויף וועלכע עס טרעפט אָן די מענטש-לעכע ערפינדערישקייט. יעדער איינער, ווער עס איז באַקאַנט מיט די גרויסע אונטערנעמונגען, ווייסט, אַז הונדערטער און טויזנטער נוצלעכע ערפינדונגען בלייבן נישט אויסגענוצט. בעת דער מלחמה האָט די רעגירונג צונויפגערופן אַלע קאָנסטרוקטאָרן און די טריאומפאַלע רעזולטאַטן פון זייער אַרבעט איז געווען די אויפריכטונג פון „פרייהייטס-מאָטאָר". אָבער איצט ווילן מיר זיך אומקערן צום קולט פון די פּריוואַט-אינטערעסן און צו דער קאָנ-

קורענץ, — יעדע אונטערנעמונג היט זאָרגעוודיק אָפּ אירע סודות און דערלאָזט נישט, אַז די גאַנצע איבעריקע אינדוסטרי זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצונוצן די פאַרפאָלקאָמונגען, וועלכע זי האָט דערגרייכט. יעדער שפּיאָנירט די אַנדערע, גנבעט די־דאָזיקע סודות, גנבעט זיי אַרויס פון די דערפינדער און שלאָגט זיי אַראָפּ פון מוט.

כ'האָב באַנוצט די ווערטער „שלאָגט זיי אַראָפּ פון מוט" און כ'וואָלט געקענט אָנשרייבן אויף דערדאָזיקער טעמע אַ גאַנץ קאַפּיטל. די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך לחלוטין נישט פאָרשטעלן, וויפל סאָציאַלע ענערגיע עס ווערט פאַרשווענדט צוליב דעם, וואָס די קאָנקורענץ שלאָגט אַראָפּ דעם מענטשן פון מוט. ווער ווייסט, וואָס עס באַטייט דער פאַקט, וואָס די גרעסטע טייל מענטשהייט ווערט שטענדיק פאַרפאָלגט פון שרעק: די אַרבעטער—פון שרעק פאַר אַרבעטסלאָזיקייט, קראַנקהייטן און הונגער, דער קליינער סוחר — פון שרעק פאַרן באַנקראָט, דער גרויסער סוחר — פון שרעק פאַר שלעכטע צייטן און פאַר דער בגידה פון זיינע קאָנקורענטן, דער רייכער לײדיקגײער — פון שרעק באַראַבעוועט צו ווערן, די געזעלשאַפט — פון שרעק פאַר דער מלחמה און אינערלעכע אומאָרדנונגען.

יעדער, ווער עס איז גוט באַקאַנט מיטן געשעפטס-לעבן אָדער מיטן אינדוסטרי-פּראָצעס, וועט זיין ביכולת אָנצווייזן אויף יענע גרויסע אָפּשפּאָרונגען, וועלכע ס'וואָלט מעגלעך געווען צו דערגרייכן, ווען מ'זאָל זיך צוזאַמענריידן מיט די קאָנקורענטן. דערדאָזיקער פאַקט ווערט אַלץ אָפטער און אָפטער דערוויזן דורך די גרויסע אונטערנעמונגען און גראָד ער האָט פאַרוואַנדלט די גרויס-אינדוסטרי אין אַזאַ קראַפט, וועלכע לאַכט זיך אויס פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג און פון געזעץ. ווער וועט דען לייקענען, אַז ווען אונז זאָל געלינגען צו סיסטעמאַטיזירן די פּראָדוקציע און צווינגען די גאַנצע אינדוסטרי צו דינען איין ציל, וואָלטן די רעזולטאַטן פון דער מענטשלעכער ענערגיע דערגרייכט אומגעזעענע הויכ[...].

אַ ביסל פון דעם, וואָס מיר פאַרשווענדן, וועט צוריקשעקען די גוטמוטיקע נאַטור. אויב מיר האָבן פאַרניכטעט אין דער וועלט-מלחמה 16—20 מיליאָן מענטשלעכע לעבנס, דערפון

מיר נאָר אָפּוואַרטן עטלעכע דורות, כּדי דער דראָזיקער היזק זאָל אונז פאַרגאָלטן ווערן. אָבער פאַראַן אויך אַן עפּעס, וואָס מיר וועלן שוין נישט קענען צוריקכאַפּן. ווען מיר פאַרניכטן אין מלחמות אייזן, וועלכן מיר האָבן באַקומען פון דער ערד, וועלן מיר דידאָזיקע הוצאה שוין נישט דעקן, פּונקט ווי מיר וועלן שוין נישט קענען דעקן אַזעלכע אומזיסט-פאַרניכטעטע פייערע שטאָפן, ווי פאָספאַט, שוועבל און פּאָטאַש. ווען מיר האַקן אויס אויף די באַרג-שפּיצעס די וועלדער, רופן מיר דורכדעם אַרויס נישט נאָר ערד-אָפּפאַלן און פאַרפלייצונגען, נאָר מיר פאַרוואַנדלען אויך פרוכטבאַרן באָדן אין אַ וויסטע, וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט זיין דאָס, וואָס זי איז געווען. די כינעזער האָבן דאָס געטאָן אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער און מיר טוען נאָך זייער ביישפּיל; און דער רעזולטאַט? יעדעס יאָר ווערט אַריינגעשווענקט אין ים 600.000.000 פונט פון בעסטן באָדן.

אָט צו וואָס עס דערפירט אונזער סוחרישע אַנאַרכיע.

## XVI

## סאָציאַליזם און סינדיקאַליזם

לאָמיר אָננעמען, אַז מיר קלייבן זיך צו מאַכן אַ סוף צו די פאַרשווענדונגען פון דער קאָנקורענץ און איבערצוביען די אינדוסטריע אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון באַזיס. ווי אַזוי וועט דאַרפן פאָרקומען דידאָזיקע ענדערונג און ווי אַזוי וועט מען דאַרפן אָנפירן מיט דער אינדוסטריע נאָך דער איבערקערעניש?

לאָמיר נעמען אַ.ס ביישפּיל דעם אַמעריקאַנער שטאָלטרעסט. וואָס וואָלטן מיר געדאַרפט ענדערן אין אים, כּדי צו סאָציאַליזירן דידאָזיקע אונטערנעמונג? דער גאַנצער שטאָל פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן געפינט זיך אין די הענט פון אַ אַקציאָנערע געזעלשאַפט, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך אַ פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט זיך אַליין אויסגעוויילט. ביי דער סאָציאַליזירונג וועלן די באַלעבאַטים פון די אַקציעס באַקומען אָנשטאָט

זיי מלוכה-אקציעס, און די דירעקטארן וועלן פארלירן זייערע שטעלעס. מ'וועט אויך דארפן פארבייטן יענע טייל פון דער העכערער אדמיניסטראציע, וועלכע טראכט מער וועגן פינאנסן, איידער וועגן דער פראדוקציע. פארשטייט זיך, אז אויך די קאנטראל איבער דער אונטערנעמונג מוז זיך געפינען אין אנדערע הענט, אין וועלכע — אויף דעם גיבן די פראגראמען פון די פארשיידענע פארטייען פארשיידענע ענטפערס. לאמיר זען, וואס זיי זאגן.

צוערשט — די סאציאליסטישע פראגראם. די סאציאליסטן זאגן: „גיט נאר א קוק, ווי עס ווערט אנגעפירט די פאטשט. זי ווערט קאנטראלירט דורכן פרעזידענט, וועלכער באשטימט א באפולמעכטיקטן. לאמיר איבערגעבן די שטאל-פראדוקציע דער רעגירונג און זאל דער פרעזידענט באשטימען איינעם פון די קאבינעט-מיטגלידער אלס דירעקטאר אדער א קאמיסיע, ווי די צווישן-רעסארטנע האנדלס-קאמיסיע. אויב די שטאל-פראדוקציע ווערט אנגעפירט דורך א וואסער נישט איז ארגאן, וואס פאלט ארונטער דער קאנטראל פון דער רעגירונג — הייסט דאס, אז זי איז סאציאליזירט".

אבער לעצטנס לאזט זיך באמערקן אן אומצופרידנקייט אויך מיט דער פאטשט. די פאטשט-באאמטע, למשל, קלאגן זיך אויף שלעכטע ארבעטס-לוינען און אויף א דעספאטישער באהאנדלונג און זיי דערקלערן, אז מ'נעמט ביי זיי צו אויך די רעכט פון בירגער. די ארבעטער פון דער שטאל-פראדוקציע קלאגן זיך, אז זיי קענען נישט שטרייקן, ווייל די רעגירונג שיקט תיכף ארויס מיליטער, כדי צו דערשטיקן דעם שטרייק, נישט פאנאנדערקלויבנדיק זיך, וועלכער צד עס איז דער גערעכטער. כדי דאס אויסצומיידן, מישט זיך דער פראלעטאריאט אריין אין דער פאליטיק און וויילט אויס זיינע פארשטייער. אבער דידאזיקע פארשטייער ווערן אויף א געהיימניספולן אופן אנגעשטעקט מיטן ביוראקראטישן גייסט און ביים בעסטן ווילן קענען זיי גארנישט אויפטאן. דעריבער קערט זיך דער פראלעטאריאט אפ פון פאליטיק און האט נישט קיין שטארקן חשק, די רעגירונג זאל פארוואלטן מיט דער אונטערנעמונג.

אז איר וועט פארפירן א שמועס מיט דידאזיקע מענטשן,

וועלן זיי אייך זאָגן: „ניין, די פּאָליטיקער פאַרשטייען גאָר־נישט אין דער אינדוסטריע און זענען נישט פעאיק זיך עפּעס אויסצולערנען. דער איינציקער מיטל צו קאָנטראָלירן די אינדוסטריע, דאָס איז די קאָנטראָל פון די פיזישע און גייסטיקע אַרבעטער. מיטן שטאָל־טרעסט קען מען אָנפירן בלויז אויף איין אופן: יעדער אַרבעטער, וואָס איז באַשעפטיקט אין דאָזיקן אינדוסטריע־צווייג, אַלצאיינס, צי אַ מאַן צי אַ פרוי, דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס פולבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דעראָזיקער אינדוסטריע; יעדע פאַבריק שיקט אירע דעלעגאַטן אין גרויסן פּאַרלאַמענט, וווּ עס דאַרפן פאַרטראָטן ווערן אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע. אין דאָזיקן פּאַרלאַמענט וואָלט יעדער געהאַט אַ שטימע דורך זיין דעלעגאַט, אַלצאיינס, ווער ער זאָל נישט זיין, צי אַן אַרבעטער פון דער שטאָל־אינדוסטריע, אַ גאַסן־קערער אָדער אַ ייִנגל, וואָס פאַרקויפט צייטונגען. יעדער באַזונדער וואָלט געשטימט אין זיין וואַרשטאַט און וואָלט אַזוי אַרום אָנטיילגענומען אין דער אָנפירונג מיט דער אַרבעט. דער גרויסער פּאַרלאַמענט וואָלט געוויילט אַן אויספיר־קאָמיטעט מיט אַ פּאָרזיצער בראש און אַזוי־אַרום וואָלט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ רעגירונג פון אַלע אַרבעטער, וואָס ווירקט דורך די אַרבעטער און פאַר די אַרבעטער.

שטודירט מען די פּראָגראַמעס פון סאָציאַליזם און סינדיקאַליזם, באַמערקן מיר, אַז זיי זענען קאָמבינירט אויף פאַרשיידענע אופנים. לאָמיר־זשע באַטראַכטן אַלע סטאַדיעס צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען דאָ אייניקע אינדוסטריע־צווייגן, וועלכע טראָגן א ריין־קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער, ווי, למשל, דער גלאָז־טרעסט, וועלכער איז א פּריוואַט־אייגנטום און איז געבונג שטאַרק נישט נאָר, כּדי צו אונטערדריקן יעדן פּרווו פון זיינע אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן, נאָר אויך יעדן פּרווו פון דער רעגירונג אַריינצומישן זיך אין דער אָנפירונג מיט דער אונטערנעמונג. פון דער צווייטער זייט ווידער שטעלט די פּאָטשט פאָר מיט זיך א ביישפּיל פון מלוכה־סאָציאַליזם, כאָטש אויך דאָ איז פאַרבאָטן די אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן און די פאַרוואַלטונג איז אויף אַזוי ווייט ווילקירלעך, אַז ס׳וואָלט ריכטיקער געווען צו ברענגען

די אַלס ביישפּיל פון מלוכה-קאַפּיטאַליזם. אַנדערע ביישפּילן פון מלוכה-קאַפּיטאַליזם זענען די אַרמיי און דער פלאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ווען מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרטרייבן דעם קייזער צו אַלדע רוחות, האָבן מיר דאָס נישט איבערגעגעבן דעם הער ראָקפעלער, און די אָנהענגער פון „אינדיווידואַליזם" און „קאַפּיטאַליסטישער איניציאַטיוו" איז נישט איינגעפאַלן אונז פאַרצולייגן, מיר זאָלן אָפּגעבן אין אַרענדע אונזער אַרמיי און פלאָט, כדי דער שטאַל-טרעסט און דער טרעסט פון די אַמוניציע-פאַבריקן זאָלן שאַפן זייער אייגענע אַרמיי און זייער אייגענעם פלאָט, וועלכע זאָלן מלחמה-האַלטן פאַר אונז. לויט די מעטאָדן פון מלוכה-סאָציאַליזם איז אָרגאַניזירט די דערציאונג פון אונזערע קינדער און די פאַרזיכערונג קעגן שׂרפות.

ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס די גרענעצן צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם געפינען זיך אין פאַרשיידענע לענדער אויף פאַרשיידענע שטופעס. אין אַמעריקע פירן מיר אַליין אָן מיט אונזערע ביבליאָטעקן, אָבער ס'וואָלט אונז פאַרגעקומען קאָמיש זיך פאָרצושטעלן, אַז דערמיזאַלבן מעטאָד וואָלטן מיר געקענט אָנווענדן אויך אויף אונזערע טעאַטערס.1) אָבער אין אייראָפּע עקזיסטירן מלוכה-טעאַטערס, וואָס זייער קינסטלערישער ניוואָ איז העכער, ווי מ'קען זיך פאָרשטעלן. אין אייראָפּע עקזיסטירן אויך מלוכה-אָפּערעס און אָרקעסטערס — דאָס, וואָס ביי אונז איז דאָס אַ פּאַקטישע מאָנאָפּאָליע פון אונזערע מיליאָנערן. מיר באַטראַכטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די ביבליאָטעקן ווערן אָרגאַניזירט דורך די שטעט, אָבער פונדעסטוועגן זענען מיר געווען צופרידן, ווען קאַרנעדזשי האָט אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק און דורכדעם אונז איינגעשפּאָרט געלט. מיר איז קיינמאָל נישט געווען קלאָר, פאַרוואָס קען די שטאָט אָרגאַניזירן ביבליאָטעקן, אָבער נישט קיין אָפּערע-טעאַטער און נישט קיין צייטונג.

איצט וועלן מיר באַטראַכטן פאַרשיידענע סטאַדיעס צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם. אַ סך גרויסע אָרגאַניזאַציעס פירן

---

1) אין צוויי יאָר אַרום נאָכדעם, ווי דאָס דאָזיקע בוך איז אָנגעשריבן געוואָרן, איז אין אַמעריקע אַרויסגערוקט געוואָרן דער פּראָיעקט צו אָרגאַניזירן אַן אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלן טעאַטער, וועלכער טראָגט אַ האַלב מלוכהשן כאַראַקטער דער עקזיסטירנדיקער „Quild Theater".

דורך עקספּערימענטן, וועלכע זיי רופן אָן „אָנפירונג מיט דער אונטערנעמונג". די אַרבעטער זיצן צוזאַמען מיט די קאַפּיטאַליסטן אין ראַט און האָבן די מעגלעכקייט צו באַהאַנדלען זייער לאַגע. ביז אַ געוויסער גרענעץ איז דאָס די פאַרווירקלעכונג פון סינדיקאַליזם. אַלס סינדיקאַליזם קען אויך באַטראַכט ווערן דאָס, וואָס די שניידער-אַרבעטער אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט זייערע אַרבעטגעבער אַ קאָמיטעט, וואָס האָט פאַר אַ ציל צו שאַפן כּללים, ווי אַזוי אָנצופירן מיט די אונטערנעמונגען און פון צייט צו צייט פעסטשטעלן די הויך פון אַרבעטס-לוין. פאַרשטייט זיך, אַז דיזאָזיקע מעטאָדן קענען וואַריאירט ווערן אויף פאַרשידנערליי אופנים; אין אייראָפּע אַנטוויקלען זיי זיך שנעלער, ווי אין אַמעריקע. אַזוי, למשל, זענען אין איטאַליע אָרגאַניזירט די ערדאַרבעטער. זיי קעמפן קעגן גרויסע גיטער, אין וועלכע עס לעבן קיינמאָל נישט זייערע באַלעבאַטים, זיי אָרדנען איין שטרייקן, סאַבאָטירן, דערנאָך קויפן זיי אָפּ דידאָזיקע גיטער פאַר אַ ביליקן פּרייז און באַאַרבעטן זיי אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. דאָס ווערט פּראַקטיצירט אין איטאַליע שוין אַ יאָר צען און דאָס איז איינע פון די באַדייטנדיקסטע באַוועגונגען אין לאַנד. אָבער די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן איז אין אַמעריקע אַזוי שטאַרק, אַז מ'האָט קיינמאָל דעם אַמעריקאַנישן פאַק נישט דערלויבט צו דערווייזן זיך וואָס-נישט-איז וועגן די דערפאָלגן פון ריינעם סינדיקאַליזם.

וואָס-זשע זענען די סטאַדיעס צווישן סאָציאַליזם און סינדיקאַליזם? זיי זענען זייער צאָלרייך, אָבער עס עקזיסטירן זייער ווייניק סאָציאַליסטן, וועלכע האַלטן זיך פאַר לחלוטין פריי פון די סינדיקאַליסטישע פּרינציפּן פון מלוכה-סאָציאַליזם. די פאָרמול פון אונזער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זאָגט: „סאָציאַלער אייגנטום און אַ דעמאָקראַטישע קאָנטראָל איבער די פּראָדוקציע-געצייג". די ווערטער „דעמאָקראַטישע קאָנטראָל" האָבן שוין אין זיך אַ געוויסן סינדיקאַליסטישן באַדייט, וועלכן מ'קען פאַרשטאַרקן אָדער אָפּשוואַכן, אָפּהענגיק פון טעמפּעראַמענט. אויך צווישן די סינדיקאַליסטן געפינען זיך אַ סך, וועלכע נייגן צום סאָציאַליזם. אַ טייל מיטגלידער פון „אי דעבל-יו דעבל-יו" (די אינדוסטריעלע אַרבעטער פון דער וועלט), למשל, זענען פאַר

פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען און זענען מסכּים מיט די ראַדיקאַלסטע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

## XVI

## אַנאַרכיזם

דאָס וואָרט „אַנאַרכיזם״ ווערט געוויינלעך באַנוצט אַלס סינאָנים פון כאַאָס און אומאָרדנונג, כאָטש אין דעראמתן איז זיין באַדייטונג אַ גאַנץ אַנדערע, און עס באַדייט: די באַזייטיקונג פון מאַכט. די טעאָריע פון די אַנאַרכיסטן פירט אַדורך דעם געדאַנק, אַז די אָרדנונג איז אַן איינגעבאָרענע באַדערפעניש פון מענטשן, און אַז ער וועט דידאָזיקע אָרדנונג איינהיטן אויך פרייוויליק, אָן אַ אויסערלעכן צוואַנג. דער אַנאַרכיסט באַטראַכט די מלוכה אַלס ווערקצייג פון קלאַסן-אונטערדריקונג, וואָס באַרעכטיקט נישט איר עקזיסטענץ. דער אַנאַרכיסט שטעלט זיך פאָר די אינדוסטרי אַלס פרייע פאַראייניקונג פון די אַרבעטער.

די גרעסטע מאָראַליסטן פון דער וועלט זענען געווען אַנאַרכיסטן: יעזוס, שעלי, טאָראָ, טאָלסטאָי און קראָפּאָטקין. אָבער די וועלט קען נישט דערלאַנגען מיט איין שפּרונג צו די אידעאַלן, וועלכע זיי האָבן געפּרעדיקט.—מיר לעבן אין אַ נישט-אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט, און ווי אַזוי דאַרפן זיך די אַנאַרכיסטן באַציען צו איר? עס עקזיסטירן פלאַם-פייערדיקע אידעאַליסטן, וועלכע אָנערקענען נישט קיין שום קאָמפּראָמיסן מיט דער אומגערעכטיקייט; זיי פּרעדיקן די תּיכּפדיקע צעשטערונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה, און דידאָזיקע ענטפערט אויף דעם מיט תּפיסות און פייניקונגען. אַזעלכע זענען די „אַנאַרכיסטן מיט באָמבעס״.

פאַראַן אויך מענטשן, וועלכע רופן זיך אָן „פילאָזאָפישע״ אַנאַרכיסטן, וועלכע שליסן זיך אָן צו דער לערע פון די אַנאַרכיסטן, אָבער זיי זעען נישט קיין מעגלעכקייט, אַז די אַנאַרכיסטישע אידעאַלן זאָלן תּיכּף-ומיד מקוים ווערן. אַנדערע פון זיי שטייען צו צום קאָמוניזם און רופן זיך אָן אַנאַרכאָ-קאָמוניסטן.

צו זיי, למשל, האָט געהערט קראָפּאָטקין, אַנדערע ווידער רופן זיך אָן אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן און שליסן זיך אָן צו די ראַדיקאַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס.

נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע איז די לאַגע פון די אַנאַרכיסטן געוואָרן ביז גאָר אומבאַקוועם, זיי זענען צעפאַלן געוואָרן אויף די איינצלנע גרופּעס, פּונקט ווי אַלע אַנדערע רוסישע פּאָליטישע פּאַרטייען. מ'האָט געמוזט לייזן די פראַגע, וויאַזוי זיך באַציען צו דער נייער מאַכט. די מערהייט איז געבליבן טריי די אייגענע פּרינציפּן און זענען אַרויסגעטראָטן קעגן די באָלשעוויקעס, און געצווונגען די לעצטע אָנצונעמען אומאָנגענעמע מיטלען: אַריינזעצן זיי אין תּפיסה. אָבער מיר, רעכטגלויביקע אַמעריקאַנער, וועלכע זענען געווינט אָנצוואַרפן אין איין הויפן די סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, סינדיקאַליסטן און אַנאַרכיסטן, האָבן אַרויסגעשיקט קיין רוסלאַנד עממאַ גאָלדמאַן און אַלעקסאַנדר בערקמאַן און מיר וווּנדערן זיך, פאַרוואָס געפעלן נישט די אַנאַרכיסטן נישט די סאָוועטישע און נישט די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג.

אייניקע אַנאַרכיסטן האָבן אָבער מודה געווען, אַז אַ רעגירונג איז גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווען זי איז אַן אייגענע. ר. מינאָר, למשל, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע אַנאַרכיסטישע אידעען און איז צוגעשטאַנען צו די קאָמוניסטן און דערקלערט, אַז אַלע אַמפּערייען צווישן די אַרבעטער וועגן די צוקונפטיקע פאַרמען פון דער געזעלשאַפט דאַרפן אָפּגעשטעלט ווערן, און אַז איצט דאַרף זיין אונזער איינציקע זאָרג: אַראָפּוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג. אין אַלע לענדער פון דער וועלט האָט די רוסישע רעוואָלוציע געשאַפן אַזאַ פאַראייניקונגס-פּלאַטפאָרם, זי האָט געענטפערט די קאַפּיטאַליסטן מיט קראַפט אויף קראַפט און אויף אַ ביישפּיל זיי געוויזן, וואָס עס דערוואַרט זיי, אויב זיי וועלן תּיכף ומיד נישט מסכּים זיין ערלעך און פרייוויליק צו דעמאָקראַטיזירן די אינ. וסטרי.

XVIII

# די סאָציאַלע רעוואָלוציע

פּאָליטישע רעוואָלוציעס ברענגען מיט זיך פאַרשידנאַרטיקסטע פאַרוואַלטונגס־פאָרמען. שטעלט זיך נאָר פאָר, אַז עמיצער זאָל פרעגן דעם צווייטן אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע, וויאַזוי פראַנקרייך וואָלט רעגירט געוואָרן ביי אַ רעפּובליקאַנישער אָרדנונג, ווער וואָלט געקליבן דעם פּרעזידענט און דעם פּרעמיער־מיניסטער, וויאַזוי וואָלטן אָרגאַנירט געוואָרן די וואַלן און וואָסערע פולמאַכטן וואָלטן געהאַט די דעפּוטאַטן? ווער קען דערקלערן, פאַרוואָס סיי אין פראַנקרייך סיי אין ענגלאַנד איז די רעגירונג פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַרלאַמענט און איז מחויב צו ענטפערן אויף זיינע אָנפראַגעס? ווער וואָלט געקענט פאָרויסזען, אַז אין ענגלישן קעניגטום וועט זיך די קאָנסטיטוציע אַרויסווייזן אַזוי בויגעוודיק, בעת אין אַמעריקע, וועלכע האַלט זיך פאַר אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, איז די קאָנסטיטוציע פאַרגליווערט געוואָרן אין איין לאַגע, און די מאַכט אָפּצוואַרפן געזעצן געפינט זיך אין די הענט פון אַ רעאַקציאָנערער גרופּע יוריסטן, וועלכע ווערט געקליבן אויפן גאַנצן לעבן?

געוויינלעך פאַרגלייך איך די סאָציאַלע רעוואָלוציע מיט אויסזיצן אַן איי. מיר קוקן אויף אים, און עס זעט אונז אויס צו זיין אַ סאַמע געוויינלעך איי, אָבער פּלוצלונג קומט עפּעס פאָר, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום זעען מיר אָנשטאָט אַן איי — אַ קורטשאַק. מיר ווייסן אָבער, אַז דער קורטשאַק האָט זיך שוין אַ געוויסע צייט פאָרמירט אינעווייניק אין דעם איי. איך ווייס אויך, אַז אין דער היינטיקער צייט פאָרמירט זיך אַ קורטשאַק אויך אין אונזער סאָציאַלן איי, אָבער, באַקאַנט מיט דער גאַנצער קאָמפּליצירטקייט פון די היינטיקע סאָציאַלע באַדינגונגען, נעם איך זיך נישט אונטער פאָרויסצוזאָגן נישט די גרויס, נישט די באַפאַרבונג פון קורטשאַק, נישט יענעם מאָמענט, ווען ער וועט זיך אויספּיקן פון איי.

ס׳קען זיין, אַז נאָך געלונגענער וואָלט געווען צו פאַר־גלייכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע מיטן געבורט פון אַ קינד. אַ גוטער כירורג ווייסט גענוי, וויאַזוי עס קומט פאָר די געבורט, ער ווייסט, אַז אין איר פּראָצעס זענען דאָ טויזנטער אומבאַ־שטימטקייטן און טויזנטער סכנות: ער באַטראַכט בלויז דעם פּראָצעס און איז גרייט צו אַלץ. פאַרן געבורט קומען פאָר חייען, אָבער קיינער קען נישט פאָרויסזאָגן, נאָך וועלכע ווייען עס וועט קומען די געבורט און צי וועט בכלל קומען דערצו. קאַרל מאַרקס האָט געזאָגט: „די קראַפט איז די הייבאַם פון יעדער טראָגעדיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג“. איך זעט אַזוי־אַרום, אַז דער פאַרגלייך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע מיט אַ געבורט איז צוגעטראַכט געוואָרן נישט דורך מיר.

ביי אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע זענען דאָ דריי פאַקטאָרן, וועלכע וועלן זיין אַנדערש אין יעדן באַזונדערן לאַנד, אין יעדער באַזונדער טייל פון לאַנד און אין פאַרשיידענע פּעריאָדן. דער ערשטער פאַקטאָר איז די אינדוסטריעלע לאַגע פון לאַנד, זיינע עקאָנאָמישע פאַקטאָרן. דאָס אינדוסטריעלע לעבן פון ענגלאַנד, למשל, הענגט אָפּ פון קוילן און שיף־פאַרקער. אין די פאַראייניקטע שטאַטן שפּילט דער שיף־פאַרקער אַ קלענערע ראָל, דער־פאַר שפּילן אַ גרעסערע ראָל די אייזנבאַנען. אויפן מזרח פון די פאַראייניקטע שטאַטן שפּילן די הויפּט־ראָל די פאַבריקן און באַטריבן, אויפן מערב־ערדאַרבעט; דער דרום איז אָפּגעשטאַנען אויף אַ גאַנצן דור צוליב דער ראַסע־פראַגע. אין פראַנקרייך האָט די אויבערהאַנט דער גרויס־גרונט באַזיץ, די ערד געפינט זיך אין די הענט פון „קולאַקעס“, וועלכע שטעלן פאָר מיט זיך דעם גרעסטן שטיץ־פונקט פון פראַנצויזישן קאַפּיטאַליזם. פאַר־קערט ווידער, אין פּרייסן זענען די גרויסע גיטער געבליבן אומבאַרירט אין באַזיץ פון דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע. אין אַמעריקע בייט די ערד אָפּט איר באַלעבאָס, איין דריטל פאַרמעס איז באַלאַסטעט מיט היפּאָטעקן, די צווייטע דריטל געפינט זיך אין אַרענדע. אין רוסלאַנד איז כמעט נישטאָ קיין מיטלשטאַנד, בעת אין די פאַראייניקטע [illegible]ן איז דערדאָזיקער שטאַנד — די מערהייט, — די רייכע זענען נאָך נישט לאַנג צוריק אַרויס פון זיינע רייעס און איינגעזאַנצן פאַרבליבן אויף זייער גייסטיקן

גיוורא, נישט געקוקט אויף זייערע אָבשטרענגונגען זיך צו דער־טריבן איבער אים; פון דער צווייטער זייט רייסט זיך אונזער אַבעטער־קלאַס צום מיטלשטאַנד און איז איבערצייגט, אַז אים וועט געלינגען זיך אַריינצוגיסן אין אים, די פאַרשיידענע סטאַדיעס פון דאָזיקן פאַקטאָר אין די איינצלנע לענדער מאַכן אומפאַרמיידלעך אויך די פאַרשיידנקייט פון די איבערקער־מעטאָדן.

דער צווייטער פאַקטאָר איז די אָרגאַניזאַציע און די אַנט־וויקלונגס־שטופע פון פראָלעטאַריאַט. אויך זיי זענען פאַרשידן אין יעדן איינצלנעם לאַנד און אין יעדער טייל פון לאַנד. או־מעטום רייסן זיך אַרבעטער צו אַ אָרגאַניזאַציע און צו בילדונג, און אומעטום שטערט אים דערין דער הערשנדיקער קלאַס. אין איינציקע צווייגן פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי זענען אָרגאַניזירט הונדערט פראָצענט אַרבעטער, אין אַנדערע ווידער, פאַרקערט, זענען זיי לגמרי נישט אָרגאַניזירט. ס'איז קלאָר, אַז אין ערשטן פאַל וועט די איבערקערעניש פאָרקומען זייער פשוט, כמעט אָן בלוט־פאַרגיסונג און אָן דעם מינדסטן שאָדן פאַר דער אינדוסטרי, אין צווייטן וועט זי אָבער ברענגען צו צעשטערונגען און צו אַ רעאָרגאַניזאַציע פון דער אינדוסטרי.

דער דריטער פאַקטאָר איז די לאַגע פון די באַזיצנדיקע קלאַסן און דער ווידערשטאַנד, וועלכן זיי האָבן בדעה צו שטעלן דער סאָציאַלער איבערקערעניש. כ'האָב אַ סך גערעדט וועגן דעם מיט אונזערע אינדוסטריעלע, כ'האָב זיך געווענדט צו אַסטאָרן, צו ראָקפעלערן, צו די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, צו ריכטער און פרעזידענטן, מ'האָט מיר פאַרזיכערט, אַז כ'פאַרליר אומזיסט צייט, אַז דידאָזיקע מענטשן ווילן נישט און קענען נישט זיך עפּעס אויסלערנען און זיך ווענדן צו זייער פאַרשטאַנד און האַרץ איז קינדיש־נאַאיוו. מיר אָבער דאַכט זיך, אַז דער קלאַסן־קאַמף איז געגליכן צו ברוכצאָל, וועלכן מ'קען פאַרגרעסערן, פאַרגרעסערנדיק דעם ציילער אָדער פאַרקלענערנדיק דעם טיילוויי־זער. אָדער אַ צווייטער ביישפּיל: צוויי גרופּעס קעמפן צווישן זיך, קען מען פעסטשטעלן דעם אויסגאַנג פון קאַמף, איבער־צייגנדיק די אָדער יענע גרופּע צו קעמפן ווינציקער אכזריותדיק. שטעלט זיך פאַר צוויי פאַבריקן. איבער דער ערשטער

הערשט אַ געשעפטסמאַן, ער גלויבט אין זיין הייליק רעכט פון אַ אינדוסטריי־אָנפירער, ער שטערט די אַרבעטער צו אָרגאַניזירן זיך, ער דינגט אָן שפּיאָנען, כּדי אויסצוראָמען פון זיין אונטערנעמונג אַלע ראַדיקאַלע עלעמענטן און כּדי צו זייען מחלוקות צווישן די אַרבעטער. אויב זיינע אַרבעטער שטרייקן, רופט ער צו הילף פּאָליציי און שטרייקבּרעכער און מיט אַלערליי מיטלען צעפּלאַקערט ער צווישן די אַרבעטער אַ שנאה צו זיך. ווען די אַרבעטער פאַרכאַפּן זיין פאַבריק, פירן זיי דורך אַ רויטן טעראָר. אויב דער בּאַלעבּאָס שטעלט אַ ווידערשטאַנד, הרגעט מען אים, און זיין חלק אין דער אונטערנעמונג פאַרלירט ער לכל הדעות.

דער בּאַלעבּאָס פון דער צווייטער פאַבּריק איז אַ קלוגער, אויפגעקלערטער מענטש, וועלכער האָט דורכגעשטודירט די סאָציאַלע פּראַגעס און וועלכער האָט אַ באַגריף וועגן זיין אחריות און וועגן דער צייטווייליקייט פון זיין ראָל. זיינע אַרבעטער אַרבעטן אין וואָס מעגלעך בעסערע באַדינגונגען, ער פאַרשליסט נישט פאַר זיי זיינע געשעפטס-ביכער און באַהאַנדלט מיט זיי צוזאַמען די פּראַגעס פון לוין און ריוח. ווען עס קומט אָן אַ קריזיס און אין לאַנד מערקט זיך אַרבעטסלאָזיקייט, זאָגט ער צו די אַרבעטער: „כ׳קען נישט אַרבעטן ביי אַזעלכע באַדינגונגען, אויב איר ווילט, נעמט איבער די פאַבריק, — כ׳בין גרייט אייך צו העלפן, מיט וואָס איך וועל קענען“. ס׳איז קיין ספק נישטאָ, אַז די אַרבעטער וועלן אויסקלייבן דעמדאָזיקן מענטשן אַלס דירעקטאָר, און אויב ער וועט פאַרשטאַנדיק דערציען זיינע זין, וועלן זיי מיט דער צייט פאַרנעמען זיין אָרט. אויף דערדאָזיקער פאַבּריק וועט נישט זיין נישט קיין דיקטאַטור, נישט קיין טעראָר, פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע וועט זיך בהדרגהדיק אויסבילדן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובּליק.

## XIX

# קאָנפיסקאַציע אָדער אַנטשעדיקונג?

פון ענטפער אויף דערדאָזיקער פראַגע הענגט אין אַ גרויסער מאָס אָפּ, צי די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט דורכגעפירט ווערן אויף אַ פרידלעכן אופן אָדער דורך געוואַלט. איידער מיר וועלן לייזן די דאָזיקע פראַגע פּראַקטיש, לאָמיר זי באַהאַנדלען אַבסטראַקט.

ביי די אָנהענגער פון דער אַגראַר-רעפאָרם איז זייער פּאָפּולער פאָלגנדיקע דערציילונג.

איינער אַן ענגלישער גוטבאַזיצער האָט באַגעגנט אויף זיין ערד אַן אומבאַקאַנטן און אים באַשולדיקט אין דעם, אַז ער גייט אַרום איבער פרעמדע ערד. דער אומבאַקאַנטער האָט געפרעגט: „די דאָזיקע ערד געהערט אייך״? — „יאָ״. — „ווי אַזוי האָט איר זי באַקומען״? — „כ׳האָב זי באַקומען פון מיין פאָטער״. — „און ווי אַזוי האָט אייער פאָטער זי באַקומען״? — „אויך פון זיין פאָטער״. און אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען ביז צוועלפטן דור צוריק. ענדלעך האָט דער גוטבאַזיצער דערקלערט וועגן איינעם פון זיינע אבות: „ער האָט געקעמפט פאַר איר״. גלייך נאָכדעם האָט דער אומבאַקאַנטער אַראָפּגענומען דעם סורדוט, פאַרקאַשערט די אַרבל און געזאָגט: „גוט, איצט וועל איך קעמפן פאַר איר מיט אייך״.

אָט דאָס לאָזט זיך זאָגן וועגן דעם אַבסטראַקטן רעכט פון ערד-אייגנטום. קוקנדיק דורך דער פּריזמע פון געשיכטע קען מען זיך איבערצייגן אין דעם, אַז יעדע אַרט ערד-אייגנטום איז דערגרייכט געוואָרן דורך שווינדל און געוואַלט. פּרודאָן האָט אַרויסגעשטעלט אַ פּרינציפּ: „אייגנטום איז — גנבה״, און אַרויסגייענדיק פון דאָזיקן פּרינציפּ, קען מען פעסטשטעלן זיי רעכט פון דער געזעלשאַפט און פאַרניכטן אַלע דאָקומענטן אויף וועלכע עס באַזירט דאָס פּריוואַט-אייגנטום.

פאַרטראַכט זיך נאָר אויף אַ ווײַלע. „אײגנטום איז — גנבה", זאָגט איר. גײט נאָר אָבער אַריבער צום קרעמער אויפן ראָג און דערקלערט אים, אַז אָט דער זאַק געטריקנטע פלוימען, וואָס שטײט אַרויסגעשטעלט אין זײַן פענסטער, געהערט נישט אים. ווער ער אײַך ענטפערן, אַז ער האָט פאַר אים באַצאָלט, אויף דעם וועט איר ענטפערן, אַז די פלוימען זענען אויסגעוואַקסן אויף געגנבעטער ערד, און אַז די קאַפּאַציטעט אויף דער אײַזנבאַן, וועלכע האָט זײ טראַנספּאָרטירט, איז באַקומען געוואָרן דורך שוחד. צי דען וועט דאָס דעם קרעמער איבערצײַגן? ס'הויבט זיך נישט אָן. דאָס וועט אויך נישט איבערצײַגן נישט דעם פּאָליציאַנט, נישט דעם ריכטער. די מערהײט מענטשן איז טיף איבערצײַגט, אַז עס עקזיסטירט עפּעס אַ געזעצלעך אײגנטום. אויב זײ האָבן אַ געוויסע צײַט געצאָלט פאַר דער ערד שטײַערן, גלויבן זײ, אַז דידאָזיקע ערד „געהער" צו זײ.

אָבער וואָס זאָגן דידאָזיקע פאַקטן, ווען מען ווענדט זײ אָן אויף דער עקספּלואַטאַציע-רעכט, וועלכע מ'באַקומט דורך אײַנשאַפן אַקציעס פון שטאָל-טרעסט, למשל? די סאָציאַליסטן פאָדערן: „טראָגט אַרײַן אַ געזעץ-פּראָיעקט, וואָס באַפולמעכטיקט די מלוכה צו עקספּלואַטירן די גאַנצע שטאָל-אינדוסטריע". און גלײַך קומט יעדן אַקציאָנער אײן-אײנציקער געדאַנק: וועט מען אויסקויפן אָדער קאָנפיסקירן מײַנע אַקציעס? אויב מ'זאָל קאָנפיסקירן, וועלן די געריכטן תיכף דערקלערן, אַז דערדאָזיקער געזעץ שטײט אין סתירה צו דער קאָנסטיטוציע, און ס'וועט אויסקומען אָדער איגנאָרירן די מײנונג פון די געריכטן, וואָס דאָס וואָלט געווען אַ רעוואָלוציאָנערע טאַט, אָדער ענדערן די קאָנסטיטוציע. אויב מ'זאָל זיך אַנטשליסן דורכפירן דאָס צווײטע, וועט מען דאַרפן דורכפירן אַ גרויסע אַגיטאַציע-אַרבעט, אויסהאַלטן אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד, אַ קאַמף מיט דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע אין גאַנצן לאַנד, און זיך רעכענען מיט דער נויטווענדיקײט אונטערצוקויפן די וואַל-באַאַמטע.

אַזוי ווי די געזעצלעכע קאָנפיסקאַציע האָט ווײניק האָפנונגען דורכגעפירט צו ווערן, טרעטן אַרויס די סינדיקאַליסטן און זאָגן: „מיר וועלן פאַרכאַפּן די אונטערנעמונגען און וועלן אַ סוף מאַכן צו דער עקספּלואַטאַציע אין האַרצן פון דער אינדוסטריע".

די קאָמוניסטן זאָגן: „מיר װעלן אַראָפּװאַרפן די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג, מיר װעלן צערײַסן די נעצן פון דער בורזשואַזער געזעצמעסיקייט, מיר װעלן אײַנשטעלן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, װאָס װעט אַ סוף מאַכן צו די קלאַסן־פּריװילעגיעס און יעדער אַרט קלאַסן־הערשאַפט". װי אַזױ װעלן מיר זיך באַציען צו די פאַרשײדענע פּראָגראַמעס?

אויב מיר װעלן אָפּקויפן די אַקציעס בײַ די אַקציאָנערן פון שטאָל־טרעסט, טאָ װאָס װעלן מיר דערגרײכן מיט דעם? גאָרנישט, װעלן ענטפערן די אָנהענגער פון קאָנפיסקאַציע, מיר װעלן נאָר ענדערן די פאָרם פון עקספּלואַטאַציע, אָבער די עקספּלואַטאַציע װעט פונדעסטװעגן בלײַבן. די אַקציאָנערן װעלן באַקומען געלט פון דער רעגירונג פון די פאַראײניקטע שטאַטן, און נישט פון שטאָל־טרעסט, אָבער באַקומען װעלן זײ פּאָרט און נישט פאַר זײער אַרבעט, נאָר פאַר דער אַרבעט פון די אַרבעטער. און אין פאַל, װען די רעגירונג װאָלט אָפּגענומען בײַ די אײגנטימער די אונטערנעמונגען פון אַלע אינדוסטרי־צװײַגן, װאָלטן מיר בלויז געהאַט אַן אַנדער פאָרם פון קאַפּיטאַליזם — אַ מלוכה־קאַפּיטאַליזם, אָנשטאָט אַ פּריװאַטן. די רעגירונג װאָלט געקויפט און פאַרקויפט סחורות, זי װאָלט עקספּלואַטירט דעם פּראָלעטאַריאַט, און דעם ריװח װאָלט זי אויסגעצאָלט דעם ירושהדיק־פּריװילעגירטן קלאַס. די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם װאָלט װײטער עקזיסטירט. מער נישט, אָנשטאָט אַ סך קלײנינקע טיראַנען װאָלט דעם אַרבעטער־קלאַס עקספּלואַטירט אײן אַלמעכטיקער טיראַן.

אַזוי טענהן די אָנהענגער פון קאָנפיסקאַציע. אָבער די אָנהענגער פון אַנטשעדיקונג רעקאָמענדירן אָפּצוקויפן די אַקציעס לויט דעם הײַנטיקן פּרײַז: דאַן װאָלט דער ריװח פון די אונטערנעמונגען געהערט נישט פּריװאַטע אײגנטימער, נאָר דער מלוכה

## XX

# די פּראָבלעם פון ערד

שוין צוואַנציק יאָר ווי דער מחבר פון דאָזיקן בוך קוקט זיך צו צום סאָציאַלן פּראָצעס און באַמיט זיך צו לייזן די פראַגע װעגן די מיטלען, וואָס זאָלן לייגן אַ בריק פון דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם צו קאָאָפּעראַציע. ענדלעך איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז דער ערשטער שריט דאַרף זיין פון גייסטיקער נאַטור. די מאַסן מוזן פאָדערן אַ ענדערונג. דאָס באַטייט, אַז די פּראָגראַם דאַרף זיין אויף אַזויפיל פשוט, עס זאָלן זי קענען פאַרשטיין די ברייטע מאַסן. אַ וועלכער נישט איז רעפאָרמאַטאָר קען אויסאַרבעטן אַ פּראַקטיקן פּלאַן און צום סוף זיך אַרויסווייזן פאַר הילפלאָז, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זיי אויפצוקלערן. אַלס ביישפּיל וועל איך ברענגען די רעפאָרם פון אַגראַר-באַשטייערונג, וועלכע האָט אין אַמעריקע אַ סך אָנהענגער און בלייבט פונדעסטוועגן אויפן פּאַפּיר. טעאָרעטיש איז דידאָזיקע באַוועגונג באַרעכטיקט. די ערד – אין דעם זין, ווי עס פאַרשטייען זי דידאָזיקע רעפאָרמאַטאָרן – דאָס זענען אַלע נאַטירלעכע רייכטימער, וואָס שטעלן באמת פאָר מיט זיך אַ ברייטע פעלד פאַר עקספּלאָאַטאַציע; דורך אַ גערעכטער באַשטייערונג פון דער ערד וואָלט באַזייטיקט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע טייל פּריווילעגיעס. דעריבער בין איך גרייט מיט אַלע כוחות אונטערצוהאַלטן דידאָזיקע באַוועגונג, אָבער אין דער פּראַקטיק האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ס'איז אוממעגלעך אויפצוקלערן פאַר די ברייטע מאַסן איר גאַנצע באַדייטונג. דידאָזיקע שטייער-רעפאָרם זעט פאָראויס בלויז איין שטייער: די באַשטייערונג פון ערד און באָדן. אָבער דאַן וועלן נעמען שרייען די באַנקירן, סוחרים און ספּעקולאַנטן: „וואָס, איר וועט באַפרייען פון שטייערן די אַקציעס און ווערט-פּאַפּירן פון די רייכע? און די קאַסע און די צירונג? איר ווילט אַנולירן דעם הכנסה-שטייער און דעם שטייער אויף ירושות און איבערטראָגן די גאַנצע

לאסטן פון די מלוכה-הוצאות אויף די פלייצעס פון קלייב פויערטום?

מיר ווייסן אָבער גאַנץ גוט, וויפל מיטלען עס האָבן די רייכע, כדי אַרומצוגיין דעם הכנסה-שטייער און טיילווייז אויך דעם שטייער אויף ירושות, מיר ווייסן, אַז די עקציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַזיצן די קוואַלן פון די נאַטירלעכע רייכטימער וועלן גאָר שטאַרק אָנגעריִרט ווערן גראָד דורכן דאָזיקן ערד-שטייער, אַז זיי וועלן אים נישט קענען אויסמיידן, און דעריבער טאַקע לייגן זיי איין וועלטן פאַרן גורל פון קלייג-פויערטום. מיר ווייסן, אַז די באַשטייערונג פון קליינעם באָדנ-באַזיץ וועט זיין אַן אומבאַדייטנדיקע לגבי דער באַשטייערונג פון די גרויסגרונטבאַזיצער, אָבער פּרובירט דאָס נאָר אויפקלערן דעם קלייִנפויערטום. כדי ער זאָל דאָס קענען פאַרשטיין איז נויטיק, ער זאָל זיין באַקאַנט מיט אונזער גאַנצער קאָמפּליצירטער עקאָנאָמישער סיסטעם, און דעם רוב פון אונזערע ווילער פעלט דידאָזיקע באַקאַנטשאַפט. אַ סך פשוטער איז צו ווענדן זיך צו די באַנקירן און ספּעקולאַנטן און זאָגן זיי: „גוט, מיינע הערן, אויב איר זאָרגט זיך אַזוי וועגן הכנסה-שטייער, וועגן שטייער אויף ירושות, אַקציעס און ווערט-פּאַפּירן, וועלן מיר זיי לאָזן. מיר גיבן גערן נאָך אייער פאַרלאַנג, דער קליינער פויער זאָל נישט צאָלן קיין שטייערן, עס עקזיסטירן דאָך אָבער מענטשן, וועלכע באַזיצן צוואַנציק מיליאָן אַקער ערד און וועלכע באַנוצן זיי אויס אויף ספּעקולאַציע, דעריבער וועלן מיר איינפירן אַ פּראָגרעסיוון ערד-שטייער, מיר וועלן באַפרייען פון אים ערד-שטחים, וואָס זענען ווערט ווינציקער פאַר טויזנט אָדער צוויי טויזנט דאָלאַר אָבער נאָר מיטן תנאי, אַז זייערע באַלעבאַטים זאָלן זיי אַליין באַאַרבעטן, און מיר וועלן צווינגען צו צאָלן דעם שטייער בלויז די פּערזאָנען און די פאַראייניקונגען, וועלכע באַזיצן גרויסע ערד-שטחים, כדי די, וואָס זייער ערד איז ווערט 2000 דאָלאַר און מער, זאָלן צאָלן זייער גאַנצן ווערט, און די נישט-אויסגענוצטע ערד-שטחים זאָלן זיך באַווייזן אויפן מאַרק".

אין משך פון דריי יאָר האָב איך זיך באַמיט מ'זאָל אָננעמען מיין פּראָגראַם, אָבער קיין איינער פון די פירער פון דער באַוועגונג פאַר ערד-באַשטייערונג איז נישט מסכים געווען מיט

מיר; סוף־כּל־סוף האָט מען מיר דערקלערט, אַז איך האָב בּוגד געווען אין דער באַוועגונג. דאָס קען דינען אַלס ביישפּיל פאַרן אות און פאַרן זינען אין דער סטראַטעגיע פון קלאַסנקאַמף.

ווי איר זעט, קען מען מיין פּראָגראַם איבּערגעבּן אין צוועלעכע ווערטער; מ׳דאַרף נישט אָנרירן נישט די קאָנסטיטוציע, נישט די געזעצן און געבּן דורכדעם די מעגלעכקייט די פּאַטריאָטן אויסצושמירן איר מחבר אין דזשעגעכטס און פעדערן, מ׳וואָלט בּלויז געדאַרפט זאָגן יעדן אָרעמאַן אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן: „אויבּ דו פאַרמאָגסט אַ הייזל און ערד, האָבּ קיין מורא נישט, וועסט נישט צאָלן קיין שטייער, און די פופציק־הונדערט דאָלאַר, וועלכע דו האָסט געצאָלט, וועלן בּלייבּן אין דיין קעשענע. אויבּ דו האָסט ווידער נישט קיין אייגן הייזל, וועלן די פּרייזן סיי אויף זיי סיי אויף דער ערד אַזויפיל אַראָפּפאַלן, אַז דו וועסט עס זיך קענען קויפן, ווייל דערדאָזיקער שטייער וועט אַרויסרייסן פון די ספּעקולאַנטישע הענט די נישט־באַאַרבּעטע ערד. חוצדעם וועט דערדאָזיקער שטייער אָפּציען די אַרבּעטסלאָזע פון די שטעט און וועט אַ סוף מאַכן צו דער מעגלעכקייט אַראָפּצודריקן דעם לוין. דער לוין וועט בּלייבּן פעסט, די פּרייזן אויף פּראָדוקטן וועלן פאַלן, ווייל נייע מיליאָנען ערדאַרבּעטער וועלן נעמען באַאַרבּעטן די ערד. די מלוכה וועט בּאַקומען אַ ריזיקן נייעם שטייער אויסשליסלעך אויפן חשבּון פון די, וואָס אַרבּעטן נישט. דאָסדאָזיקע געלט וועט זי קענען בּאַנוצן אויף צו זאָרגן פאַר די, וועלכע האָבּן זייער גאַנץ לעבּן געפּראַצעוועט און זענען סוף־כּל־סוף אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן מיסט־הויפן. זי וועט אויך קענען פאַרזיכערן נאַרונג און זאָרגעוודיקן אַרומגאַנג יעדן קינד, אַזוי, אַז זיי וועלן אויסוואַקסן געזונטע און נאָרמאַלע מענטשן און וועלן אַריינטראָגן אין דער אַלגעמיינער אַרבּעט זייער חלק".

XXI

## די קאָנטראָל איבערן קרעדיט

פאַרוואָס ווערן די רייכע אַלץ רייכער? דער אגראַר-רעפאָרמאַטאָר וועט אויף דעם ענטפערן: ווייל עס עקזיסטירט אן ערד-מאָנאָפּאָליע, אן אייגנטום-מאָנאָפּאָליע איבער די קוועלן פון די נאַטירלעכע רייכטימער. דער סאָציאַליסט וועט ענטפערן, אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון קאָנטראָל איבער די פּראָדוקציע-מיטלען. אָבער ווען איר קוקט זיך צו נעענטער, ווערט קלאָר, אז ווי באַדייטנדיק עס זאָלן נישט זיין דידאָזיקע פאַקטאָרן, ווערן זיי געשטעלט אין שאָטן דורכן דריטן און וויכטיקסטן: דעם קאָנטראָל איבערן קרעדיט. אַ סך מענטשן באַזיצן ערד, האָבן צו זאָגן איבער די פּראָדוקציע-מיטלען, אָבער נישט זיי זענען די רייכסטע מענטשן, נאָר יענע, וועלכע קאָנטראָלירן דעם קרעדיט, וועלכע זענען פארנומען נישט מיט פּראָדוקציע, נאָר מיט ספּעקולאַציע.

ביי היינטיקער צייט הערשט דאָס געלט איבערן גורל פון מלוכות. וואָס זשע אַזוינס איז געלט? מיר שטעלן זיך עס פאָר אין דער פאָרם פון גאָלדענע און זילבערנע מטבעות אָדער פּאַפּירלעך, וועלכע מ'זאָגט אונז צו איבערצובייטן אויף גאָלד און זילבער. אָבער פונדעסטוועגן ווערן אין אַמעריקע בלויז 5 פּראָצ. פון אַלע טראַנזאַקציעס דורכגעפירט פאַר מזומנים, די איבעריקע 95 פּראָצ. אויף וועקסלען, מיט אַנדערע ווערטער: געלט איז די גרייטקייט פון איינע צו טרויען אַנדערע פערזאָנען אָדער גרופּעס אויף אַ שריפטלעכער התחיבות צו באַצאָלן. דערפון דרינגט אַרויס, אַז געלט איז קרעדיט, און אַז די קאָנטראָל איבערן קרעדיט איז גלייכצייטיק אויך אַ קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע. די פּראָבלעם פון סאָציאַלע ענדערונגען איז אין אַ גרויסער מאָס די פּראָבלעם פון איבערגעבן די קאָנטראָל איבערן קרעדיט פון פּריוואַטע פערזאָנען צו דער געזעלשאַפט.

ווער קאָנטראָלירט ביי היינטיקן טאָג דעם קרעדיט? די

באנקירן. אָבער ווי אזוי? מיר גיבן זיי דידאָזיקע מעגלעכקייט, מיר, די מאסע, וועלכע טרויט זיי אָן איר געלט. אין באנק־סיסטעם איז א קליינע סומע מזומנים דער באזיס פאר א ריזיקער סומע אויסגעפאנטאזירטע מיטלען. דאָס גאנצע פאָדערט, אז די באנק זאָל האָבן א רעזערוו אויף 7—13% פון די דעפּאָזיטן, מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז אויב איר טראָגט אריין אין באנק א דאָלאר, דערקלערט זי אים אלס גלייכווערטיק צו 7—13 דאָלאר און קרעדיטירט אויף דערדאָזיקער סומע. אין דער צייט פון דער מלחמה האָט זיך די קרעדיט־אינפלאציע אנטוויקלט צו אויסערגעוויינלעכע מאָסן. די פעדעראלע בענק מוזן האָבן לויטן געזעץ א גאָלד־רעזערוו פון 40 פראָצ. אָבער אין דעצעמבער פון 1919־טן יאָר האָבן זיך געפונען אין אומלויף אויף 1.000.000.000 פאפירענעס געלט, בעת דער גאָלד־רעזערוו פון די בענק האָט בלויז דערגרייכט א מיליארד. באטראכט זיך נאָר: דידאָזיקע גאנצע מאסע אויסגעפאנטאזירט געלט ווערט געשאפן אויף געזעצלעכן אופן, און אין אונזערע הענט ליגט די מעגלעכקייט זי צו פארניכטן אָדער איבערגעבן אין די הענט פון אן אנדער באלעבאָס, פארשטייט זיך, אז נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיין גענוג קלוג אויף דעם. נעמט, למשל, די פאפירענע געלט, מיט וועלכע עס האָט צו טאָן די ברייטע מאסע. ווי אזוי דערנעמען זיי זיך? מיר גיבן דער מלוכה־באנק דאָס רעכט עס צו דרוקן און לאָזן אין אומלויף. וויפל קאָסט א באנקנאָט דער מלוכה? איין, אמאָל אפילו נישט מער ווי א האלבן פראָצענט פון נאָמינעלן ווערט, און אָט פאלט דער באנקנאָט אריין צו אונז, און וויפל דארפן מיר צאָלן פאר אים?

דאָס ווערט אָנגערופן די טעטיקייט פון געלט־טרעסט, און דאָס איז א קראפט, וועלכע מיר מוזן ארויסרייסן פון אונטערן קאָנטראָל פון פריוואטע פערזאָנען. דאָס איז אונזער הויפּט־אויפגאבע, און די איבעריקע זענען, אין פארגלייך מיט איר, אפילו נישט ווערט אונזער אויפמערקזאמקייט. און דעריבער דערקלער איך אלע סאָציאליסטן, סאָציאַל־רעפאָרמאטאָרן און ארבעטער־פארטייען: אין די ערשטע שורות פון אייער פּראָגראַם דארף זיך געפינען די פאָדערונג וועגן שאפן אין אייער געמיינדע א געזעלשאפטלעכע באנק, וועלכע וועט ארויסרייסן פון די

ספעקולאנטישע הענט די קאָנטראָל איבערן קרעדיט און וועט אים פארווענדן לטובת דעם פאָלק. גיט אכטונג, אז יעדער דאָלאר פון געזעלשאַפטלעכן געלט זאָל ליגן אין דערדאָזיקער באנק, אז דידאָזיקע לעצטע זאָל באשליסן אַלע פראגעס פון געזעלשאפטלעכער פינאנסירונג, אז דידאָזיקע באנק זאָל ארויסשטויסן אלע פריוואטע בענק און פארניכטן זייער ווירקונג.

אויך די מלוכה-באַנק דאַרף דינען דער געזעלשאַפטלעכער באַנק און אָנווענדן איר גאַנצע ענערגיע אויף דעם, כדי אָפּצוּרייסן די ווערגנדיקע האַנט פון די רויבערישע פינאַנסן פון אונזער אינדוסטרי. צי וועלן מיר סאָציאַליזירן די אייזנבאַנען, די קוילנגרובנס, דעם טעלעגראַף און דעם טעלעפאָן? אויב דער באַנקיר, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אונזער צוטרוי, האָט געקענט שאַפן מיליאַרדן און מיליאַרדן אויסגעפּאַנטאַזירט געלט, צי דען וועלן מיר נישט קענען מאַכן דאָסזעלבע פון צוטרוי צו זיך אַליין? און זאָל אייך נישט אָפּשרעקן דאָס וואָרט „אינפלאציע". אויב איר צאָלט היינט פאַר יעדע זאַך צוויי מאָל אַזוי טייער, ווי פאַר דער מלחמה, נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס די באַנקירן האָבן ארויסגעלאָזן צווייסאָל אַזויפיל געלט. דידאָזיקע גאַנצע פארדאָפּלטע געלטסומע געהערט די באַנקירן, וועמען זשע וועט געהערן די ענלעכע סומע, וועלכע מיר וועלן ארויסלאָזן מאָרגן?

דערביי דאַרפט איר נעמען אין אַכט, אַז דאָס שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע באַנק וועט אייך גאָרנישט נישט קאָסטן. אויב אונז וועט איינפאַלן צו פאַרניכטן דורך קאָנקורענץ דעם שטאָלטרעסט, וועט אונז דאָס אָפּקאָסטן עטלעכע הונדערט טויזנט דאָלאַר; אָבער די בענק קען מען פאַרניכטן פשוט דורך אַרויסגעבן אַ געזעץ. די מאַטעריעלע זייט פון באַנק, די ווייסע מאַרמאָרנע זיילן, די בראָנז און דאָס מעבל פון מאהאגני-האָלץ, — דאָס אַלץ איז גאָרנישט אין פאַרגלייך מיטן קאָנטראָל איבער דעם בלוט פון אונזערע אונטערנעמונגען. און דעמדאָזיקן קאָנטראָל קענען מיר לייכט אָפּנעמען ביי די בענק. מיר דאַרפן בלויז לאָזן ביי זיך אונזער „קרעדיט" און אים נישט אָפּגעבן דער וואָל-סטריט,[1] מיר קענען אים פאַרווענדן פאַר די נויטן פון

---

1) דער פינאַנס-צענטער פון ניו-יאָרק און פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אונזער געמיינדע אונטער דער אָנפירונג פון פערזאָנען, וועלכע מיר האָבן אַליין אויסגעוויילט. מיר קענען אויך פאַרכאַפן אונזער גרויסע נאַציאָנאַלע באַנק, וועלכע קאָנטראָלירט 33.000.000.000 פון אונזערע דעפּאָזיטן און די אויף זיי געגרינדעטע הונדערט-מיליאַרדיקע קרעדיטן.

ווען מ׳זאָל וויזן דעמדאָזיקן פּלאַן אַ באַנקיר אָדער אַ געשעפטס-מאַן, וועט ער באַמערקן, אַז די פאַרגרעסערונג פון געלט-סכום וועט אויף קיין האָר נישט העלפן דעם פּראָלעטאַריאַט, די „אינפלאַציע" וועט בלויז אויפשרויפן די פּרייזן. גיט אָבער אַ קוק אויפן פּנים פון באַנקיר אָדער פון געשעפטסמאַן, ווען איר וועט אים דערקלערן, אַז גלייכצייטיק מיטן אַרויסלאָזן ביי־ געלט, וועט די רעגירונג באַשטימען פעסטע פּרייזן. אויב ער איז פעאיק צו טראַכטן וועט ער תּיכּף באַגרייפן, אַז ביי אַזאַ סיטואַציע וועט ער זיך געפינען אין דער ראָל פון אַ נוס אין נוס-קנאַקער, און אַז דער קערן וועט פון אים אַרויסגעשיילט ווערן. ער וועט זאָגן, אַז דאָס איז אומגערעכט, מיר וועלן אים אָבער קענען ענטפערן, אַז פּונקט אויף אַזאַ אופן באַהאַנדלען אונז די בענק און די טרעסטן, ווען זיי פאַרגרעסערן דעם אום-לויף פון געלט און שרויפן גלייכצייטיק אַרויף די פּרייזן.

מיר וועלן נישט זיין אומגערעכט צום באַנקיר און פאַב-ריקאַנט, מיר וועלן אָבער דאַרפן זען נישט צו דערלאָזן, מ׳זאָל זיין אומגערעכט לגבי אונז. זיי וועלן אונז מער נישט קענען אַריינלייגן אין נוס-קנאַקער.

## XXII

## די קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע

די פּראָגראַם פון די אַמעריקאַנער אייזנבאַן-אַרבעטער וועגן דער דעמאָקראַטיזאַציע פון די אייזנבאַנען איז אַנטהאַלטן אין דעם אַזויגערופענעם „ווערטיקאַלן" פּלאַן. אייגנטלעך קען אונזער טראַנספּאָרט תּיכּף סאָציאַליזירט ווערן, ווייל די קאָנסטי-טוציע זעט פאָראויס, אַז „אַלע טראַנספּאָרט- און פאַרבינדונגס-

מיטלען״ קענען געשטעלט ווערן אין רשות פון אַ נאַציאָנאַלער רעגירונג. די קריזיסן, וואָס דויערן שוין יאָרצענדליקער, האָבן געבראַכט אונזערע באַנען אין אַזאַ שווערער פינאַנסיעלער לאַגע, אַז זיי מוזן תּיכּף נאַציאָנאַליזירט ווערן, ווי נאָר זייערע אייגנטימער ווילן זיך אָפּזאָגן ווייטער זיי צו עקספּלואַטירן.

דער „ווערטיקאַלער פּלאַן״ זעט פאָראויס דעם אויסקויף פון די אייזנבאַנען, זייערע אייגנטימער דאַרפן באַקומען אָנשטאָט די אַקציעס מלוכהשע ווערט-פּאַפּירן. די פאַרוואַלטונג איבער די באַנען דאַרף זיך געפינען אין די הענט פון אַ אויפזיכטס-ראַט, וואָס זאָל באַשטיין פון רעגירונגס-פאָרשטייער און אייזנבאַן-אַרבעטער — אַ קאָמבינאַציע פון סאָציאַליזם מיט סינדיקאַליזם. דיזעלבע סיסטעם דאַרף פּראַקטיצירט ווערן בנוגע דעם טעלעגראַף און טעלעפאָן, בנוגע די שטאָטישע באַנען און די איבעריקע פאַר-קערס-מיטלען.

דער „ווערטיקאַלער פּלאַן״ נעמט אויך אַרום די קוילן-, שטאָל- און די אַנדערע גרויס-אינדוסטריען. דידאָזיקע קענען נישט נאַציאָנאַליזירט ווערן אָן אַ ענדערונג פון דער קאָנסטיטוציע, אָבער אַנטשפּרעכנדיקע אָנווייזונגען געפינען זיך פונדעסטוועגן אין דער קאָנסטיטוציע פון די איינצלנע מלוכות. מ׳דאַרף בלויז אויסוויילן אַזעלכע מלוכה-מאַכטן, וואָס זאָלן פאַרטרעטן אונז, די וויילער, און נישט די גרויסע אָרגאַניזאַציעס. דער פאַרבאַנד פון די אייזנבאַן-אַרבעטער האָט שוין אָרגאַניזירט אין קליוולענד (אָהייאָ) זיין אייגענע באַנק, וואָס אַרבעט מיט גרויס דערפאָלג. נעמט דאָס אין אַכט: יעדער גרויסע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע קען האָבן איר אייגענע באַנק, וואָס וועט פינאַנסירן באַשטימטע אינדוסטרי-צווייגן. טראַכט זיך נאָר אַריין אין דעם, ווי לעכער-לעך דאָס איז, וואָס מיליאָנען פּראָלעטאַריער לייגן אַריין זייערע אָפּשפּאָרונגען אין קאַפּיטאַליסטישע בענק, וואָס באַציען זיך פיינטלעך צו פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אונטערדריקן דעם פּראָ-לעטאַריאַט און באַנוצן דאָס געלט אויף פינאַנסירן פּריוואַטע אונטערנעמוגגען. יעדער גרויסער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין וואָלט געדאַרפט האָבן זיין אייגענע געביידע, זיין אייגענע באַנק און פאַרזיכערונגס-געזעלשאַפט, זיינע אייגענע אָפּרו-הייזער און אַ אייגענע שולע, ווו עס זאָלן דערצויגן ווערן די קומענדיקע

פירער. אין יעדער גרויסער שטאַט וואָלטן די אַרבעטער פון דער פּאַרטיי געדאַרפט אַרויסגעבן אַ טעגלעכע צייטונג, וואָס זאָל דערציילן דעם פּראָלעטאַריאַט דעם גאַנצן אמת און אים אָנווייזן דעם וועג צו פרייהייט. דעמדאָזיקן ביישפּיל וואָלטן געדאַרפט נאָכטאָן אויך די פויערשע אָרגאַניזאַציעס. די פּראָלעטאַרישע און פויערשע פאַראייניקונגען וואָלטן זיך געדאַרפט פאַרבינדן און איינפירן אַ קאָאָפּעראַטיוון סחורה-אויסטויש. די אַמעריקאַנער אייזנבאַן-אַרבעטער זענען שוין געקומען צו אַ הסכם מיט די פערמערס וועגן קויפן ביי זיי לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, וועלכע זיי וועלן פאַרטיילן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, וועגן ענלעכע אָפּמאַכן פירן זיי אונטערהאַנדלונגען מיט די שניידער-אַרבעטער און מיט די אַרבעטער פון דער שוך-אינדוסטריע.

דידאָזיקע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועלכע איז שטאַרק אַנטוויקלט אין ענגלאַנד, שטעלט פאַר מיט זיך דעם חוט־השדרה פון דער אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע און פון געזונטן ראַדי-קאַליזם. מיר באַמערקן, אַז דידאָזיקע באַוועגונג באַווייזט זיך אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זי ציט אָפּ די אַרבעטער-געלטער פון קאַפּיטאַליסטישער קאָנטראָל. זי אַנטוויקלט די מענטשן, וועלכע גלויבן אין ברידערלעכקייט, זי גיט זיי אַ ספּעציעלע דערציאונג און ווען עס וועט אָנקומען דער טאָג, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרכאַפּן דעם אינדוסטריע-אַפּאַראַט, וועט דאַן די אַרבעט נישט אָנגעפירט ווערן דורך ליבהאָבער, נאָר דורך מענטשן, וועלכע ווייסן די באַדייטונג פון קאָאָפּעראַציע און ווייסן די וועגן צו איר פאַרווירקלעכונג. די זאַך וואָלט געגאַנגען נאָך בעסער, ווען דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך פאַראייניקן אויך פּאָליטיש און שאַפן אַ מאַכט, וואָס זאָל אונטערשטיצן אים און נישט די באַנקירן.

דער דערפינדער פון דעם פאַרזיכערטן גאָל-מעסער, קינג ס. דזשילעט האָט בשעתו אַרויסגערוקט אַ אינטערעסאַנטן פּלאַן פון סאָציאַליסטישן אויפבוי. דער פּאָליטיקער באַמיט זיך צו לייזן די אינדוסטריעלע פּראָבלעם מיט דער הילף פון דער מלוכה, דער אַרבעטער-פאָרשטייער — מיט דער הילף פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס; פאַרשטייט זיך, אַז הער דזשילעט, אַליין אַ קאַ-פּיטאַליסט, טרוימט צו לייזן דידאָזיקע פּראָבלעם מיט דער הילף

פון גרויסע אָרגאַניזאַציעס. ער ווייזט אָן אויף דעם, אַז דער מאָדערנער טרעסט שטעלט מיט זיך פאָר דעם מעכטיקסטן פּראָדוציר-אַפּאַראַט, וועלכן דער מענטש האָט ווען- נישט-איז געשאַפן. פאַרוואָס-זשע זאָל דאָס פאָלק נישט שאַפן קיין אייגענע טרעסטן, וועלכע זאָלן אָפּקויפן די איצטיקע טרעסטן ביי זייערע איצטיקע אייגנטימער? אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס די. פּראָבלעם-לייזונג לויט דזשילעטן איז פונקט אַזוי ראַדיקאַל ווי ביי די מלוכה-סאָציאַליסטן און ביי די סינדיקאַליסטן. דזשילעט פּראָיעקטירט אַ גיגאַנטישע פאַראייניקונג פון קאָנסומענטן; איר קרעדיט-פעאיקייט וועט אינגיכן איינשלינגען אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, און מיר וועלן אַלע ווערן אירע אַקציאָנערן.

## XXIII

## די נייע וועלט

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, וועט די נייע געזעלשאַפט זיין פאַרשידן סיי אין באַזונדערע לענדער, סיי אין באַזונדערע וועלט-טיילן, אין באַזונדערע אינדוסטרי-צווייגן און אין פאַרשיידענע צייטן. קיינער קען נישט פאָראויסזאָגן, וויאַזוי זי וועט אויסזען, אָבער פונדעסטוועגן וועל איך זיך אין די לעצטע קאַפּיטלען אַרויסזאָגן וועגן מיינע אידעען בנוגע דער אויפבוי פון אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט.

איינע פון די ערשטע פראַגעס איז פאָלגנדיקע: „צי וועט אין דער נייער געזעלשאַפט זיין געלט און אויב נישט, וויאַזוי וועלן זיך אָפּצאָלן אַרבעט און סחורות?” איך וועל ענטפערן אויף דעם, אַז געלט וועט עקזיסטירן און אַז אין דאָזיקן פּרט וועט זיין אַ קוים-באַמערקבאַרער חילוק צום עבר. מער נישט, אין דער נייער געזעלשאַפט וועט יעדער איינער באַקומען פאַר זיין אַרבעט אַ סך מער. מיט אַנדערע ווערטער: זיין קויף-קראַפט וועט באַדייטנדיק פאַרגרעסערט ווערן. צו וואָס פאַרלירן צייט אויף פּראָיעקטירן קרעדיט-צעטעלעך, ווען מיר וועלן האָבן אַן איינגעאָרדנטע סיסטעם פון גאָלדענע, זילבערנע און פּאַפּירענע

בעלט? צו וואָס פּראָיעקטירן אַרבעטס-טשעקן, ווען מיר האָבן אַ באַנק-סיסטעם, וועלכע איז אַלעמען פאַרשטענדלעך? אָבער נאָר דער, ווער עס אַרבעט, וועט באַקומען געלט און ער וועט נישט קענען האָבן קיין געלט אין באַנק און אויסשרייבן טשעקן, איידער ער וועט נישט געבן דער געזעלשאַפט אַ גלייכוואַרטיקע טייל אַרבעט. אויב איר האָט פאַרדינט געלט, קענט איר עס אויסגעבן ווי אייך געפעלט. אָבער דער פּרייז, וועלכן איר וועט צאָלן פאַר סחורה, וועט נישט איבערשטייגן דעם אַליין-קאָסטן-פּרייז פון דער פּראָדוקציע, ווי כ'האָב געשריבן מיט זיבעצן יאָר צוריק אין דער „אינדוסטריעלער רעפּובליק": איר קענט באַשטעלן פאַר זיך אַ זיבנפּיסיקן שפּין פון ברילִיאַנטן; די געזעלשאַפט וועט אייך בלויז פרעגן: „צי האָט איר גענוג אָפּגעאַרבעט, כדי צו באַקומען די נויטיקע געלט אויף צו באַצאָלן פאַרן מאַטעריאַל און פאַר דער אַרבעט?"

די צווייטע פראַגע, וועלכע יעדער שטעלט אומבאַדינגט, זאָגט אַזוי: „צי דען וועט דער פאַרדינסט זיין גלייך?" וועל איך ענטפערן: אי יאָ, אי ניין. עס וועלן עקזיסטירן דריי מינים אָפּצאָלן פאַר אַרבעט: אַ מינימום-פאַרדינסט, וועלכן עס וועט באַקומען יעדער איינער, וואָס איז אַזוי צי אַנדערש פאַרנומען אין דער פּראָדוקציע. דערדאָזיקער פאַרדינסט וועט זיין דער פונדאַמענט. אויף אים וועט אויסגעבויט ווערן די פאַרדינסטן-סיסטעם פאַר ספּעציעלע אַרבעטן, וועלכע קענען נישט געשטעלט ווערן אויף איין ניוואָ. חוץ דעם וועט נאָך עקזיסטירן אַ דריטע אַרט אָפּצאָלונגען פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן, וועלכע געפינען זיך אין באַזונדערע באַדינגונגען.

לאָמיר באַטראַכטן דעם מינימאַלן פאַרדינסט. אין אונזער אוטאָפּישער געזעלשאַפט געפינט זיך צען מיליאָן אַרבעטספעאיקע מענער, וועלכע אַרבעטן אין די שאַכטעס, אויף די פאַבריקן, אין טראַנספּאָרט און קאַנצעלאַריעס. ביי אַ וויסנשאַפטלעך-אַוועקגעשטעלטער אָנפירונג, אויף די בעסטע מאַשינעס קענען דידאָזיקע מענטשן אין אַ שעה אויסאַרבעטן סחורות אויף 60.000.000 דאָלאַר. אַ טייל פון דערדאָזיקער סומע ווערט אָפּגעלייגט אויף איינצוקויפן רוי-שטאָפן און אויף פאַרשיידענע פּראָדוקציע-הוצאות. בלייבן איבער 50.000.000 דאָלאַר אין אַ שעה; מיט אַנדערע

וווּרטער, יעדער אַרבעטער באַקומט אַ מינימאַלן פאַרדינסט פון 5 דאָלאַר אַ שעה אָדער 20 דאָלאַר פאַר אַ פירשעהדיקן אַר-בעטס-טאָג.

וואָס שייך די עיקרדיקע אינדוסטרי־צווייגן, וועט אַ גע-וויסער מלוכה-דעפּאַרטאַמענט דאַרפן פעסטשטעלן מיט אַ מאַטע-מאַטישער פּינקטלעכקייט די שייכותן צווישן אָנבאָט און נאָכפרעג אין אַלע אינדוסטרי-צווייגן אין גאַנצן לאַנד. אויב, למשל, דער נאָכפרעג אויף שוכוואַרג וועט זיך צוליב עפּעס אַ סיבה הויבן און אין דער שוך-אינדוסטרי וועט נויטיק זיין די אַרבעט פון איבעריקע טויזנט מענטשן, וועט די לוין אין דער שיך-אינדוסטרי געהעכערט ווערן אויף 5 אָדער מער סענטן, כדי צוצוציען די נויטיקע אַרבעטס-קראַפט פון אַנדערע אינדוסטרי־צווייגן. אויב עס זענען, פאַרקערט, דאָ צו פיל טראַנספּאָרט-אַרבעטער, ווערט זייער לוין פאַרקלענערט און אַ געוויסער טייל זייערער ווערט אָפּגעצויגן אין אַנדערע אינדוסטרי־צווייגן. דאָס איז נישט קיין ספּעקולאַציע, וואָס הענגט אָפּ פון באַשלוס פון יחידים, נאָר אַן אויטאָמאַטיש-רעגולירטע סיסטעם, וועלכע באַזירט אויף גענויע אויסרעכענונגען. די־דאָזיקע סיסטעם און אונזער היינטיקע אונטערשיידן זיך איינע פון דער צווייטער פּונקט אַזוי, ווי דאָס טרעפן פון אַ גענויער אויסרעכענונג. ביי היינטיקן טאָג ווייסן מיר דאָך נישט, אין וואָסער ציפער עס וועט זיך אויסדריקן דער שיך-נאָכפרעג אין קומענדיקן סעזאָן, מיר ווייסן נישט, וויפל ספּעציאַליסטן מיר האָבן אין דערדאָזיקער בראַנזשע, מיר ווייסן נישט וויפל אַרבעטער ווילן דערלערנען דעם פאַך און, פאַרקערט, וויפל עס ווילן פאַרלאָזן די פאַבריק און ווערן ערדאַרבעטער. פעסטשטעלן דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ פּשוטע זאַך — אַ סך פּשוטער, איידער אויסקלייבן די פּאַסיקע צו מיליטער-דינסט, אויסלערנען די זעלנער און זיי אָפּשיקן אויף יענער זייט אוקינוס.

פאַר דער מלחמה האָט מען ווערבירט זעלנער אויף אַ צוואַנגס-אופן, אָבער אין דער נייער וועלט וועט קיין צוואַנג נישט זיין. יעדער האָט אַ רעכט צו הונגערן, אויב דאָס געפעלט אים, ער קען אַוועקגיין אין די בערג, זיך דערנערן מיט יאַגדעס און ניס, אויב דאָס איז גענוג פאַר אים, קיינער וועט אים נישט

צווינגען זיך געפינען אין אַ באַשטימטן אָרט און אַרבעטן אָן געצאָלט, אויב ער איז נאָר נישט קיין פאַרמשפּטער פאַרברעכער. דעם פרייען בירגער וועט די געזעלשאַפט מעלדן, אַז אויב ער וויל עפּעס קויפן, דאַרף ער דערפאַר באַצאָלן מיט זיין אַרבעט, מיט זיין פּראַצע, און נישט מיט דער פּראַצע פון אַנדערע. אמת, אויך דאַן קען ער, פּונקט ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, גנבענען און אָפּנאַרן, אָבער די נייע וועלט וועט זיך האָבן אירע אייגענע געזעצן קעגן גנבה און שווינדל. דער חלוק צווישן אונזער נייער וועלט און דער קאַפּיטאַליסטישער באַשטייט אין דעם, וואָס נישט אַרבעטנדיק, וועט קיינער נישט קענען באַקומען קיין געלט אויף אַ געזעצלעכן אופן. ביי אַזעלכע באַדינגונגען וועט דער דורכשניטלעכער מענטש גערן אַרבעטן, אָבער די פּראַגע איז, וויאַזוי? אויב ער וויל אַרבעטן איינער אַליין אויף זיין אייגענעם שטייגער, וועט אים קיינער דערין נישט שטערן. ער קען קויפן אַלץ, וואָס אים פאַרגלוסט זיך נאָר, רוימאַטעריאַלן אָדער פאַבריקאַטן. טעאָרעטיש קען אים קיינער נישט פאַרווערן פאָרצולייגן אַנדערע באַאַרבעטן די ערד, אָדער נעמען אין אַרענדע אַ פאַבריק, כדי אַנדערע זאָלן אויסאַרבעטן שוכוואַרג. אָבער פּראַקטיש איז דאָס אוממעגלעך, ווייל די געזעלשאַפט אַרבעט אויס די זעלבע סחורות אין אַ גרויסן מאָסשטאַב אויף די פאַבריקן, וועלכע ווערן אָנגעפירט דורך די אַרבעטער אַליין, אַזוי, אַז דער פּריוואַטער געשעפטס־מאַן האָט גאַנץ ווייניק שאַנסן צוצוציען אַרבעטער אין זיין אונטערנעמונג. די געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען פאַרמאָגן די בייסטע מאַשינעס, זיי ווענדן אָן די בייסטע וויסנשאַפטלעך-אויסגעפּרואָווטע פּראָדוקציע־מעטאָדן, און דעריבער זענען זיי ביכלת אויסצואַרבעטן שוכוואַרג אויף אַזעלכע פּרייזן, וואָס דערלאָזן נישט קיין שום קאָנקורענץ. אמת, עס קענען עקזיסטירן אייניקע ספּעציעלע סאָרטן שיך, וואָס ביי זייער אויסאַרבעטונג קען די פּריוואַטע קאָנקורענץ האָבן אַ געוויסן דערפאָלג. דיזאָזיקע אַרט פּראָדוקציע פאַלט אַרונטער אונטער דער צווייטער סיסטעם פון אַרבעטס-אָפּצאָל, אָבער איידער מיר וועלן צוטרעטן צו איר, מוזן מיר באַהאַנדלען די פּראָבלעם פון דער לאַנדווירטשאַפט.

## XXIV

## די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע

די באַאַרבעטונג פון די פעלדער איז איינע פון די עלטסטע פּראָדוקציע-צווייגן, וואָס זיינע אַרבעטס-געצייג האָבן זיך, אמת, פאַרפולקאָמט, אָבער זיינע סאָציאַלע פאָרמען זענען אַ לאַנגע צייט געבליבן אויף איין מדרגה. דער פויער איז קאָנסערוואַטיוו; די רוסישע באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך באַמיט אים צוצו-ציען צום קאָמוניזם, האָבן בלויז דערגרייכט איינס: די לאַנד-ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע האָט זיך פאַרקלענערט. אין אונזער נייער געזעלשאַפט זענען אַזעלכע טעותן אוממעגלעך. פונדעסט-וועגן האָבן מיר געפונען אַ מיטל צו פאַרניכטן די באָדן-ספּע-קולאַציע און עקספּלואַטאַציע, וועלכע באַזירן אויף ערד-אייגנטום און מיר קענען דעם פויער דערלויבן צו אַרבעטן, וויאַזוי ער איז געוווינט. די ערד „געהערט" די פויערים און די שטאָטישע, ד. ה. זיי קענען באַאַרבעטן די ערד וויפל זיי ווילן, באַצאָלנדיק דער מלוכה איר פולן ווערט. דעריבער קענען זיי ביז אַ גע-וויסער מאָס ספּעקולירן מיט איר, אָדער זי אָפּגעבן אין אַנדערע צו אַנדערע. זיי קענען זי פאַרבעסערן, זיי קענען פאַרקויפן די פאַרבעסערטע ערד, און די נייע באַלעבאַטים וועלן צאָלן דער מלוכה בלויז איר פריערדיקן ווערט.

דער פויער פּראָדוצירט די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, ער קען פאָרן אין שטאָט אַריין און פאַרקויפן זיינע סחורות צו איבערקויפערס, אָבער עס לוינט אים בעסער זיך צו ווענדן אויפן גרויסן קאָאָפּעראַטיוון און מלוכהשן מאַרק. אַזוי ווי עס עקזיסטירט נישט מער קיין פערזענלעכער גוצן, וויל אים קיינער נישט אָפּנאַרן און ער באַקומט דעם פולן ווערט פון זיינע פּראָ-דוקטן. אויב ער וויל זיין גאַנץ לעבן ווייטער אַרבעטן לויטן אַלטן אינדיווידועלן אופן, וועט אים קיינער דערין נישט שטערן, אָבער אין שכנות וועט ער דערזען פאָלגנדיקס: די מלוכה האָט פאַר-וואַרבט אַ קוואַדראַט-מייל באָדן, אַראָפּגענומען די פאַרקאַנעס און

געגרינדעט אַ ווירטשאַפטלעכע קאָמונע. דער גוט ווערט אָנגעפירט דורך פאַכלייט, די ערד ווערט באַמיסטיקט מיט די בעסטע באַמיסטיקונגס-שטאָפן, עס ווערן געזייט די בעסטע זאָמען פון די קולטורן, וואָס זענען אַממייסטן צוגעפּאַסט צום דאָזיקן באָדן, און עס ווערן באַנוצט די בעסטע מאַשינעס. די אַרבעטער פון דערדאָזיקער קאָמונע באַקומען אַ דורכשניטלעכן לוין, זיי וווינען אין ספּעציעל פאַר זיי אויסגעבויטע הייזער און האָבן אַלע נויטיקע באַקוועמלעכקייטן. זיי אַליין שטעלן פעסט פאַר זיך די אַרבעטסבאַדינגונגען און האָבן אין ראַט זייערע פאָרשטייער. צוערשט קוקט דער פויער מיט אומצוטרוי אויפן דאָזיקן עקספּערימענט, אָבער אינגיכן הויבט ער אָן צו באַמערקן, אַז זיינע זין ווייזן אָן אַלץ אָפטער און אָפטער אויף דעם, אַז אויף זייער קליינינקער פערמע וועלן זיי קיינמאָל נישט דעררייכן דעם לוין-מינימום פון דער שכנותדיקער קאָמונע, וואָס ער האַלט דאָרט אין איין וואַקסן, בעת די פּרייזן אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן האַלטן כסדר אין איין פאַלן. די מלוכה איז גרייט איבערצונעמען אונטער איר פאַרוואַלטונג נייע קאָמונעס, זי לייגט פאָר, עס זאָלן זיך פאַראייניקן אומגעפער אַ צוואַנציק פויערים, אויפקויפן די ערד ביי די וואַקלדיקע און אָרגאַניזירן אַ קאָמונע. פריער צי שפּעטער, אָבער דער אַלטער פויער וועט מוזן נאָכגעבן, אויב אָבער נישט, וועלן דאָס טאָן זיינע זין נאָך זיין טויט.

אַזוי אַרום וועלן מיר קומען צו דער נאַציאָנאַלער לאַנדווירטשאַפטלעכער סיסטעם, וועלכע וועט נעמען אין אַכט אַלע באַדערפענישן פון פאָלק און זי וועט אויסנוצן אַלע מעגלעכקייטן פון דער ערד און פון קלימאַט. דער סכום פּראָדוקטן פאַרן אינערלעכן מאַרק און פאַרן עקספּאָרט וועט פעסטגעשטעלט ווערן מאַטעמאַטיש גענוי. מיר ווייסן, וויפל האָלץ מיר דאַרפן האָבן, מיר פאַרזעצן ביימער און באַשיצן זיך פון פאַרפלייצונגען און ערד-אָפּפאַלן. מיר ווייסן, אין וועלכע קאַנטן פון לאַנד קען מען זייען תבואה, ווו-קאַרטאָפל און ריבן; מיר וועלן נישט אַרבעטן מיט פּרימיטיווע מיטלען, און פרויען און קינדער וועלן זיך ביי אונז נישט מאַטערן פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט. מיר האָבן מאַשינעס, וועלכע זייען, און מאַשינעס, וועלכע שניידן.

כ'האָב אַמאָל געלייענט אַ באַריכט וועגן אַ דיסקוסיע
אין קאלקוטער האַנדלס-פּאַלאַטע, ווו מ'האָט אָנגעוויזן, אַז אַ
לאדונג קאַוטשוק איז דרייהונדערט מאָל אַריבער פון האַנט צו
האַנט און די קאָסטן פון דידאָזיקע אָפּעראַציעס האָבן דריי מאָל
איבערגעשטיגן דעם אמתן פּרייז פון דער סחורה. אַזעלכע בייש-
פּילן זענען דאָ טויזנטער. די מערהייט סחורות גייט איבער דורך
צוואַנציק סוחרים, איידער זיי פאַלן אַריין צו אייך. למשל, קרויט:
איר קויפט אים אין קרעמל צו אַכט סענט אַ פונט, און דער
פויער באַקומט פאַר אים בלויז אַ האַלבן סענט.
אין דער נייער וועלט וועט די מלוכה באַקומען אַ גרויסע
הכנסה פון באָדן-שטייער, זי וועט נישט דאַרפן איינמאָל אַ יאָר
צושיקן צו אייך אַ מענטשן, וועלכער זאָל זיך אינפאָרמירן, וויפל
ברילאַנטענע רינגען אייער ווייב פאַרמאָגט און לויט אייערע
פּריוואַטע ידיעות — אויב איר זענט ערלעך — אייך באַשטייערן.
די מלוכה וועט פאָדערן שטייערן בלויז פאַר דעם, וואָס די נאַ-
טור האָט געשאַפן, אָבער די זאַכן, וועלכע אַ מענטש האָט גע-
שאַפן, וועלן זיין פריי פון שטייער. דאָס איז גערעכט, און קיי-
נער וועט דאָס נישט קענען אויסמיידן. די שטייערן וועלן גיין
אויף ביבליאָטעקן, לאַבאָראַטאָריעס, אינפאָרמאַציע-ביוראָס, פאַר
ויכערונג פון פייער, פאַרפלייצונגען און האָגל, אויף פּענסיע
פאַר יינגערע פון אַכצן און עלטערע פון פינף-און-פופציק יאָר.
די מלוכה וועט אויך דאַרפן זאָרגן פאַר קראַנקע און פאַר אַזעלכע,
וואָס זענען נישט אַרבעטספעאיק. די זאָרג וועגן קינדער, דידאָ-
זיקע קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעם, וועט מוזן ציען אויף זיך אַ
באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט אין אונזער נייער געזעלשאַפט.
איצט זענען די קינדער אָפט אַ שווערע לאַסט, ווייל בלויז מיר
אַליין דאַרפן זאָרגן פאַר זיי. מ'עקספּלואַטירט זיי און מ'דערציט
זיי אָפט נישט מיט קיין גרעסערער אויפמערקזאַמקייט, מיט
וועלכער מ'האָדעוועט הינער. אין דער נייער וועלט וועלן מיר
היילִיק אָפּהיטן די אינטערעסן פון קינד און פון יענער געזעל-
שאַפט, וועמעס גליד עס וועט מיט דער צייט ווערן. דערדאָזיקער
געזעלשאַפט זענען נויטיק בירגער, און דעריבער וועט דאָס
שאַפן בירגער זיין פּונקט אַזוי נויטיק און נוצלעך, ווי,
למשל, אַ גוטע גערעטעניש פון בוראַקעס. מיר וועלן אויסצאָלן

אַן אונטערשטיצונג יעדער מוטער, וועלכע דערציט איר קינד, מיר וועלן זיך אָבער איבערלאָזן דאָס רעכט אַכטונג צו געבן, אַז דאָס געלט זאָל ריכטיק אויסגעגעבן ווערן. אין פאַלן ווען מ'וועט פאַרן קינד נישט זאָרגן, וועלן מיר עס אָפּנעמען פון דער מוטער און מיר וועלן עס אָפּגעבן אין איינער פון אונזערע פיר-און-צוואַנציק שעהדיקע שולעס.

מיר ווייסן, אַז די היים איז שוין זייער אַן אַלטע אינסטיטוציע, נאָך עלטער, ווי די לאַנדווירטשאַפט. אָבער פונקט אַזוי, ווי מיר וועלן אויפווייזן די ווינציקערע ריווחדיקייט פון דעם אינדיווידועל-באַאַרבעטן פעלד, אַזוי וועלן מיר איבערצייגן אויך די מוטערס, אַז אַ איינצלנע קיך, אַ איינצל קינדערצימער און אַ איינצלנע וועשערייִ זענען אומפאַרמיידלעך היזקדיקער, ווי קאָאָפּעראַטיווע. ביסלעכווייז וועט זיך אונז מוזן איינגעבן צו פאַרברייטערן דעם געביט פון קאָאָפּעראַציע און פאַרגרעסערן דעם מענטשנס געניס פון לעבן.

## XXV

## די אינטעלעקטועלע פּראָדוקציע

קאַרל קאוטסקי, איינער פון די גייסטיקע פירער פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, גיט אין זיין בוך „די סאָציאַלע רעוואָלוציע“ אַ אָנגענעמבאַרע פאָרמולע וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער נייער געזעלשאַפט: „קאָמוניזם אין דער מאַטעריעלער, אַנאַרכיזם אין דער אינטעלעקטועלער פּראָדוקציע“.

די מאַטעריעלע פּראָדוקציע הענגט אוממיטלבאַר אָפּ פון זאַכן, און אַזוי ווי זייער צאָל איז באַגרענעצט, הייסט עס, אַז יעדער איינער, וואָס האָט זיי אין אַ גרעסערער מאָס, ווי עס מאַכט אויס זיין טייל, באַרויבט דעם אַנדערן, דעריבער זענען ביים פאַנאַנדערטיילן די מאַטעריעלע פּראָדוקטן נויטיק שטרענגע כּללים. גאַנץ אַנדערש באַשטייט די זאַך אין דער אינטעלעקטועלער פּראָדוקציע. דאָ עקזיסטירן נישט קיין צאָל-גרענעצן, יעדער קען שטעלן שעקספּירס אַ דראַמע אָדער שפּילן בעטהאָווענס סאָנאַטע

און זיך באַגייסטערן, וויפל זיין הארץ גלוסט. די מאַטעריעלע פּראָדוקציע קען מען מאַכן אײנפאַרמיק: מיר האָבן גרויסע אונטערנעמונגען, וועלכע אַרבעטן אויס מיליאָנען גלייכע שוועבעלעך-קעסטעלעך, און וואָס אײנפאָרמיקער זיי זענען, צלן בעסער. אָבער אין דער אינטעלעקטועלער פּראָדוקציע פאָדערן מיר אַ וואָס מעגלעכערע פאַרשידנאַרטיקייט.

פאַר אונזער מאַטעריעלער פּראָדוקציע פאַרמאָגט אונזער צייט געזעלשאַפט גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס געהערן צו אַלעמען, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך די אַרבעטער; די סחורות, וועלכע זיי אַרבעטן אויס, ווערן פאַרטיילט צווישן אַלע מיטגלידער פון דער נייער געזעלשאַפט אויף פאַרשיידענע באַדינגונגען. דאָס איז דער „קאָמוניזם אין דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע". פון דער צווייטער זייט גיבן מיר דעם אינטעלעקטועלן אַרבעטער דאָס רעכט צו בויען זיין לעבן לויט זיין אייגענעם איינזען, צו קומען אין באַרירונג מיט גלייך-דענקנדיקע, און מיר באַמיען זיך וואָס ווייניקער צו באַגרענעצן זיין טעטיקייט. דאָס איז דער מעטאָד פון פרייער פאַראייניקונג — „אַנאַרכיזם אין דער אינטעלעקטועלער פּראָדוקציע".

די פראַגע וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען אַ פּשוטע, ווען די מאַטעריעלע און אינטעלעקטועלע פּראָדוקציע וואָלטן זיך קיינמאָל נישט איבערגעפלאָכטן איינס מיטן צווייטן. יעדע אינטעלעקטועלע פּראָדוקציע נויטיקט זיך אין מאַטעריעלע פּראָדוקטן און פאַרקערט. דעריבער דאַרפן מיר פאַראייניקן אונזערעביידע מעטאָדן, און צוליב דעם קומט אונז אויס זיך צוזאַמענצושטויסן מיט אַ קאָמפּליצירטער פּראָבלעם, וואָס כדי זי צו לייזן, נויטיקן מיר זיך אין שטרענג-וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן.

לאָמיר צוערשט באַטראַכטן דעם אינטעלעקטועלן עלעמענט, וואָס טרעפט זיך אין דער פּראָדוקציע פון ריין-מאַטעריעלע זאַכן, ווי, למשל, שוועבעלעך, שוכוואַרג, זייף און אַז. וו. מיר ווילן זיי, פאַרשטייט זיך, נישט אויסאַרבעטן כסדר אויפן אַלטן אופן. פאַרקערט, מיר ווילן כסדר אויפפאָדערן די באַשעפטיקטע אין יעדער פון די דאָזיקע אינדוסטריען, זיי זאָלן שטרעבן צו פאַרבולקאָמען די פּראָדוקציע-מעטאָדן. אין דעם איז פאַראינטערעסירט די גאַנצע געזעלשאַפט, און באַזונדערס די אַרבעטער פון

געגעבענעם אינדוסטרי-צווייג, לאָמיר זאָגן, דער זייף-אינדוסטרי. די זייף-פּראָדוקציע גרינדעט אַן ערפינדונגס-אָפּטיילונג, אין וועלכער עס אַרבעט אַ גרופּע עקספּערטן, געוויילטע דורכן נאַציאָנאַלן ראַט פון די אַרבעטער אין דער זייף-אינדוסטרי. אַלע אַרבעטער פון דער זייף-אינדוסטרי צאָלן, לאָמיר זאָגן, צו פינף סענט אַ טאָג אויף אויסצוהאַלטן דידאָזיקע אָפּטיילונג. אויך די רעגירונג צאָלט פאַר איר אַ געוויסע סומע, חוץ דעם באַשטימט דערדאָזיקער אינדוסטרי-צווייג פּרעמיעס און באַלוינונגען פאַר פאַרפולקאָמען די פּראָדוקציע-מעטאָדן. אויף די פאַרזאַמלונגען פון די אָרטיקע אַרבעטער-גרופּעס פון דער זייף-פּראָדוקציע ווערן געלייענט פאָרטראָגן, וואָס העלפן אַנטוויקלען דאָס גייסטיקע לעבן, וואָס האָבן אַ שייכות נישט נאָר צו דער פּראָדוקציע-טעכניק, נאָר אויך צו לערעס וועגן מלוכה, קונסט, ליטעראַטור און לעבנס-פּראַגעס. איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז די אַרבעטער פון דידאָזיקע זייף-פאַבריקן זענען שוין נישט קיין קנעכט, נאָר פרייע בירגער פון אַ פרייער געזעלשאַפט. זייערע אָרטיקע פאַראייניקונגען פאַרמאָגן אין יעדער שטאָט אייגענע טעאַטערס, אוידיטאַריעס פאַר קאָנצערטן און לעקציעס, און אייגענע צייטונגען.

יעדער אינדוסטרי-צווייג האָט זיינע אייגענע אינטעלעקטועלע פּראָבלעמען, זיינע אייגענע פּרעסע-אָרגאַנען, אין וועלכע זיי ווערן באַהאַנדלט, זיינע אייגענע עקספּערימענטאַלע אָפּטיילונגען, ווו דידאָזיקע פּראָבלעמען ווערן געלייזט. די יונגע אַרבעטער שטרעבן אַריינצופאַלן אין דער אינטעלעקטועלער טייל פון זייער פּראָדוקציע, עס ווערן אויסגעפאָרשט די פעאיקייטן פון יעדן קאַנדידאַט, און זייערע שריפטלעכע פאָרשלאָגן ווערן באַטראַכט דורך עקספּערט-ראַטן. פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער באַגרייפן די נויטווענדיקייט, אַז יעדער איינער, וואָס פאַרמאָגט פעאיקייטן פון אַ דערפינדער, זאָל באַקומען נישט נאָר באַרימטקייט און אָנערקענונג, נאָר אויך אַ געלט-באַלוינונג, און אַז מ'זאָל אים געבן פאַר זיינע עקספּערימענטן צייט און מאַטעריאַל. די עקספּערימענטאַלע אָפּטיילונג איז, אַזוי צו זאָגן, אַן איבערבוי, וואָס ווערט אויפגעשטעלט אויפן דורכשניט-לוין —

דערדאָזיקער פאַרגלייך קען אָנגעווענדט ווערן אויך צו אַלע אַנדערע פאָרמעס פון דער אינטעלעקטועלער פראָדוקציע.

אונזערע קאָמונאַלע פאַפיר-פאַבריקן אַרבעטן אויס פאַפיר, און די דרוקערס זעצן גרייט עס צו פאַרוואַנדלען אין מיליאָנען ביכער? אָבער ווי אַזוי קען מען פעסטשטעלן דעם גייסטיקן אינהאַלט פון די דאָזיקע ביכער? דערפאַר עקזיסטירן פאַרשיידענע מעטאָדן. ערשטנס, דער אינדיווידועלער מעטאָד. איינער אַ מענטש האָט וואָס צו זאָגן און שרייבט אַ בוך; אָבער גלייכצייטיק אַרבעט ער אויף אַ זייף-פאַבריק, ער שפּאָרט אָפּ אַ טייל פון זיין פאַרדינסט און ווען ער האָט שוין אָנגעקליבן די נויטיקע געלט-סומע, גיט ער אָפּ זיין בוך צום דרוק און דערנאָך דעם אָפּגעדרוקטן בוך — אַ בוכהענדלער צום פאַרשפּרייטן. אָדער אַ וואָסער-נישט-איז גרופּע פאַראייניקט זיך אין אַ קלוב אָדער אין אַ וויסנשאַפטלעכער געזעלשאַפט און גיט אַרויס ביכער. דער שרייבער-פאַרבאַנד גיט אַרויס ביכער פון זיינע מיטגלידער, דאָסזעלבע טוט דער דיכטער-קלוב. דאָס איז אַ אַנאַרכיסטישער מעטאָד, אַ מעטאָד פון פרייער פאַראייניקונג. כ׳זע נישט איין קיין שום חיבות, פאַרוואָס ער זאָל נישט עקזיסטירן גלייכצייטיק מיטן סאָציאַליסטישן, צוגלייך מיטן מלוכהשן פאַרלאַג. די מלוכה דאַרף אַרויסגעבן די קלאַסיקער, ווערטערביכער און האַנטביכער. אין אונזער נייער וועלט וועט דער פעדאַגאָגישער פערסאָנאַל געוויילט ווערן דורכן פאָלק, אין די אינטערעסן פון די קינדער, און דעריבער איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז די פעדאַגאָגישע פאַראייניקונגען דאַרפן גרינדן פאַרלאַגן אויף אַרויסצוגעבן לער-ביכער. יעדער איינער קען אָנשרייבן אַ דראַמע אָדער זי אויפפירן. אָבער פונקט ווי דעם אינדיווידואַליסטישן פויער און דער אינדיווידואַליסטישער מוטער, וועט אויך דער פריוואַטער סצענע אויסקומען צו קאָנקורירן מיט די גרויסע געזעלשאַפטלעכע סצענעס, וועלכע פאָדערן אַ העכערן קינסטלערישן ניוואָ און וועלכע באַשווערן שטאַרק די מעגלעכקייט פון קאָנקורענץ. דאָסזעלבע איז מיט דער אָפּער, קאָנצערטן, אַלע קונסטן און וויסנשאַפטן. יעדער איינער קען עפענען אַ פריוואַטע קליניק, אָבער ער וועט דאַרפן אויסהאַלטן אַ קאָנקורענץ מיט די געזעלשאַפטלעכע שפּיטאָלן, און בלויז אַ גאון

וועט זיך דאָס איינגעבן, אויב ער וועט אָנווענדן אין זיין קליניק נייע, דורך אים דערפונדענע מעטאָדן.

איר וועט זאָגן — דאָס איז פּאָליטיק; אָבער אין אונזער נייער וועלט ווערט דאָסדאָזיקע וואָרט נישט באַנוצט אין פאַראַכטנדיקן זינען. מיר זענען איבערצייגט, אַז די געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז דער העכסטער אויטאָריטעט, און דער רוף צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג איז גלייכצייטיק סיי א סאָציאַלער חוב, סיי אַ סאָציאַלע רעכט. כדי אויפצועפענען די וועגן פאַר דעמדאָזיקן רוף, האָט יעדער מענטש אומצייליקע צענטרען פון פרייער, אומאָפּהענגיקער, קאָאָפּעראַטיווער טעטיקייט, און יעדער, וועמען עס איז געקומען אַ נייע אידייע, קען געפינען אַ גרופּע מענטשן, וואָס שטיצן אים אונטער, אָדער שאַפן זיינע אַן אייגענע גרופּע. דאָס איז „אונזער אַנאַרכיזם אין דער אינטעלעקטועלער פּראָדוקציע". דאָס איז דערזעלבער מעטאָד, דורך וועלכן עס זענען געשאַפן געוואָרן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט קלובן, געזעלשאַפטן און קירכעס. די פרומע קאַטוילן וועלן מיט פאַרווּנדערונג דערהערן, אַז די רוימיש-קאַטוילישע קירכע איז א אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציע, אָבער דאָס איז פּאָרט אַזוי. דער קאַטוילישער קירך געהערן אַ סך ערד-שטחים, זי ספּעקולירט מיט אומבאַוועגלעכע גיטער און דעריבער איז זי טיילווייז אַ קאַפּיטאַליסטישער אינסטיטוט; זי האַלט איין אירע מיטגלידער, האַלטנדיק זיי אין דער מורא, און דאָס גיט איר צו דעם כאַראַקטער פון אַ פעאָדאַלן אינסטיטוט; אָבער אויף וויפל אירע מיטגלידער גלויבן אין איר, האָבן זי ליב און אונטערשטיצן זי מיט פרייוויליקע צושטייערס, אויף אַזויפל איז זי אַ אַנאַרכיסטישער אינסטיטוט. סיי די אַנאַרכיסטישע קלובן, סיי די קריסטלעכע קירכעס — זענען פרייע פאַראייניקונגען, וועלכע פאַרפאָלגן אַ וועלכן-נישט-איז באַשטימטן ציל; דער איינציקער חילוק צווישן זיי זענען בלויז די אידייען, וועלכע זיי פאַרפאָלגן.

אין אונזער נייער וועלט האָבן זיך ענלעכע אָרגאַניזאַציעס באַדייטנדיק פאַרמערט און זיי בילדן דעם איבערבוי פון אינטעלעקטועלער טעטיקייט. אין דערדאָזיקער נייער וועלט זענען אַלע מענטשן פריי. זיי זענען נישט נאָר פריי פון אַ וועלכער-

נישט-איז אונטערדריקונג, נאָר אויך פון דער מורא פאַר אונטער־דריקונג, זיי נעמען פשוט און נאַטירלעך אָן אַנטייל אין גייסטיקן לעבן פון דער געזעלשאַפט. די יוגנט וואַקסט אויף אין אַ קלאַסנלאָזער וועלט און ס׳איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז יעדער פון זיי איז געבילדעט און פאַרמאָגט זיינע אייגענע אי־דייען. זיי האָבן דעם נויטיקן פאַרדינסט און זייערע פרייע געלטער גיבן זיי אָפּ די קינסטלער, די מוזיקער און שרייבער, אַ דאַנק וועלכע זיי רוען זיך אָפּ און האָבן הנאה.

XXVI

## די נייע מענטשהייט

די ערשטע און שרעקלעכסטע בייז פון קאַפּיטאַליזם איז די מלחמה. די פּערספּעקטיוון פון די עקאָנאָמישע ענדערונגען, וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט, האָבן די מלחמה איבערגע־געבן אין אַרכיוו אַריין. מיר האָבן צעקלאַפּט דעם אייזערנעם רייף און מיר זענען מער נישט אָפּהענגיק פון אויסלענדישע קאָנצעסיעס און מערק און מיר קענען רואיק בלייבן אין שטוב און אַרבעטן; אַזוי ווי מיר פּראָדוצירן כמעט אַלץ, וואָס אונז איז נויטיק, דאַרפן מיר שוין מער נישט באַדראָען אונזערע שכנים. וויסנדיק דאָס, באַוואָפנען זיך נישט אויך די שכנים. און אויך מיר האָבן נישט קיין גרונט זיך צו באַוואָפנען.

מיר האָבן אַ קליינע, גוט אויסמושטרירטע אַרמיי, אינגאַנצן צעלעכע פּולקן, וועלכע געפינען זיך אין סטראַטעגישע ערטער פון לאַנד. דידאָזיקע אַרמיי באַנוצן מיר אלס פייערלעשער. אוי־כעטום, ווו עס קומט פאָר אַ שׂרפה, אַן ערד־ציטערניש אָדער אַ פאַרפלייצונג איילט דידאָזיקע אַרמיי, כדי צו ראַטע־ווען אָדער אויפצובויען דאָס צעשטערטע. מיר האָבן אויך אַ קליינינקן פּלאַץ פאַר אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען. מיר ווייסן דאָך, אַז מיר זענען נישט קיין אומאָפּהענגיקע נאַציע, נאָר בלויז אַ טייל פון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פעדע־ראַציעס. מיר שיקן אונזערע דעלעגאַטן אין וועלט־פּאַרלאַמענט

און מיר שטעלן אונזערע רייכטימער אין רשות פון דער וועלט־רעגירונג. כדי אויפצוהאלטן די אָרדנונג דארפן מיר בלויז האָבן א קליינינקע ארמיי און א קליינינקן פלאט. מיר הערשן איבער די איבעריקע נאציעס, אָבער מיר אונטערדריקן זיי נישט און אָנשטאָט זעלנער שיקן מיר זיי לערערס, און אזוי ווי אויף דער וועלט זענען דאָ בלויז זייער ווינציק מענטשן, וועלכע האָבן ליב דעם קאמף לשם קאמף, איז אונז לייכט איינצוהאלטן דעם שלום. אויך די אָפגעשטאנענע פעלקער צאָלן מיר פאר זייער פראָדוקציע נישקשהדיקע פרייזן, און די וועלט־רעגירונג קוועטשט נישט אויס ביי זיי דאָס געלט, נאָר זי באנוצט די רייכטימער פון דידאָזיקע לענדער אויף דעם, כדי זייערע יונגע גענעראציעס זאָלן פעאיק זיין צו זעלבסטפארוואלטונג.

וואָסער ווירקונג האָט די נייע אָרגאניזאציע אויף דער פּאָליטישער פראָסטיטוציע און דעם שוחד־סיסטעם? די סאָציאלע רעוואָלוציע האָט אָפּגעמעקט דעם פרעסטיזש פון רייכטום. פאר געלט קען מען איצט קויפן בלויז סחורה, אָבער נישט קיין מאכט און נישט דאָס רעכט צו הערשן איבער אנדערע. איצט האָט יעדער איינער געלט, און קיינער האָט נישט קיין מורא פארן הונגער. אָפּשפּאָרן געלט איז געוואָרן „נישט מאָדערן", פונקט אזוי „נישט מאָדערן", ווי לאָזן א רעוואָלווער אויפן טיש אָדער טראָגן אונטערן וועסט א פאנצער. אזוי־ארום ווערט אונזער פּאָליטיש לעבן אָפּגערייניקט פון דער געלט־ווירקונג. אין אונזער נייער וועלט דערגרייכן מענטשן מאכט מיט דער הילף פון איבערצייגונגען, אָבער נישט דורך קניות. די וועלט איז שוין נישט פול מיט ארבעטסלאָזע, וואָס זענען גרייט צו פארקויפן זייער נשמה פאר דער ערשטער פאָרגעלייגטער ארבעט.

די פּאָליטישע טעטיקייט האָט זיך קאָלאָסאל אנטוויקלט, עס קומען פאָר אומצייליקע פארזאמלונגען און דעבאטן און עס עקזיסטירן אזויפיל פראָפּאגאנדע־געזעלשאפטן, אז מ'קען זיי נישט איבערציילן, אָבער אויך דידאָזיקע לעצטע אָפּערירן מיט פאקטן, און נישט מיטן אינהאלט פון זייערע קאסעס. אונזער נייע וועלט היט גוט אָפּ עס זאָל זיך נישט אויסבילדן א וואָסער־נישט־איז הערשנדיקער קלאַס.

וואָסער ווירקונג האָט דער נייער סדר אויף דער פאר־

ברעכערישקייט? מיר האָבן זיך נאָך נישט לאַנג צוריק באַפרייט פון קאַפּיטאַליזם און מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן צו דערציען די גאַנצע באַפעלקערונג פון די גרויסשטאָט-לעכער, און דעריבער טרעפן זיך נאָך געוואַלט-אַקטן, דערעיקר—פאַרברעכנס אויפן באָדן פון ליידנשאַפט. אָבער די פאַרברעכנס, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן אייגנטום-אינסטיטוט זענען כמעט ווי פאַרשווונדן, און זיי האָבן דאָך אויסגעמאַכט 95 פּראָצ. פון אַלע פאַרברעכנס. זיי זענען פאַרשוווּנדן דערפאַר, ווייל עס לוינט זיך נישט זיי צו באַגיין. יעדער איינער קען באַקומען אַרבעט און אַ דריי-שעהדיקער אַרבעטס-טאָג וועט אים פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ און וועט אָפּשאַפן די מורא צו פאַרלירן זיין סאָציאַלע לאַגע. און כמעט יעדער איינער געפינט איין, אַז אַזאַ פאַרדינסט איז לייכטער, איידער שווינדל און גנבה. דאָס פאַרניכטן די קלאַסנהערשאַפט און דעם רייכטום-פּרעסטיזש האָבן זייער שטאַרק פאַרקלענערט די צאָל פאַרברעכנס. מיר האָבן מער נישט קיין הערשנדיקן קלאַס ליידיקגייערס, וועלכע קענען געבן אַ שלעכטן ביישפּיל. מיר לייגן נישט אַריין קיין געלט אין צירונג און לוקסוס-בגדים, קיינער זאַמלט נישט קיין געלט, ווייל יעדער איז זיכער אין דער מעגלעכקייט צו עקזיסטירן. און ביסלעכווייז וועלן מיר צוגעוווינען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט אַלע פּאָליציאַנטן, תפיסה-שומרים און ריכטער.

ווי האַלט עס מיט די קראַנקהייטן? עס עקזיסטירן שוין נישט קיין קראַנקהייטן, וועלכע עס רופט אַרויס די נויט. די ווינשאַפטלעכע דערגרייכונגען קענען דורך אַלעמען אויסגענוצט ווערן, טובערקולאָז, טיפוס, ראַכיטעס און קינדער-שטערבלעכקייט ווערן קלענער. די קערפּערלעך- און גייסטיק-אומאַנטוויקלטע האָבן קיין מעגלעכקייט נישט איבערצוגעבן זייערע פעלערן דעם קומענדיקן דור. די פּראַגעס פון געזונט פאַרנעמען דאָסזעלבע אָרט, וועלכן עס האָבן פאַרנומען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט די מלחמה, דער קאַמף מיט פאַרברעכנס און סאָציאַלע פּראָטעסטן. די גענעראַלן און אדמיראַלן זענען פאַרביטן געוואָרן דורך אָפּיצירן פון געזונט-פאַרהיטונג, וואָס זייערע באַפעלן פירן מיר אַלע אויס.

די פּראָסטיטוציע? דאָ איז כמעט דיזעלבע לאַגע ווי מיט דער פאַרברעכערישקייט; עס לעבן נאָך צווישן אונז די קרבנות פון סאָציאַלער פאַרדאַרבנקייט, מענער ווי פרויען. די אומגע-צוימטע חיהשע ליידנשאַפטן רופן נאָך אַרויס צום לעבן שלעכטע מידות און עס עקזיסטירט נאָך אַ ראַפינירטע פּאָרנאָגראַפיע. אָבער די פּראָפעסיאָנעלע פאַרדאַרבנקייט איז שוין פאַרשווונדן, ווייל מיר האָבן אויסגעריסן אירע וואָרצלען. אין אונזער קאָמונע זענען די פרויען באמת פריי, נישט מיט דער קאָנווענציאָנעלער פּאָליטישער פרייהייט פון די קנעכטשאַפטס-צייטן, נאָר אויך פריי פון עקאָנאָמישער מינדערווערטיקייט, ווייל די מלוכה האָט אָנערקענט דעם געלט-ווערט פון זייער ספּעציפישער אויפגאַבע צו געבוירן און דערציען קינדער. דערפאַר באַקומען זיי אָן געצאָלט די בעסטע באַהאַנדלונג. די שטובאַרבעט ווערט באַ-טראַכט אַלס מלוכה-דינסט, און חוצדעם, יעדע פרוי, וואָס איז נישט באַלאַסטעט מיט קינדער האָט די מעגלעכקייט צו באַ-קומען אַרבעט. דעריבער דאַרף זיך קיין איין פרוי נישט פאַר-קויפן און דער מאַן דאַרף נישט קויפן קיין פרויען. אמת, דאָס הייסט נאָך נישט, אַז אין דער נייער געזעלשאַפט איז שוין געלייזט די סעקסועלע פראַגע. פאַר אונז בלייבן נאָך צוויי גרויסע פּראָבלעמען, די סעקסועלע און די ראַסע-פּראָבלעם.

די געלערנטע פאַרנעמען זיך אַ סך מיט דער אויגעניק און שטעלן ביסלעכווייז פעסט מעטאָדן פאַר דער פיזישער באַ-נייאונג פון דער ראַסע. מיר זוכן אין דער ליבע סיי די גע-זעצן פון געזונט, סיי גליק. צווישן דער מוטער און דער פּראָ-סטיטוטקע קומט פאַר אַ שווערער קאַמף — אַ קאַמף צווישן דער, וואָס קוקט ערנסט אויף דער ליבע, ווי אויף אַ מיטל צו פאַר-בעסערן די ראַסע, און יענער, פאַר וועלכער ליבע איז -- אַ שפּילצייג. די מענער דאַרפן אויסוויילן צווישן זיי.

די ראַסע-פּראָבלעם. די עקאָנאָמישע פּראָבלעם האָט באַ-דייטנדיק געמילדערט דידאָזיקע פראַגע. די ווייסע אַרבעטער פון צפון ליינטשעווען שוין מער נישט קיין נעגער, וואָס נעמט אָפּ ביי זיי די אַרבעט, און אויפן דרום האָט נישט דער גוט-באַזיצער קיין מעגלעכקייט צו עקספּלואַטירן סיי ווייסע, סיי שוואַרצע קנעכט.

גיט נאָר אַ קוק אויף אונזער שול־יוגנט: שוין נישטאָ צווישן זיי קיין קלאַסן־אונטערשיידן, די רייכע קומען שוין נישט צופאָרן אין אויטאָמאָבילן און רופן נישט אַרויס דורכדעם די קנאה פון די אָרעמע. אַלע שילער ווערן צוגעשטעלט אין שולע דורך געזעלשאַפטלעכע אויטאָמאָבילן און אַלע קינדער טראָגן אַ פאָרמע; דאָס איז אַ פשוט מיטל, כדי צו אונטערדריקן די אַנט־וויקלונג פון עגאָאיזם ביי דער יוגנט. די קינדער זענען געזונט און גליקלעך, די מיידלעך לערנען זיך דענקען, אָנשטאָט צו טראַכטן בלויז וועגן פוצן, און זיי אַנטוויקלען זייער גייסט.

דאָסזעלבע איז אויך גילטיק פאַר אַלע אנדערע אומגעוווינ־שענע אייגנשאַפטן, וועלכע די אַלטע סיסטעם פון קאָנקורענץ האָט אויפגעוועקט — גייציקייט, ביטערקייט און ליסטיקייט, באַ־רימעריי און גאוה. אין דער אַלטער וועלט פלעגן מענטשן פאַר־ניכטן זייערע מיטמענטשן צוליב זייער זיכערקייט און מאַכט, זיי פלעגן פאַרשווענדן זייער פאַרמעגן, כדי אויפצוהיטן די אַזויגע־רופענע „געזעלשאַפטלעכע לאַגע“. מיר האָבן דאָס אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען. מיר האָבן צוגעגרייט דעם באָדן, אויף וועלכן עס וועלן אָנשטאָט שלעכטע מידות אויסוואַקסן טוגנטן; די מענטשן וועלן זיין ערלעך, גוט. אמת, עס וועלן נאָך בלייבן גע־נוג פערזענלעכע חסרונות, וועלכע מען וועט דאַרפן אויסוואָרצלען, און טוגנטן, וועלכע מ׳דאַרף דערציען, אָבער דאָס איז אַ זאַך פון דער צוקונפט. מיר אָבער האָבן דאָ גערעדט בלויז וועגן דעם, וואָס עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן אין דער נייער געזעלשאַפט.

# אינהאַלט:

## דאָס בוך פון גייסט:



## דאָס בוך פון דער געזעלשאַפט:






-------------

